י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)

# די אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע



פארלאג קולטור

ניו יאָרק :: 1922

# איינלייטונג.

די געשיכטע פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע הויבט זיך אן אין דער צייט ווען עס האט זיך געגרינדעט די ערסטע ענגלישע קאלאניע אין אמעריקע, דזשיימסטאון, אין ווירדזשיניא, אין דעם יאר 1607. דער קריעג פאר אומאפהענגיגקייט, וועלכער איז באקאנט אונטער דעם נאמען „רעוואלוציאן“, האט קיין ראדיקאלע ענדערונגען אין דער פאליטישער ארגאניזאציע פון די קאלאניעס ניט געמאכט. נאטירליך, האט דאס וואס זיי האבען זיך אפגעריסען פון ענגלאנד נויטיג געמאכט געוויסע ענדערונגען אין די געזעצען פון די קאלאניעס, אבער דאס זיינען געווען ניט מער ווי געוועהנליכע רעפארמעס, פונקט אזעלבע ווי עס ווערען געמאכט אין דעם גאנג פון דעם וואכעדיגען פאליטישען לעבען. די היינטיגע פאליטישע איינריכטונגען פון דער אמעריקאנער רעפובליק זיינען אלזא ניט דער רעזולטאט פון א פלוצליכער פאליטישער רעוואלוציע, ווי צום ביישפיל אין פראנקרייך, זיי האבען זיך פאמעלאך, שריט ביי שריט, אנטוויקעלט פון די קאלאניאלע איינריכטונגען.

ענגלאנד איז אפילו אין אנפאנג פון זיבעצענטען יאר־הונדערט שוין געווען א פרייע לאנד, ווען מען פארגלייכט זי מיט רוסלאנד אונטער די ראמאנאווס, אדער מיט פראנקרייך פאר דער גרויסער רעוואלוציע. די ענגלישע אימיגראנטען האבען מיט זיך געבראכט קיין אמעריקא די סאציאלע און פאליטישע איינריכטונגען פון זייער היימאט. לאנדאן איז געווען זעהר ווייט, די באפעלקערונג איז געווען צוזעעט און צושפרייט; דאס האט געמאכט די קאלאניעס טהאטזאכליך נאר אומאפהענגיג פון דער בריטישער רעגירונג און האט זיי געגעבען די מעגליכקייט פריי און אומאפהענגיג זיך צו אנטוויקלען.

די ענגלישע קאלאניעס אין נארד אמעריקע זיינען געווען פון

צווייערליי מינים: ערסטענס, די פרייע פויערשע דערפער פון נייד
ענגלאנד, און צווייטענס, די פלאנטאציעס אויפ'ן דרום־ברעג פון דעם
אטלאנטישען אקעאן. עס זיינען אויך געווען איבערגאנגס־פארמען,
אדער געמישטע פארמען.

מיר וועלע באטראכטען יעדען פון די אריגינעלע מינים באזונדער.

---

## ערסטער קאפיטעל

# די ענגלישע קאָלאָניעס אין אמעריקע.

### 1. נ י י - ע נ ג ל א נ ד

דער קערענדעל, פון וועלכען עס זיינען אויסגעוואקסען די שטאט־איינריכטונגען פון נײ־ענגלאנד איז געווען דער דאָרף, אויף ענגליש „טאון". די הייזער פון אלע קאָלאָניסטען זיינען אויסגעבויט געווען איינע לעבען די אנדערע, ווי אין היינטיגען רוסישען דאָרף. ארום דעם דאָרף איז געלעגען דער „קאָמאָן", דער קהל'שער פעלד, אויף וועלכען עס האבען זיך געפאשעט צוזאמען די בהמות פון אלע בעלי־בתים, אויך אזוי ווי אין א רוסישען דאָרף. הינטער דעם קאָמאָן זיינען געלעגען די קאָרן־פעלדער און די לאָנקעס. דעם הויף האָט יעדער איינער געהאט פאר זיך. די וועלדער און דער פעלד, וואו עס האבען זיך געפאשעט די בהמות, זיינען געווען קהל'שע; די אקער־פעלדער און די לאָנקעס האבען געהערט צו דער קהלה, אָבער זיי פלגען איינגעטיילט ווערען פון צייט צו צייט צווישען די בעלי־בתים. און קיינער האָט ניט געקראָגען זיין חלק אין איין שטיק, יעדער האָט געהאט א שטיקעל דאָ, א שטיקעל דאָרטען, צווישען די חלקים פון אנדערע בעלי־בתים, אזוי ווי עס פירט זיך נאָך עד־היום אין די מערסטע רוסישע דערפער.

ווענען דעם קהל'שען לאנד־אייגענטום איז פאר די לעצטע פופציג יאָר זער פיל דעבאטירט געווארען אין רוסלאנד. איינע האָבען עס געהאלטען פאר א גרויסער מעלה, זיי האָבען געהאָפט, אז דערפון קאָן זיך אין רוסלאנד אנטוויקלען א פאָלשטענדיגער סאָציאליזם. דאָס איז געווען די מיינונג פון הערצען און טשערנישעווסקי, וועלכע איז אנגענומען געווארען פון די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

דאָס רוסישע סיסטעם פון קהל'שען לאנד־אייגענטום, די „אָב־

שטשינא", האט געהאט א סך גענגער, וועלכע האבען געהאלטען, אז זי איז א שטערונג פון דעם פארטשריט פון דער פויערשער לאנד־ווירטשאפט: עס טויג ניט וואס יעדער דארף פארלירען צייט אויף צו פארען פון איין שטיק לאנד אויף דעם אנדערען, עס וואלט געווען א סך בעסער, ווען יעדער וואלט געהאט זיין קרקע אין איין שטיק. ווייטער, ווער וועט דאס פארלירען צייט און ארבייט אויף צו פאר־בעסערען זיין שטח לאנד, ווען אין עטליכע יאר ארום קאן זיך טרעפען, אז זיין לאנד וועט איבערגעגעבען ווערען צו אן אנדערען? געוויסע רוסישע געלערנטע, צווישען זיי אויך דער בארימטער רוסישער פראפעסאר קאוואלעווסקי, באהויפטען, אז די רוסישע „אבשטשינא" איז גאר באשאפען געווארען פון דער צארישער רעגירונג, ווייל זי האט פון יעדען פויער געמאנט שטייערען, האט זי אים געזען צו געבען א שטי־קעל קרקע, ער זאל האבען פון וואס זיי צו צאלען.

פלעכאנאוו האט זיך אנגעשלאסען אן דיזע מיינונג אין זיין שטרייט מיט די רוסישע „נאראדניקעס" (די היינטיגע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען און די פאלקס־סאציאליסטען). נאך זיין מיינונג איז די רוסישע אבשטשינא געווען דער פונדאמענט פון דעם רוסישען דעספאטיזם.

דעריבער איז אינטערעסאנט צו וויסען עפעס וועגען דער גע־שיכטע פון אמעריקאנער לאנד־געמיינשאפט. ערסטענס, אין דער צייט ווען עס האט זיך אנגעהויבען די ענגלישע קאלאניזאציע פון אמעריקע איז שוין אין ענגלאנד גופא פון דער לאנד־געמיינשאפט קיין זכר ניט געבליבען. ווייטער האבען די קאלאניסטען קיין שטייערען ניט געצאלט דער בריטישער רעגירונג. פון אנהויב האט יעדער נאר געדארפט געבען צושטייער אויף די הוצאות פון זיין דארף; דערנאך. ווען עס האבען זיך ארום און ארום געגרינדעט אנדערע דערפער, זיי־נען צוגעקומען הוצאות אויף וועגען, בריקען און אנדערע זאכען, אין וועלכע עס זיינען פאראינטערעסירט געווען אלע דערפער פון אומ־געגענד. אבער דער קהל האט ד'זמאלט ווייניג וואס געהאט צו טאן און דעריבער זיינען אלע שטייערען אינאיינעם געווען גאר קליין. אלזא איז גאר ניט נויטיג געווען פאר די בעלי־בתים צו פארטיילען צווישען זיך דאס לאנד אין פראפארציע צו די שטייערען: ס'הייסט, דו צאלסט מער, נאדיר דערפאר א גרעסערען חלק ערד, — אזוי ווי עס

האט זיך געפירט אין רוסלאנד אין יענע געגענדען, וואו די צאלונגען זיינען געווען זעהר הויך.

אין ניי־ענגלאנד איז די לאנד געמיינשאפט אנטשטאנען ניט דער־פאר, וואס מען האט זיך געדארפט איינטיילען מיט די שטייערען. און הגם די לאנד איז געווען קהל'שע, זיינען די קאלאניעס דארט געווען פריי; ס'הייסט, שווערע צאלונגען צו דעם שטאט און דעספאָ־טיזם האבען דערמיט גארנישט געהאט וואס צו טאן.

די לאנד־געמיינשאפט אין ניי־ענגלאנד איז אויסגעוואקסען פון די אומשטאנדען, אונטער וועלכע די געגענט איז באזעצט געווארען. מיט צוויי־דריי הונדערט יאר צוריק זיינען די ערסטע קאלאניסטען יעדע מינוט געשטאנען אין סכנה פון די אינדיאנער. צו וועהרען זיך געגען די אנפאלען פון די ווילדע, האבען זיי געמוזט זיך באזעצען אין דער־פער. אבער אז א גרויסע צאל פויערים וואוינען אין איין דארף, מוז דאך אויסקומען איינעם צו קריגען זיין שטיק לאנד נאהנט צום דארף און דעם אנדערען זעהר ווייט. יעדער איינער האט זיך גע־נויטיגט אין זיין שכן, ער זאל וואוינען אין דארף. דעריבער האט מען זיך געמוזט ווי עס איז אויסמארקירען: די חלקים לאנד, וואס זיינען געווען ניט ווייט פון דארף, האט מען געשניטען קלענער, די ווייטערע חלקים זיינען געווען גרעסער, און מען האט געווארפען גורל, צו וועמען זאל וואסער חלק געהערען. ווען די לאנד איז געווארען באזעצט און די אינדיאנער זיינען פארטריבען געווארען אין דעם ווייטען מערב, איז געווארען איבריג, אלע זאלען וואוינען צוזאמען אין איין דארף. די לאנד איז צוטיילט געווארען אויף אלעמאל, די פארמערס האבען זיך אויסגעבויט הייזער אויף זייערע פארמס, אזוי ווי ס'פירט זיך היינט. לאנד־געמיינשאפט איז אפגעשאפט געווארען, אבער די קהלה איז געבליבען: זי רופט זיך „טאונשיפ".

די קהלה האט אן אייגענע רעגירונג. די ארגאניזאציע פון דער רעגירונג האבען די קאלאניסטען מיטגעבראכט מיט זיך פון ענגלאנד. אין ענגלאנד איז די דארפישע קהלה אין דעם זיבעצענטען יארהונדערט געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון דעם לארד, צו וועלכען עס האט געהערט די לאנד, אויף וועלכער זיי זיינען געזעסען. צו גלייכער צייט אבער האבען די איינוואוינער פון דעם דארף באלאנגט צו א קירכליכער געמיינדע, וועלכע איז געווען גאנץ אומאפהענגיג פון דעם לארד. עס איז געווען אזוי ווי אין דעם לעצטען יארהונדערט אין די

אידישע „מיעסטעטשקעס" אין ליטע: עס איז געווען די „מיעס־טשאנסקע אפשטשעסטווע", וואס איז געשטאנען אונטער דער אויפ־זיכט פון דער רעגירונג און דער אידישער קהלה, וועלכע איז טאט־זאכליך געווען אומאפהענגיג פון דער רעגירונג (ווייל די רעגירונג האט איר ניט אנערקענט). די ערסטע קאלאניסטען האבען באלאנגט צו די רעליגיעזע סעקטען, וועלכע זיינען געווען זעהר אריינגעטאן אין גאט. דאס זיינען געווען די „פיוריטאנס".*) די ענגלישע שטאטס־קירכע האט געוואלט ארויפלעגען איהר האנט אויף די געמיינדעס פון די פיוריטאנס, דאס האט זיי געטריבען קיין אמעריקא. זיי זיינען ניט געפארען איינציגווייז, ווי היינט צו טאג, — אזא זאך איז מעגליך היינט, ווען מען קומט שוין אין א פארטיגען לאנד, — צו יענער צייט, ווען מען איז געפארען אין א וויסטעניש, האט מען געמוזט ארויספארען אין קאמפאניס, מען זאל ניט פארפאלען ווערען. גאנצע „קאנגרעגיישאנס" (קירכליכע געמיינדעס) פלעגען אויסוואנדערען צו־זאמען. אויף דעם אופן איז די קירכליכע געמיינדע געווארען דער פונדאמענט פון דער זעלבסט־פארוואלטונג אין די דערפער פון די קאלאניעס.

דער צענטער פון דעם גאנצען קהל'שען לעבען איז געווען די „מיטינג"־הויז, די קהל'שע שטיבעל. אלע זונטאג פלעגט דער עולם אהין קומען דאווענען, און דארטען פלעגט זיך צונויפקלייבען דער דאר־פישער מיטינג, אויף וועלכען עס פלעגען באזארגט ווערען אלע קהל'שע געשעפטען. דער וויכטיגסטער קהל'שער געשעפט איז געווען צו באשטייערען די איינוואוינער אויף קהל־זאכען, דעריבער האבען אין דיזע מיטינגס אנטייל גענומען אלע בעלי־בתים. די באאמטע פון דער דארפישער פארוואלטונג זיינען געווען די „סעלעקט מען", פאר־טרויענס־מענער, אזוי ווי די אופראווע אין רוסלאנד, א קלוירק, ס'הייסט א שרייבער, א „מיידהינג מען", ס'הייסט בוכשטעבליך אויף רוסיש „דעסיאטסקי", א פאליסמאן, און „אסעסאר", ס'הייסט א סבארשציק און דער גלייכען. אלץ איז געווען צוגעפאסט צו זעהר אן איינפאכען דארפישען לעבען.

דאס רוב טאונשיפס אין ניי־ענגלאנד זיינען שוין לאנג געווארען

---

*) „פיוריטי" מיינט ריינקייט. זיי זיינען באשטאנען אויף דער „ריינקייט" פון דער אמונה, — א סארט „אומקאמפראמיסליכקייט", אויף דעם אמעריקאנער סאציאליסטישען פארטיי־זשארגאן.

פאבריק־שטעטלאך, אבער די גאנצע פארוואלטונג זייערע בלייבט נאך עד היום דיזעלבע ווי אין יענע צייטען, ווען זיי זיינען געווען פאר־מערשע דערפלאך. דער אונטערשיד איז נאר, וואס היינט צו טאג זיינען אלע מאנספערזאנען עלטער פון 21 יאר בארעכטיגט צו באַ־טייליגען זיך אין דעם טאון־מיטינג. דער פרינציפ אבער בלייבט דער־זעלבער: נאר יענע האבען א דעה אין קהל'שע געשעפטען, וועלכע צאלען שטייערען, אבער יעדער איינער ווער ס'איז פולע איין־און־צוואנציג יאר אלט מוז צאלען א „פאל טעקס", א קאפּ־שטייער, וואס מען האט אין רוסלאנד גערופען „פאדושנאיא".

שוין באלד פון אנהויב פון דער קאלאניזאציע אין נייע־ענגלאנד איז נויטיג געווארען א גרעסערער פארבאנד איידער א דארף. א פאר־טיגען מוסטער האבען די קאלאניסטען געפונען אין דער ענגלישער קאונטי; אבער אין נייע־ענגלאנד האט זיך די קאונטי קיינמאל ניט אנטוויקעלט אין א לעבעדיגען פאליטישען ארגאניזם, עס איז געבליבען ניט מער ווי א געריכטליכער און אדמיניסטראטיווער צענטער.

די שטאטס־רעגירונג אין נייע־ענגלאנד איז אויסגעוואקסען פון די האנדעלס־קאמפאניעס. אין יענע צייטען האט ענגלאנד אונטערשטיצט מיט אלע מיטלען די קאלאניזאציע פון ווייטע לענדער. צו דעם צוועק פלעגט די רעגירונג ארויסגעבען פריווילעגיעס צו האנדעלס־קאמפּאַ־ניעס, זיי זאלען אליין זיין די רעגירונג אין די קאלאניעס. אויף דעמ־זעלבען פלאן האבען די פּיוריטאנער אויך געקראגען א טשארטער פון דער ענגלישער רעגירונג. דער טשארטער האט זיי געגעבען די מעג־ליכקייט צו גרינדען א טעאקראטיע*) אין מאסאטשוזעטס.

אין זייערע טאונשיפּס האבען די פּיוריטאנער אריינגענומען נאר אזוינע מענשען, וואס האבען באלאנגט צו זייער גלויבען. דער קהל און די קירכען־געמיינדע זיינען צוזאמענגעשמאלצען געווארען אין אן ארגאניזאציע, וועלכע איז געווען גאנץ אויטאנאם. קיינער האט ניט געקענט געהערען צום קהל, ווען ער איז ניט געווען א מיטגליד פון דער קירכע. די טאונשיפּס האבען אויסגעקליבען פארטרעטער פאר די „דזשענעראל קאורט", וועלכע איז געווען צו גלייכער צייט אי א גע־ריכט, אי א געזעצגעבענדע קערפּערשאפט. די פּיוריטאנער האבען אין זייער קירכליכער ארגאניזאציע ניט געהאט קיין העכערע באאמטע

*) ס'הייסט א רעגירונג פון דער קירכע, ענליך צו דער אידישער רעגי־רונג אין דער צייט פון די שופטים.

איידער דער באסטאר פון דער דארפישער קירכע. די קירכע איז אלזא אפיציעל צוזאמענגעשמאלצן געווען מיט דעם שטאט נאר אין דער דארפישער רעגירונג, אבער פאקטיש האט די קירכע געהערשט אומעטום. יעדער איינער איז מחויב געווען צו געהן אין קירכע דאור נען. ווען מען האט איינעם געפונען שולדיג אין אפיקורסות, האט מען אים אריינגעזעצט אין טורמע, אדער ארויסגעשיקט פון דער קאלאניע. ספעציעל אכזריות'דיג האבן די געזעצן פ ון די פיוריטאנער פאר־פאלגט די קווייקערס: מען האט זיי געשמיסן מיט קאנטשיקעס, מען האט זיי באשניטען די אויערן, געברענט די צינגער מיט הייסע אייזענס. ווען עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיט די אלע מיטלען קען מען פארט נים בייקומען די אפיקורסים, איז ארויסגעגעבן גע־ווארען א געזעץ, אז אויב אן ארויסגעשיקטער קווייקער וועט קומען צוריק, זאל ער פאר'משפט ווערען צום טויט. אויפ'ן גרונד פון דעם געזעץ האט מען פיר קווייקערס געהאנגען. אלזא, די פיוריטאנער, וועלכע זיינען פאר זייערע איבערצייגונגען פארפאלגט געווארען אין ענגלאנד, זיינען אין אמעריקא אליין באלד געווארען פארפאלגער. אזעלכע זאכען זיינען גאר ניט זעלטען אין דער געשיכטע. אפילו היינט צו טאג זעהען מיר אזוינע ביישפילען דארטען וואו מען האט געמעגט ערווארטען טאלעראנץ, ווי צום ביישפיל אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואלוציע. דער היסטאריקער גאלדווין סמיט גיט וועגען דעם די פאלגענדע ערקלערונג:

„עס איז א טעות צו דענקען, אז די פיוריטאנער האבען פאר־לאזען זייער היימאט אום צו פראקלאמירען דעם פרינציפ פון פרייהייט פון גלויבען און דערנאך זיינען זיי אויף א שענדליכען אופן עובר געווען דעם פרינציפ מיט זייער אייגענעם האנדלען. זיי זיינען געקו־מען ניט צו פראקלאמירען דעם פרינציפ פון פרייהייט פון גלויבען — אזא פרינציפ האט זיך זיי קיינמאל ניט גע'חלומ'ט אפילו — זיי זיי־נען געקומען מיט דעם צוועק צו גרינדען א רעליגיעזע געזעלשאפט אויף זייער אייגענעם שטייגער, וואו זיי זאלען קענען לעבען א גייס־טיגען לעבען, אזוי ווי זיי האבען געשטרעבט".

די פארפאלגטע סעקטען האבען זיך געווענדעט צו דער ענגלישער רעגירונג, זי זאל זיך פאר זיי אננעמען. זייערע קלאגען האבען גע־בראכט דערצו, אז די בריטישע רעגירונג האט מבטל געווען דעם משארטער פון מאסאטשוזעטס און האט געשיקט אהין א קעניגליכען

גובערנאטאר. דער געזעץ, אז צו האבען דאס שטימרעכט מוז מען געהערען צו דער קירכע, איז אפגעשאפט געווארען. אנשטאט דעם איז איינגעפירט געווארען אן אייגענטום־צענז. מאסאטשוזעטס האט אויפגעהערט צו זיין א טעאקראטיע און איז געווארען א קעניגליכע קאלאניע. אבער חוץ דעם האט די בריטישע רעגירונג ניט אנגערירט די איינריכטונגען פון מאסאטשוזעטס.

די סעקטאנטען, וואס די פּוריטאנער האבען ארויסגעטריבען, האבען געגרינדעט אן אייגענע קאלאניע לעבען מאסאטשוזעטס — ראוד־איילאנד. אין דער נייער קאלאניע איז דער פרינציפּ פון רעליגיעזער פרייהייט געראנטירט געווארען דורך דעם געזעץ. די דאזיגע קאלאניע האט געקראגען דאס רעכט אליין פאר זיך אויסצוקלייבען א פרעזידענט; ווי אלע אנדערע קאלאניעס, האט זי געהאט אן אייגענע געזעצגעבענדע קערפּערשאפט. פאקטיש איז אלזא ראוד־איילאנד געווען אן אומאפּהענגיגע רעפּובליק, נאר עס האט געהייסען, אז זי איז פארבונדען מיט ענגלאנד.

די געזעצגעבענדע קערפּערשאפט פון ראוד־איילאנד איז אויסגעוואקסען פון דעם טאון־מיטינג, וועלכער איז צוגעפּאסט געווארען צו א גרעסערער טעריטאריע. פון אנהויב האט יעדער נייער געזעץ געמוזט פארגעלעגט ווערען פון א טאון־מיטינג: ווען דער פּראיעקט איז גוטגעהייסען געווארען פון יעדען אנדערען טאון־מיטינג, דאמאלט איז ער אנגעקומען אין די לעדזשיסלייטשור, וואו מ'האט אים אויסגעארבייט אין דער פארמע פון א געזעץ. פארשטעהט זיך, אזא פירונג איז נאר מעגליך געווען כל־זמן די צאל דערפער איז נאר געווען גאר קליין. אין קורצען האט מען געפונען פאר נויטיג איבערצוגעבען דער לעדזשיסלייטשור אליין דאס רעכט ארייןצוברענגען פּראיעקטען פון געזעצען, אבער די מיטגלידער פון דער לעדזשיסלייטשור זיינען ערוועהלט געווארען נאר אויף א האלב יאר. דאס הייסט, זיי זיינען געבליבען אזוי ווי דעלעגאטען וואס זיינען אויסגעקליבען נאר אויף איין סעסיע.

דער פּאליטישער סיסטעם פון קאנעטיקוט איז געווען ענליך צו דעם סיסטעם פון ראוד־איילאנד. דער טשארטער פון ראוד־איילאנד איז געבליבען קראפט ביז דעם יאר 1842: גאנצע זעקס און זעכציג יאר איז אוועק זינט די אמעריקאנער קאלאניעס זיינען געווארען אומאפּהענגיג פון ענגלאנד, איידער ראוד־איילאנד האט פאר זיך אנ־

גענומען א נייע קאנסטיטוציע. אין קאנעטיקוט איז דער קעניגליכער טשארטער געבליבען אין קראפט און האט געהאט דעם כח פון א קאנסטיטוציע ביז 1818, צוויי און פערציג יאר נאכדעם ווי די פאר־אייניגטע שטאטען האבען זיך אראפגעווארפען די קעניגליכע מאכט.

## 2. ווירדזשיניא

די קאלאניזאציע פון ווירדזשיניא איז אנגעגאנגען נאך גאנץ אנדערע פרינציפען איידער אין ניי־ענגלאנד. די דאזיגע קאלאניע איז געגרינדעט געווארען ניט פון פרייע פויערים, נאר פון גרויסע פלאנטאטארס. וואס האבען געקראגען געשענקט פון קעניג אונגעהויער גרויסע שטיקער לאנד, גאנצע צענדליגע אקערס.

דער וויכטיגסטער פראדוקט פון ווירדזשיניא איז געווען טאבאק, וועלכען מען האט געזייט פאר עקספארט קיין ענגלאנד. די ארבייטער אויף די טאבאק־פלאנטאציעס זיינען געווען ערשטענס, פארשיקטע פארברעכער — די ענגלישע רעגירונג פלעגט זיי פארדינגען פאר קנעכט אויף א באשטימטען שטראף־טערמין; צווייטענס, זיינען גע־ווען אימיגראנטען, וועלכע האבען זיך אליין אונטערגענומען אפצור־ארבייטען א געוויסע צייט פאר די געלט, וואס עס האט געקאסט זיי אריבערצובריינגען איבער'ן ים. א חוץ דעם איז אין דעם זיבעצענטען יארהונדערט אין ענגלאנד אנגעגאנגען א רעגעלער האנדעל מיט גע־גנב'עטע קינדער און דערוואקסענע ארבייטער: אין יעדען פארט זיינען געווען אזעלכע „שדים" וואס פלעגען כאפען מענשען און האלטען זיי פארשפארט ביסקעלוואכען עס פלעגען זיך אויף זיי געפינען קונדען צווישען די אייגנטימער פון שיפען, וואס פלעגען אוועקפירען די לעבעדיגע סחורה קיין אמעריקא און דארטען זיי פארקויפען פאר שקלאפען. די צאל פון אזעלכע שקלאפען איז אפגעשאצט געווארען אין צען טויזענט נפשות.

אבער ווען די טאבאק־פלאנטאציעס האבען זיך זעהר פארברייטעט, האט ניט געקלעקט די צאל געצוואונגענע ארבייטער פון יענע דריי קאטעגאריעס: דאמאלט האבען די פלאנטאטארס גענומען אימ־פארטירען שווארצע שקלאפען פון אפריקא. אויף דעם אופן האט שוין פון אנהויב אן די באפעלקערונג פון די סאוטה זיך צוטיילט אין שארף אפגעזונדערטע קלאסען. די אריסטאקראטיע האט געבילדעט

דער הויפּען פּלאַנטאַטאָרס; דעם צווייטען פּלאַץ האָבען פאַרנומען די פרייע קינדער און קינדס־קינדער פון די פאַרשיקטע פאַרברעכער און פון די פרייוויליגע קנעכט. נידעריגער פון די צוויי זיינען געשטאַנען די אונפרייע ווייסע (די פאַרשיקטע פאַרברעכער און יענע וואָס האָבען זיך אליין פאַרקויפט אויף א צייט). ענדליך, נידעריגער פאַר אלעמען זיינען געשטאַנען די גרויסע צאָל שווארצע שקלאַפען.

דער גאַנצער ווירטשאַפטליכער לעבען פון ווירדזשיניא האָט זיך געדרעהט ארום דעם פּלאַנטאַטאָר'ס הויף. ווירדזשיניא איז דורך און דורך איבערגעשניטען מיט טיפע טייכען, אויף וועלכע עס קענען געהן שיפען; די פּלאַנטאַציעס זיינען נאַטירליך געלעגען אלע ביי'ן וואַסער, יעדע פּלאַנטאַציע האָט געהאַט איר אייגענעם פאַרט, דורך וועלכען זי איז געווען פאַרבונדען מיט דער אויסערער וועלט. דער איינציגער פּראָדוקט, טאַבאַק, איז געגאַנגען דירעקט קיין ענגלאַנד, און פון ענגלאַנד פלעגען אַנקומען אלע סחורות וואָס דער פּלאַנטאַטאָר האָט נויטיג געהאַט. דעריבער זיינען די פאַרבינדונגען צווישען די פאַרשידענע פּלאַנטאַציעס געווען זעהר שוואַך, און די לאָקאַלע זעלבסט־פאַרוואַלטונג האָט נאָר ווייניג וואָס געהאַט צו טאָן.

דער פונדאַמענט פון דער אדמיניסטראַטיווער איינטיילונג פון דער קאָלאָניע איז געווען די „פּאַריש", די קירכליכע געמיינדע; איר פאַרוואַלטונג איז געווען אין די הענט פון גבאים (טראַסטים); אלץ וואָס איז שייך צו דער קירכע און צדקה־אנגעלעגענהייטען האָט באַ־לאַנגט צו זיי. זיי פלעגען באַשטייערען די איינוואוינער אויף צו צאָלען געהאַלט דעם פּאַסטאָר, אויף אויפצוהאַלטען די קירכע, זיי פלעגען אנשטעלען אלע באַאַמטע פון דער קירכע און דערגלייכען. די ענגלישע קירכע איז אין ווירדזשיניא אויך געווען די שטאַטס־קירכע, דעריבער זיינען די טראַסטים געווען שטאַטס־באַאַמטע. פון אַנהויב פלעגט מען זיי ערוועהלען, שפּעטער אָבער איז געוואָרען א מנהג צו באַזעצען די וואַקאַנטע שטעלען דורך „קאָאָפּטאַציע", דאָס הייסט, ווען איינער פון די טראַסטים האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אמט, אָדער ער איז געשטאָרבען, פלעגען די איבעריגע אליין אויסקלייבען אן אנדערען אויף זיין שטעל. אויף דעם אופן האָט די פאָלקס־מאַסע גאָר קיין דעה ניט געהאַט אין די געשעפטען פון דער „פּאַריש".

פאַרשטעהט זיך, אין אזא אריסטאָקראַטישער קאָלאָניע זיינען די אלגעמיינע קהל'שע עסקים איינגאַנצען געלעגען אין די הענט פון דער

אריסטאקראטיע פון לאנד־אייגנטימער. זייער צאל אין יעדער פא־ריש איז געווענליך געווען זעהר קליין. דעריבער איז די פונדאמענ־טאלע פאליטישע איינטיילונג געווארען די „קאונטי“, וועלכע איז באשטאנען פון עטליכע פארישעס. די קאונטי איז געווען א פארוואל־טונגס־צענטער און א וואל־דיסטריקט צו גלייכער צייט. די פאר־וואלטונג איז געווען אין די הענט פון א צוזאמענפאר פון די „דזשאס־טיסעס אָו דהי פיס“*). דער צוזאמענפאר האט זיך פארנומען אי מיט געריכט־זאכען, אי מיט אלע געשעפטען וואס זיינען שייך געווען צו דער פארוואלטונג. די דזשאסטיסעס פלעגען אנגעשטעלט ווערען פון דעם גובערנאטאר (גאווערנאר), לויט דער רעקאמענדאציע פון דעם צו־זאמענפאר. פאקטיש איז דאס געווען ניט מער ווי א פארמע. דער גובערנאטאר פלעגט שטענדיג אנשטעלען יענע וואס זיינען רעקאמענ־דירט געווען פון דעם צוזאמענפאר; דא האט אלזא אויך געגאלטען דער זעלבער פרינציפ פון קאאפטאציע; דאס האט געפירט דערצו, אז אלע ריכטער־עמטער זיינען פאראייניגט געווען אין די הענט פון עטליכע אריסטאקראטישע פאמיליעס. דער עלטסטער דזשאסטיס נאך דער צייט וואס ער איז געווען אין אמט, איז געווען דער שעריף — דער העכסטער פאליציי־באאמטער אין דער קאונטי; ער האט אויך אויסגעפירט די אורטיילען פון די קאורטס, ער האט געמאנט שטייע־רען, א. א. וו.

יעדע קאונטי פלעגט ערוועלען צוויי דעפוטאטען אין דער גע־זעצגעבענדער פארזאמלונג („לעדזשיסלעיטשור“) פון דער קאלאניע. די העכסטע עקזעקוטיווע מאכט אין דער קאלאניע איז געווען דער גאווערנאר, וועלכע ראיז געווען דער שליח פון קעניג. ער האט געהאט ביי זיך א קאונסיל (א באראטענדע קערפערשאפט), וועלכער איז אויך באשטאנען פון באאמטע וואס זיינען אנגעשטעלט געווען פון קעניג.

## 3. פענסילווייניא, דעלאווער און מערילענד

מען האט אויך פרובירט איינפלאנצען אין אמעריקא דעם פעא־דאליזם. אין דעם זיבעצענטען יארהונדערט זיינען דריי קאלאניעס — פענסילוועיניא, דעלאווער און מערילענד — אפגעגעבען געווארען

*) וואס מען האט גערופען אין רוסלאנד „מיראָוואָי סודיא“.

צו לאָרדס (פּריצים) מיט זייערע קינדער און קינדס־קינדער, וועלכע זיינען געווען האַלב־אומאָפּהענגיגע קעניגע*). זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט אפילו צו ערקלערען קריג און שליסען פרידען.

דעם גאָווערנאָר און זיין קאָונסיל פלעגט אין יענע קאָלאָניעס אנשטעלען דער פעאָדאַלער לאָרד. די געזעצגעבענדע מאַכט האָט, ווי אומעטום, באַלאַנגט צו א פאַרזאַמלונג פון פאָלקס־פאַרטרעטער.

## 4. אנדערע קאָלאָניעס

די פּאָליטישע ארגאַניזאַציע פון אלע אַנדערע קאָלאָניעס איז געווען מער־וועניגער ענליך צו ווירדזשיניא. דער פעאָדאַליזם האָט זיך ניט איינגעראָטען אין אמעריקא. מען האָט אים פּרובירט איינפירען אין אנדערע קאָלאָניעס אויך, אָבער די באַפעלקערונג איז געווען שיטער און עס איז אומעטום געווען א סך פרייע לאַנד. נאָך א קורצער פּראָבע זיינען די פּריווילעגיעס פון די פּריצים („פּראָפּרייעטאָרי") אָפּגעשאַפט געוואָרען און די קאָלאָניעס זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער דער קעניגליכער מאַכט.

## 5. די פאַקטישע אומאָפּהענגיגקייט פון די קאָלאָניעס

פון דער קורצער איבערזיכט קען מען זעהן, אז די אמעריקאנער קאָלאָניעס זיינען שוין געווען אומאָפּהענגיגע רעפּובליקען איידער זיי האָבען זיך אָפּגעטיילט פון ענגלאַנד. אין ראָוד־איילאַנד און קאָנעק־טיקוט האָבען די קאָלאָניסטען אליין ערוועלט די עקזעקוטיווע. אין די איבעריגע קאָלאָניעס איז דער גובערנאַטאָר, אמת, אנגעשטעלט געווען פון קעניג אָדער פון דעם פעאָדאַלען לאָרד און האָט געהאַט דאָס רעכט ארויפצולעגען זיין וועטאָ אויף די באַשלוסען פון דער גע־זעצגעבענדער פאַרזאַמלונג; אָבער זיין געהאַלט האָט געגעבען די געזעצגעבענדע פאַרזאַמלונג. זיי האָבען אלזאָ געדאַרפט איינער דעם אנדערענס לאַסקע. דער מנהג איז געווען, אז די לעדזשיסלייטשור און דער גאָווערנאָר פלעגען זיך באַדינגען וועגען דעם מקח פאַר וועל־

*) זייער באַציהונג צו דעם ענגלישען קעניג איז געווען בעצם דיזעלבע, ווי די באַציהונג פון דעם רומענישען קעניג צו דעם טערקישען סולטאַן פאַר דעם בערלינער טראַקטאַט פון 1878.

כען דער גאָווערנאָר איז צופרידען געווען אונטערצושרייבען די בילס פון דער סעסיע. ביידע צדדים פלעגען וואַרטען ביז צו די לעצטע טעג. דערנאָך פלעגט מען זיך אַנהויבען פּראַסטע צו דינגען ווי אויפ׳ן מאַרק. זיי פלעגען זיך איינער דעם אַנדערען ניט געטרויען. אַלע בילס, צווישען זיי אויך וועגען דעם גאָווערנאָר׳ס געהאַלט, פלעגט מען איינ־לעגען ביי אַ שליש. ווען ער פלעגט חתמ׳ענען די בילס וואָס די גע־זעצגעבענדע פאַרזאַמלונג האָט פאַרלאַנגט, פלעגט ער קריגען דעם ביל וועגען זיין געהאַלט*).

יעדע פון די דרייצען אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס איז געווען אַ גאַנץ באַזונדערע מדינה. אָבער שוין באַלד פון דעם אַנהויב פון דער קאָלאָניזאַציע איז געמאַכט געוואָרען אַ פּראָבע צו בילדען אַ פאַרבאַנד פון די קאָלאָניעס. דאָס איז געווען די פאַראייניגונג פון די קאָלאָניעס פון ניי־ענגלאַנד אין דעם יאָר 1643. דער וויכטיגסטער צוועק פון דער פאַראייניגונג איז געווען צו ווערען זיך געגען די אָנפאַלען פון די אינדיאַנער. די „ניי־ענגלאַנד קאָנפעדערייטשאַן" האָט עקסיסטירט מער ווי פערציג יאָר, ביז 1685. פון אַנהויב איז זי געווען טעטיג, שפּעטער פלעגט זי אָפּהאַלטען סעסיעס פון צייט צו צייט. צום סוף הפנים ווען די געפאַר פון די אינדיאַנער איז פאַרשוואונדען, איז די „קאָנפעדערייטשאַן" אַנטשלאָפען געוואָרען אויף אימער.

וועגען אַ שטענדיגען פאַרבאַנד האָט מען ווידער אָנגעהויבען צו רעדען מעהר ווי מיט צוואַנציג יאָר פאַר דעם ווי די קאָלאָניעס האָבען זיך אָפּגעטיילט פון ענגלאַנד. אין יענער צייט האָט נאָך וועגען אומ־אָפּהענגיגקייט גאָר קיינער ניט געקלערט. אין 1754 איז אין אָלבאַני אָפּגעהאַלטען געוואָרען וועגען דעם אַ צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטען פון זיבען קאָלאָניעס, אָבער זיי זיינען צו קיין רעזולטאַט ניט געקו־מען.

אַ פאַראייניגונג פון די קאָלאָניעס איז ערשט נויטיג געוואָרען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען דער שטרייט מיט ענגלאַנד.

*) בנימין פרענקלין זאָגט וועגען דעם מנהג אזוי: „איילט זיך ניט פאַרדאַמען דעם מסחר אין געזעצגעבונג, ליבע לעזער. געבענשט איז די לאַנד, וואו מען קען קויפען רעכט און גערעכטיגקייט פאַר מזומנים, ניט יעדען לאַנד איז באַשערט אזא ברכה".

### צווייטער קאפיטעל

## די מחלוקה מיט ענגלאנד

דער עקאנאמישער פונדאמענט פון די אמעריקאנישע קאלאניעס איז געווען אקערבוי. די גאנצע באפעלקערונג איז געווען ניט מעהר ווי 2,500,000 — ווענינער ווי העלפט פון דער היינטיגער באפעלקערונג פון דער שטאט ניו יארק אליין. פון דער צאל האבען סך־הכל 3% געוואוינט אין די שטעט. די וויכטיגסטע האנדעלס־שטאט איז געווען פילאדעלפיא, זי האט געהאט 30.000 איינוואוינער, אביסעל ווניגער ווי מאהילעוו פאר׳ן קריג. ניו יארק איז אויך געווען אז ערך אזוי גרויס און האט פארנומען דעם צווייטען פלאץ אין דעם האנדעל פון די קאלאניעס. אין דרום איז דער הויפט־צענטער געווען טשארלסטאן, א שטאט מיט 15,000 איינוואוינער; ווינטער־צייט פלעגט זיך אהין צוזאמענפארען די גאנצע אריסטאקראטיע, דאס הייסט די שקלאפען־האלטער. באסטאן האט געהאט 15,000 איינוואוינער, אבער אפיציעל האט ער זיך נאך גערעכענט פאר א דארף. הונדערט מייל פון ניו יארק איז שוין געווען עק וועלט. ווייטער האבען זיך געצויגען אוראלטע וועלדער, די היים פון וואנדערענדע אינדיאנער שטאמען, און פון ווילדע חיות. די פיאנירען, וועלכע זיינען געזעסען ביים גרענעץ, זיינען יעדען טאג געשטאנען אין געפאר מיט זייער לעבען. דאס האט אויסגעארבייט פון זיי א טיפ פון אוואנטיוריסטען, וואס האבען ניט געוואוסט וואס הייסט מורא צו האבען. זיי האבען געמאכט א לעבען פון יאגען זיך נאך ווילדע חיות, און זיי זיינען אלע געווען אויסגעצייכענטע שיסער. איבריגענס האט אין יענע צייטען קיין קאלאניסט ניט געקענט אויסקומען אהן א ביקס.

די פיאנירען, וועלכע האבען געוואוינט ביים גרענעץ, זיינען קיינמאל ניט געקומען אין בארירונג מיט דעם שטאט. זיי האבען ניט

נעוואוסט פון קיין גנזעץ איבער זיך. עס איז געווען א צושטאנד פון אנארכיע, ווי עס פארשטעהען דאס די אינדיווידואליסטישע אנארכיס־טען.

אין ניי־ענגלאנד האבען זיך פילע פון די פארמערס באשעפטיגט אין ווינטער־צייט מיט האנטווערק; עס זיינען געווען גאנצע דערפער פון שמידען, נעגעל־מאכערס און אנדערע בעלי־מלאכות.

די איינוואוינער פון די שטעט און די דערפער ביים ים האבען געבויט שיפען און געהאנדעלט מיט אויסלאנד. דער ענגלישער פאר־לאמענט, אלס פארטרעטער פון די אינטערעסען פון די ענגלישע פאב־ריקאנטען, האט געקוקט אויף די אמעריקאנער קאלאניעס ווי אויף א מארק וואו צו פארקויפען ענגלישע ווארען. מיט דעם צוועק האט דער פארלאמענט געזוכט ניט צוצולאזען אויף דעם אמעריקאנער מארק קיין אויסלענדישע ווארען.

די קאלאניסטען האבען זיך געהאלפען דורך קאנטראבאנד. עס איז קיינעם ניט איינגעפאלען צו האלטען עס פאר אומאנשטענדיג. געפינען א דזשורי, וואס זאל געבען א ווערדיקט געגען א קאנטרא־באנדיסט, איז געווען אוממעגליך. די גרעסטע יחסנים פון באסטאן זיינען געווען קאנטראבאנדיסטען.

די פאלגענדע שילדערונג פון די אמעריקאנער סוחרים פון יענ־נער צייט ווערט געגעבען אין אן אמעריקאנער ענציקלאפעדיע:

„ניין צעהנטעל פון די סוחרים פון ניי־ענגלאנד זיינען געווען קאנטראבאנדיסטען. א פערטעל פון אלע וואס האבען גע'חתמ'עט די „דעקלאריישאן און אינדעפענדענס" (די ערקלערונג פון אפהענגיגקייט) זיינען אויסגעוואקסען אין מסחר, אין קאמאנדעווען איבער שיפען און האנדעל מיט קאנטראבאנד... הענקאק*) איז געווען דער פרינץ פון די קאנטראבאנד־הענדלער און איז צוזאמען מיט זיין אדוואקאט דזשאן אדאמז געשטעלט געווארען פאר'ן געריכט אין באסטאן אקוראט אין דער שעה ווען עס איז פארגאסען געווארען די בלוט אין לעקסינגטאן; די רעגירונג האט בייי אים געמאנט 500,000 דאלאר שטראף פאר קאנטראבאנד**).

*) דזשאן הענקאק איז געווען דער פארזיצענדער אויף דעם צוזאמענ־פאר, וואו עס איז אנגענומען געווארען די דעקלעריישאן און אינדעפענדענס. ער האט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די צוויי גרעסטע גבירים אין אמע־ריקא.

**) A. M. Simons, "Social Forces in American History," p.p. 61-62.

„יארען־לאנג האבען די בריטישע באאמטע צוגעמאכט אן אויג אויף די קאנטראבאנד — באמערקט דערצו סיימאנז. — די קאנטראבאנדיסטען זיינען געווען גאנץ צופרידען צו געבען א קליינעם חלק פון זייערע פראפיטען צו די פריינדליכע באאמטע, און ענגלאנד איז געווען זעהר ווייט אין די צייטען פון זעגעל־שיפען".

דעם פראיעקט פון דער דעקלאראציע האט אנגעשריבען טאמאס דזשעפערסאן, איינער פון די גרעסטע לייט פון יענער צייט, דאמאלט א יונגערמאן פון א יאר דרייסיג. דזשעפערסאן ווערט אנערקענט פאר דעם פאטער פון דער אמעריקאנער אינדיווידואליסטישער דעמאקראטיע. זיין פאליטישער אידעאל האט אפגעשפיגעלט אין זיך די עקאנאמישע לאגע פון ווירדזשיניא, וואו ער איז אויפגעוואקסען. א פלאנטאציע אין ווירדזשיניא איז געווען א וועלט פאר זיך, זי האט גאר קיין עקאנאמישע פארבינדונג ניט געהאט מיט די איבעריגע פלאנטאציעס. אלץ וואס מען האט געדארפט האט מען אדער געמאכט אויף דער פלאנטאציע גופא, אדער מען פלעגט עס ברענגען פון ענגלאנד. קיין שטאטס־איינריכטונגען זיינען כמעט גאר ניט געווען: קיין וועגען, קיין שולען פאר קינדער, קיין שפיטאלען, ניט מער ווי פאליציע. אלזא, קיין פאזיטיווע ארבייט האט דער שטאט ניט געטאן, ער האט נאר געשפילט די ראליע פון א „נאכט־וועכטער". פון דעם פאקט האט דזשעפערסאן געמאכט אן אידעאל: „יענע לאנד איז אמבעסטען רעגירט, וועלכע איז רעגירט אמווענינגסטען". דער יחיד איז אלץ, דער שטאט דארף זיך נאר מישען אין זיינע געשעפטען, אויף ווי ווייט עס איז נויטיג צו גאראנטירען די פרייהייט פון דעם יחיד.

דזשעפערסאן איז געווען א דעלעגאט אויף דעם קאנגרעס, וואו עס איז באשלאסען געווארען אפצוטיילען זיך פון ענגלאנד. ער איז געווען דער געבילדעטסטער פון אלע דעלעגאטען, אים האט מען דערפאר איבערגעגעבען, ער זאל פארמולירען די אורזאכען, פארוואס די קאלאניעס האבען זיך אפגעטיילט. דער דאקומענט הויבט זיך אן מיט א הקדמה, אין וועלכער עס ווערען אויסגעדריקט אלגעמיינע פאליטישע פרינציפען.

„מיר האלטען, אז עס איז קלאר באשיינפערליך: אז אלע מענשען זיינען באשאפען געווארען אלס גלייכע מענשען און האבען באקומען פון דעם בורא עולם געוויסע רעכטע, וואס קיינער קאן ביי זיי ניט אוועקנעמען, און זיי אליין קאנען זיך פון די רעכטע ניט אפזא־

גען; צו די דאזיגע רעכטע געהערען לעבען, פרייהייט און דער שטרע־
בען נאך גליק; צו פארשאפען זיך די דאזיגע רעכטע גרינדען מענשען
רעגירונגען, וואס זייער מאכט על פי יושר קומט פון דער הסכמה פון
די רעגירטע; ווען א געוויסע רעגירונגס־פארם ווערט א שטערונג פאר
ד י צוועקען, האט דאס פאלק דאס רעכט צו פארענדערען די רעגירונג
אדער איר איינגאנצען אפצושאפען און אנשטעלען א נייע רעגירונג,
וואס זאל זיין געגרינדעט אויף אזעלכע פרינציפען און אירע ארגאנען
זאלען זיין אזוי איינגעריכטעט, ווי עס וועט אנערקענט ווערען, אז עס
וועט בעסער באווארענען די זיכערקייט און דעם גליק פון פאלק. אין
אמת'ן דערלאזט ניט דער שכל קיין ענדערונגען אין א רעגירונגס־
פארם, וואס שטאמט פון אלטע צייטען, צוליב אומוויכטיגע אורזאכען
אדער אזעלכע וואס קאנען באלד פארשווינדען; די ערפארונג ווייזט,
אז די מענשהייט איז גענייגט גיכער צו ליידען, כל זמן מען קאן נאך
אויסהאלטען די צרות, איידער צו זוכען צו געווינען אירע רעכטע דורך
דער אפשאפונג פון אזעלכע פארמען, צו וועלכע מען איז שוין צוגע־
וואוינט. אבער ווען א לאנגע רייע פון מיסברויכען און אוזורפאציעס
פארפאלגען רק איין צוועק, איינצופירען אן אבסאלוטען דעספאטיזם,
דעמאלט איז דאס פאלק בארעכטיגט און מחויב אראפצואווארפען אזא
רעגירונג און אויסזוכען נייע שומרים פאר זיין צוקונפטיגער זיכער־
הייט".

די פרינציפען־ערקלערונג האט געקלונגען זעהר שעהן, אבער צו
יענער צייט זיינען אין די דרייצען קאלאניעס געווען ביז 700,000
שווארצע שקלאפען. דזשעפערסאן אליין, כאטש ער איז געווען א
רייכער פלאנטאטאר און אן איינענטימער פון שקלאפען, האט ער
אבער פרינציפיעל פארדאמט די שקלאפעריי. ער איז געווען פון דעמ־
זעלבען סארט מענשען ווי די ליבעראלע רוסישע פאמיעסטשיקעס אין
מיטען פון דעם נייצענטען יארהונדערט, צום ביישפיל, ווי טורגע־
ניעוו, וואס האבען פרינציפיעל פארדאמט די לייבאייגענשאפט (קרע־
פאסטנאיע פראווא) און האבען זיך גענעבט פון דער ארבייט פון זייע־
ערע פויערים. טאמאס דזשעפערסאן האט איינגעזעהן, אז כל זמן
עס עקזיסטירט שקלאפעריי, זיינען די הויכע פראזען וועגען גלייכ־
הייט און פרייהייט — א שקר. אין זיין פראיעקט פון א דעקלאראציע
איז דער ענגלישער קעניג באשולדיגט געווארען אין דעם, וואס ער
האט „אנגעגריפען די הייליגסטע רעכטע פון הילפלאזע מענשען. האט

זיי געכאפּט, געהאַלטען פאַר געפאַנגענע, און פאַרקויפט זיי פאַר שקלאַפען". און אויך איז ער באַשולדיגט געוואָרען אין דעם, וואָס ער האָט „אויפגעהאַלטען אַ מאַרק אויף צו קויפען און פאַרקויפען מענשען". אין די דאָזיגע ווערטער איז די שקלאַפעריי גופא שוין פאַר־דאַמט געוואָרען. אַ ט ד ע ר טייל פון דער דעקלאַראַציע האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד פון די שקלאַפען־האַלטער פון די דרום־קאָלאָניעס און אויך פון די דעלעגאַטען וואָס זיינען גע־קומען פון די פּאַרטען פון ניי־ענגלאַנד, וואָרים זייערע שיפען האָבען עקזיסטירט פון דעם שקלאַפען־האַנדעל. דער גאַנצער פּונקט וועגען שקלאַפעריי איז געשטראָכען געוואָרען. דער קאָנגרעס איז גרייט גע־ווען אונטערצושרייבען די „גלענצענדע געמיינפּלעצער" פון דזשעפער־סאָנ'ס דעקלאַראַציע, — ווי דער היינטיגער דור אַמעריקאַנער פּראָפע־סאָרען רופט זיי, — (עס זיינען צווישען די דעלעגאַטען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבען געהאַלטען, אַז די צייט איז נאָך ניט געקומען פאַר אַזאַ דעקלאַראַציע); אָבער ווייבאַלד מען האָט פאַרטשעפּעט עקאָנאָ־מישע אינטערעסען, האָט דער כלומרשט רעוואָלוציאָנערער קאָנגרעס גאַנץ קלאָר אַרויסגעוויזען דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין פון שקלאַפען־האַלטער און שקלאַפען־הענדלער.

אין דער „דעקלאַריישאַן אָוו אינדעפּענדענס" האָט דער אַמערי־קאַנער פּאָליטישער ראַדיקאַליזם פון דער רעוואָלוציאָנערער צייט דער־גרייכט זיין העכסטען פּונקט; די געשיכטע מיט דער אויסגעמעקטער פראַזע ווייזט, ווי ווייט עס איז געווען דער אונטערשייד פון די פראַ־זען פון דער דעקלאַראַציע ביז צו דערווירקליכער עפענטליכער מיי־נונג פון יענער צייט.

עס איז דערביי נויטיג צו האָבען אין זינען, אַז דער קאָנגרעס, וואָס האָט אָנגענומען די „דעקלאַריישאַן אָוו אינדעפּענדענס," איז ניט געווען קיין רעגעלע פּאַרלאַמענטאַרישע קערפּערשאַפט, וואָס רעפּרע־זענטירט אַלע ריכטונגען, וועלכע געפינען זיך צווישען דער באַפעל־קערונג, אי די פּאַרטשריטליכע, אי די קאָנסערוואַטיווע. „ער איז געווען דער צענטראַל־אָרגאַן ניט פון די קאָלאָניעס, אָדער שטאַטען", ווי פּראָפעסאָר בירד זאָגט, „נאָר פון יענעם טייל פון דער אַמעריקאַ־נער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער רעוואָלו־ציאָנערער זאַך" („מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג" — וואָלט מען היינט זאָגען). נאָך זיין אָרגאַניזאַציאָנס־פּלאַן איז דער דאָזיגער

רעוואָלוציאָנערער קאָנגרעס געווען ענליך צו דעם צוזאַמענפּאַר פון די איצטיגע רוסישע „סאָוויעטען".

אין דער ערסטער צייט, ווען עס האָט זיך נאָר אָנגעהויבען דער סכסוך פון די קאָלאָניעס מיט דער בריטישער רעגירונג, האָבען די פירענדע ראָלע געשפּילט די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון די קאָלאָניעס, די לעדזשיסלייטשורס — אַזוי ווי די דומאַ פאַר דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע. אָבער ווען דער קאַמף האָט זיך אַנט־וויקעלט און איז ארויס פון די לעגאַלע גרעניצען, האָבען די רעוואָ־לוציאָנערען אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען אייגענע קאָמיטעס, פון אָנ־הויב פאַר אַגיטאַציאָנס־צוועקען און שפּעטער צו אָרגאַניזירען דעם אויפשטאַנד.

דעם אָנהויב פון דער באַוועגונג האָבען געמאַכט די „קאָמיטעטען פאַר קאָרעספּאָנדענץ". דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט האָט זיך אָרגאַניזירט אין באָסטאָן, אין נאָוועמבער 1772. ער האָט אָפּגעהאַלטען מיטינגען און ארויסגעשיקט רעדנערס אין די אַרומיגע שטעטלאַך צו אָרגאַניזירען ענליכע קאָמיטעטען. אין 1773 האָבען די לעדזשיסלייטשורס אין צוועלף פון די דרייצען קאָלאָניעס אויסגע־קליבען קאָמיטעס מיט דעם צוועק צו קומען אין פאַרבינדונג אונטער אַנאַנדער און צו באַקעמפען אויף א געזעצליכען וועג די פּאָליטיק פון דער בריטישער רעגירונג בנוגע צו די קאָלאָניעס. דאָס האָט געגעבען א פּרעסטיזש דער אָפּאָזיציע געגען דער בריטישער רעגירונג, אָבער די אַקטיווע ארבייט האָבען אָנגעפירט די אומאָפיציעלע לאָקאַלע רעוואָלוציאָנערע קאָמיטעטען. יעדע טאַונשיפּ האָט געהאַט איר קאָ־מיטעט, די קאָמיטעטען פון די טאַונשיפּס האָבען ערוויילט דעלעגאַטען צו די קאָמיטעטען פון די קאָונטיס, און די קאָמיטעטען פון די קאָונ־טיס האָבען ערוויילט דעלעגאַטען צו דעם צענטראַל קאָמיטעט פון דער גאַנצער קאָלאָניע. אין א יאָר צייט, ווען די רעוואָלוציאָנערע באַווע־גונג האָט שוין געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע אין אַלע קאָלאָניעס, האָט איינער פון אירע פירערס, סעמיועל אַדאַמס, דורכגעפירט אין דער לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַטשוזעטס א רעזאָלוציע — איינצולאַדען אַלע קאָלאָניעס צו שיקען די דעלעגאַטען צו א קאָנגרעס פאַר דעם מאָנאַט סעפּטעמבער 1774, אין פילאַדעלפיאַ. די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען אין דער צייט, ווען דער שליח פון דעם קעניגליכען גובערנאַטאָר איז אָנגעקומען אויפצולייזען די לעדזשיסלייטשור. אַלע

קאָלאָניעס, אחוץ דזשאָרדזשיא, האָבען אָנגענומען די איינלאָדונג. דער קאָנגרעס איז געווען אַן אונגעזעצליכער צוזאַמענפאָר, ווייל די קאָלאָניעס האָבען ניט געהאַט קיין רעכט אָפּצוהאַלטען אַזאַ קאָנגרעס אָהן דער הסכמה פון דער בריטישער רעגירונג. דעריבער האָבען די וואַלען פון די דעלעגאַטען ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערען אויף אַ רעגעלמעסיגען אופן. נאָר אין דריי קאָלאָניעס, מאַסאַטשוזעטס, ראָוד־אײלאַנד און פּענסילווייניא, זיינען די דעלעגאַטען ערוועלט געוואָרען פון די לעדזשיסלייטשורס. אין אַלע אַנדערע קאָלאָניעס זיינען זיי ערוועלט געוואָרען פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. די דעלעגאַטען פון דער גאַנצער קאָלאָניע ניו יאָרק זיינען ערוועלט געוואָרען פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט פון דער קאָונטי ניו יאָרק. די פירערס אין די אַלע וואַלען זיינען געווען די אַקטיווע אָרגאַניזאַטאָרען און אַגיטאַטאָרען פון די קאָמיטעטען פאַר קאָרעספּאָנדענץ. די אינסטרוקציעס צו די דעלעגאַטען זיינען ניט געווען רעוואָלוציאָנער, זיי האָבען געזאָלט אָנפירען זייער קאַמף געגען דער בריטישער רעגירונג מיט לעגאַלע מיטלען. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אָפּאָזיציאָנעלע רעזאָלוציעס און האָט באַשלאָסען צוזאַמענצורופען אַ צווייטען קאָנגרעס.

דער צווייטער קאָנגרעס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אין פילאַדעלפיא דעם 10טען מאַי 1775. אָט דער קאָנגרעס האָט דאָס אָנגענומען די „דעקלאַריישאָן אָוו אינדעפּענדענס". ער איז אויך ערוועלט געוואָרען אויף דעמזעלבען אומרעגעלמעסיגען אופן ווי דער ערשטער קאָנגרעס. ער איז געווען ניט מער ווי אַ צוזאַמענפאָר פון דעלעגאַטען, וואָס זיינען געשיקט געוואָרען פאַר אַ באַשטימטען צוועק: צו אונטערהאַנדלען מיט ענגלאַנד. אָבער באַלד נאָך דעם ווי זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, אין צוויי מאָנאַט אַרום, האָט זיך אָנגעהויבען דער פאָלקס־אויפשטאַנד געגען ענגלאַנד. אין דעם קריזיס האָט דער קאָנגרעס זיך גענומען די ראָלע פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג און האָט געהאַלטען די מאַכט אין זיינע הענט גאַנצע זעקס יאָר, ביז עס איז געשאַפען געוואָרען אַ נייע געזעצליכע אָרגאַניזירטע רעגירונג.

די קאָלאָניאַלע רעגירונגען, וואָס האָבען עקזיסטירט מיט דער הסכמה פון דעם ענגלישען קעניג, האָבען זיך אויפגעלייזט נאָך פאַר דער אָפיציעלער ערקלערונג פון אומאָפּהענגיגקייט. די קעניגליכע גובערנאַטאָרען זיינען אַנטלאָפען באַלד ביים אָנהויב פון דעם אויפשטאַנד. אין אַלע קאָלאָניעס האָבען זיך אָרגאַניזירט פּראָוויזאָרישע

רעגירונגען. אין קאנעקטיקוט, ראוד־איילאנד, פענסילווייניא און דע־לאווער, זיינען די לעדזשיסטלייטשורס געווארען די פראוויזארישע רעגירונגען. די דעפוטאטען, וואס זיינען געבליבען טריי צום קעניג, האבען זיך מיט גוטען אדער מיט בייזען צוריקגעצויגען. אין די אנ־דערע קאלאניעס האבען די רעוואלוציאנערע עלעמענטען ארגאניזירט צוזאמענפארען, וועלכע האבען איבערגענומען די רעגירונגס־מאכט. די דאזיגע פראוויזארישע רעגירונגען זיינען אויסגעקליבען געווארען אויף דעמזעלביגען רעוואלוציאנערען אופן, ווי דער קאנגרעס. וואו עס זיינען אפגעהאלטען געווארען פאלקס־וואלען, האט מען די „לאיאליס־טען" (דאס הייסט די מאנארכיסטען) ניט צוגעלאזט צום שטימען.

די פראוויזארישע רעגירונגען פון די קאלאניעס האבען זיך קודם געווענדעט צום קאנגרעס, ער זאל זיי אנווייזען, ווי צו ארגאניזירען א רעגעלמעסיגע רעגירונג. די ערשטע האט זיך געווענדעט מיט אזא בקשה די פראוויזארישע רעגירונג פון מאסאטשוזעטס, באלד ווי דער קאנגרעס האט זיך געעפענט אין פילאדעלפיא, אין מאנאט מאי 1775. איר ביישפיל האבען נאך אין דעמזעלביגען יאר נאכגעפאלגט די פראָ־וויזארישע רעגירונגען פון אנדערע קאלאניעס. דער קאנגרעס האט זיי געענטפערט, זיי זאלען אפהאלטען רעגעלמעסיגע פאלקס־וואלען און זאלען ארגאניזירען א רעגירונג פאר דער צייט פון דעם קאנפליקט מיט ענגלאנד. ענדליך, ווען עס איז פון דעם קאנגרעס קלאר געווארען, אז דער ברוך מיט ענגלאנד קאן שוין ניט געהיילט ווערען, מיט צוויי מאנאט פאר דעם ווי ער האט אפיציעל ארויסגעגעבען זיין ערקלערונג פון אומאפהענגיגקייט, האט ער אויפגעפאדערט אלע קאלאניעס, זיי זאלען אויסארבייטען נייע קאנסטיטוציעס. אלע סטייטס האבען גע־פאלגט, אחוץ ראוד־איילאנד און קאנעקטיקוט, וועלכע האבען שוין פריער געהאט פאקטיש א רעפובליקאנישע רעגירונג.*)

אין קיין איינעם פון די שטאטען איז די קאנסטיטוציע ניט פאר־געלעגט געווארען דעם פאלק אויף אן אפשטימונג. מאסאטשוזעטס, פענסילווייניא, דעלאווער און מערילענד זיינען געווען די איינציגע

*) די קעניגליכע טשארטערס, וואס קאנעטיקוט האט געקראגען אין 1662 און ראוד־איילאנד אין 1663, זיינען פארבליבען אין קראפט. ווען די קא־לאניעס האבען זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיג, זיי האבען פארנומען דעם פלאץ פון א קאנסטיטוציע אין קאנעטיקוט ביז 1818 און אין ראוד־איי־לאנד ביז 1842.

שטאטען, וואו מען האט אפגעהאלטען רעגעלמעסיגע „קאנסטיטושא־נאל קאנווענשאנס**) פאר דעם צוועק. אין די אנדערע שטאטען זיינען די קאנסטיטוציעס פארפאסט געווארען פון די רעוואלוציאנערע ארגאניזאציעס, וואס האבען געבילדעט די פראוויזארישע רעגירונגען.

די „דעקלאריישאן אוו אינדעפענדענס“ איז אנגענומען אין יעדען שטאט פאר א פונדאמענטאל־געזעץ, און צוליב דעם ווערט זי גערע־כענט פאר א קוועלע פון דעם אמעריקאנער שטאטס־רעכט. אין דער פראקטיקע אבער האט זי קיין שום איינפלוס ניט געהאט אויף דער אנטוויקלונג פון די קאנסטיטוציעס פון די שטאטען. אן אויסנאם איז געווען מאסאטשוזעטס, וואו דער „סופרים־קאורט“ (דאס העכסטע געריכט) האט נאך אין 1780 גע'פסק'ענט, אז דערמיט וואס די קאנ־סטיטוציע פון מאסאטשוזעטס האט ערקלערט, אז אלע מענשען ווע־רען געבארען פריי, איז אפגעשאפט געווארען די שקלאפעריי. דער פונקט פון דער קאנסטיטוציע, אויף וועלכען דער געריכט האט זיך געשטיצט, איז איבערגעשריבען געווארען פון דער „דעקלאריישאן אוו אינדעפענדענס“. נאך מיט דריי יאר פריער האט זיך פון דעם שטאט ניי־העמפשייר אפגעטיילט ווערמאנט און האט אין זיין קאנסטיטוציע פארבאטען די שקלאפעריי. אבער ווערמאנט איז אנערקענט געווארען פאר א באזונדערען שטאט נאר אין 1791.

פארוואס עפעס האבען זיך מאסאטשוזעטס און ווערמאנט ארויס־געוויזען אזוי ליבעראל אין דער פראגע פון שקלאפעריי, בעת די אי־בעריגע שטאטען זיינען גאנץ צופרידען געווען מיט שקלאפעריי? זעהר איינפאך: דער קלימאט אין ניי־ענגלאנד איז געווען צו קאלט פאר די שווארצע און די שטערבליכקייט צווישען זיי איז געווען זעהר גרויס; ווייטער איז דער ווינטער דארטען צו לאנג און עס האט זיך ניט גע־לוינט פאר א פארמער אויסצוהאלטען שקלאפען לעדיג דעם גאנצען ווינטער. דעריבער האט זיך די שקלאפעריי דארטען קיינמאל ניט אנטוויקעלט, און אין דער צייט ווען די שקלאפעריי איז אינגאנצען אפגעשאפט געווארען, האבען זיך געפונען גאר ווייניג שקלאפען. דע־ריבער האט דער „סופרים־קאורט“ פון מאסאטשוזעטס שוין אין 1780 איינגעזעהן, אז שקלאפעריי שטימט ניט מיט דער „דעקלאריישאן אוו

---

**) וואס מען רופט אין רוסלאנד „אוטשרעדיטעלנאיע סאבראניע“.

אינדרעפענדענס", בעת דער „סופרים־קאורט" פון די פאראייניגטע שטאַטען האט עס ניט איינגעזעהן ביז דעם בירגער־קריג.

די נייע קאָנסטיטוציע האט ווייניג וואס איבערגעביטען אין דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון די קאָלאָניעס, וואס האבען זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיג. בשעת זיי האבען זיך געדעבענט פאר ענגלישע קאָלאָניעס, איז זייער רעגירונג איינגעאָרדענט געווארען נאך די קעניגליכע טשארטערס, וועלכע האבען באשטימט אויסדריקליך וואס די לעדזשיסלייטשור (די געזעצגעבענדע פּארזאמלונג) האט געמעגט טאן. ווען די קאָלאָניעס זיינען געווארען אומאפהענגיג, האט דעם פּלאץ פון דעם קעניגליכען טשארטער פארנומען די קאָנסטיטוציע פון דעם שטאאט. אבער די גאַנצע געזעצגעבונג איז געבליבען פונקט אזוי געבונדען אונטער דער קאָנסטיטוציע, ווי זי איז געווען אונטער דעם טשארטער. פריער ווען א געזעץ האט ניט געשטימט מיט דעם טשארטער, איז דער געזעץ געווען אומגילטיג; פון איצטער אן האט דער געזעץ געדארפט שטימען מיט דער קאָנסטיטוציע, — אז ניט, איז ער געווען אומגילטיג, ווי אין קאָלאָניאלע צייטען. אנשטאט דעם קעניגליכען גובערנאטאר האט מען איצטער אין מאסאטשוזעטס און ניו יארק ערוועלט א גובערנאטאר, מען האט אים געלאזען דאס רעכט, וואס דער קעניגליכער גובערנאטאר האט פריער געהאט, צו לעגען זיין וועטא אויף נייע געזעצען. די געזעצגעבענדע מאכט האט אין די קאָלאָניאלע צייטען געהערט צו די פאלקס־פארטרעטער, אבער דער גובערנאטאר האט ביי זיך געהאט א קאונסיל (א ראט), וואס האט געהאט די אויפזיכט איבער דער לעדזשיסלייטשור. איצטער איז דער קאונסיל רעפארמירט געווארען, מען האט פון אים געמאכט אן ערוועלטע קערפערשאפט, מען האט איר גאר געגעבען א נייעם נאמען — סענאט, — וואס מען האט גענומען פון דער געשיכטע פון דעם אלטען רעפּובליקאנישען רוים.

דעמזעלבען קאָנסערוואטיווען גייסט באמערקט איר בנוגע צום שטימרעכט. די מערצאל פון די איינוואוינער זיינען געווען פארמערס, און יעדער פון זיי האט אליין געהאט א שטיקעל לאנד. די האנטווערק איז נאך געווען ענג פארבונדען מיט דעם אקערבוי: א פארמער, וואס האט אוועקגעווארפען זיין פארמעריי און האט זיך גענומען צו אנדערע געשעפטען, האט לכל הפחות געהאט אן אייגענע באלופקע. די שטעט

זיינען אויסגעוואקסען פון האנדעלס־דערפער, די מערצאל פון די אייג־וואוינער האבען געהאט זייערע אייגענע הייזער. דער וויכטיגסטער געשעפט פון דער לאקאלער פארוואלטונג איז געווען, איינצוטיילען די שטייערען (טעקסעס) צווישען די בעלי־בתים: עס איז דעריבער ביי זיי אויסגעקומען גאנץ נאטירליך, אז גאר יענע זאלען האבען א שטימע ביי די וואלען, וואס צאלען די טעקסעס, דאס הייסט בעלי־בתים. אין אלע קאנסטיטוציעס, וועלכע זיינען אנגענומען געווארען באלד נאך דער ערקלערונג פון אומאפהענגיגקייט, איז פארבליבען דער אייגענטומס־צענז פאר די וואס שטימען. אייגענטום האט געוועהנליך געמיינט א שטוב, אדער א שטיקעל ערד. און אויסנאם האט מען געוועהנליך געמאכט פאר בעלי־מלאכות אין דזשארדזשיא, מסתמא דערפאר, וואס דארטען האבען אימער געפעלט בעלי־מלאכות, און מען האט זיי גע־וואלט צוציען מיט דער ספעציעלער פריווילעגיע.

אלס רעזולטאט פון די באשרענקונגען, האבען ניט מער ווי א פערטעל פון דער צאל דערוואקסענע מאנסבילען געהאט דאס שטים־רעכט.

ניט יעדערער, וואס האט דאס שטים־רעכט, האט געקאנט זיין א קאנדידאט פאר אן עפענטליכען אמט. דער אייגענטומס־צענז פאר קאנדידאטען איז געווען העכער, ווי פאר די וואס שטימען. וויפיל דער קאנדידאט האט געדארפט פארמעגען, האט זיך געווענדעט אן דעם אמט: פאר א העכערען אמט איז נויטיג געווען א גרעסערער פאר־מעגען. א קאנדידאט פאר גובערנאטאר אין מאסאטשוזעטס און אין נארטה קאראליינא האט געדארפט האבען לאנד, וואס איז ווערט גע־ווען 1,000 פונט, דאס הייסט 5,000 דאלאר און אין סאוט קאראליינא — לאנד, וואס איז ווערט געווען 10,000 פונט, דאס הייסט 50,000 דאלאר; אין מערילענד האט א קאנדידאט פאר גובערנאטאר געמוזט האבען אן איינענס פון 5,000 פונט, דאס הייסט 25,000 טויזענט דאלאר*).

אומבאשרענקטע רעליגיעזע פרייהייט איז ניט אנערקענט געווא־רען אין קיין איינציגער פון די נייע קאנסטיטוציעס אפילו שוין אין דעם נייעצענטען יארהונדערט האט נאך א צייט א מענש, וואס גלויבט

*) די רעכענונג אין דאלארס איז איינגעפירט געווארען אין אמעריקע שפעטער, אין 1780.

ניט אין עולם הבא, ניט געטארט זיין קיין עדות און קיין געשווארענער אין געריכט (דזשורימען). אין ניי־העמפשייר, מאסאטשוזעטס און קאנעקטיקוט איז די קאלוויניסטישע קירכע אנערקענט געווען פאר דער שטאטס־קירכע, און די געזעצן געגען אפיקורסים זיינען אלע געבליבן אין קראפט. אין מאסאטשוזעטס האט געברענט דער רעכטער פייער פון דער „רעוואלוציאן", במחילה; און אין דעמזעלבן מאסאטשוזעטס האט א קאטוילישער גלח זיך ניט געטארט ווייזן; ווען מען האט איינעם געכאפט, האט ער געקאנט פאר'משפט ווערן צו זיצן אין טורמע דעם גאנצן לעבן. ווען איינער האט זיך אויסגעשפראכן, אז ער גלויבט ניט אין דער הייליגער תורה, האט אים געקומט זיצן. פארן אום „שבת" (ס'הייסט אום זונטאג) האט מען ניט געטארט; פאר מחלל שבת זיין, פלעגט מען ארייננזעצן. דער געזעץ האט גע־צוואונגען יעדן איינעם צו געהן אין שול (טשוירטש) דאוונען.

אין באסטאן האט מען שטארק אגיטירט געגען די דאזיגע געזע־צען, אבער די פארמערס זיינען געווען זער פרום און זיי האבן געהאט די מאיאריטעט.

נאר א קריסט האט געמעגט ערוועלט ווערן פאר אן עפענטליכען אמט; אין ניין שטאטן פון די דרייצן האבן די קאטאליקען ניט געקאנט ערוועלט ווערן פאר קיין אמט; די אידען האבן דאס רעכט ערוועלט צו ווערן אין ערגעץ ניט געהאט.

די דאזיגע רעליגיעזע באשרענקונגען אין די „רעוואלוציאנערע" קאנסטיטוציעס באווייזן, אז דער אויפשטאנד געגען ענגלאנד האט ניט איבערגעביטן די פארצייטיגע אידעען־וועלט פון די קאלאניסטען. נאר ווען די קאלאניעס האבן זיך פאראייניגט אין א פארבאנד, זיי־נען די בירגער פון יעדער קאלאניע אנערקענט געווארען פאר פול־בארעכטיגטע בירגער פון די פאראייניגטע שטאטן. אבער אין יעדן שטאט האבן די בירגער געהאט זייער אייגענע אמונה; מיט דער אנטוויקלונג פון האנדעל צווישען די שטאטען, האט זיך די באפעלקע־פעלקערונג צומישט: קוויקערס פון פענסילווייניא און קאטאליקען פון מערילענד פלעגן קומען קיין באסטאן און באזעצן זיך דארטען. די באשרענקונגען פון זייערע רעכטען זיינען געשטאנען אין ווידער־שפרוך מיט דעם נייעם פרינציפ, אז דער בירגער פון איין שטאט איז א פולבארעכטיגטער בירגער אין די פאראייניגטע שטאטען. ביס־

לאכווייז זיינען אלע רעליגיעזע באַשרענקונגען אָפּגעשאַפט געוואָרען, אָבער עס האָט גענומען אַ צייט. אין קאָנעטיקוט האָבען די אידען געקראָגען גלייכבאַרעכטיגונג נאָר אין 1843, דאָס הייסט 67 יאָר נאָך דער „דעקלאַרעישאָן אָוו אינדעפּענדענס"*).

*) אין אַכט שטאַטען זיינען נאָך איבערגעבליבען בירושה פון די אַלטע צייטען געוויסע באַשרענקונגען פון רעליגיעזע פרייהייט. אין זעקס שטאַטען פון „די סאוט" (דרום) — מערילענד, די קאָראָליינאַס, מיסיסיפּי, טעקסעס און אַרקאַנסאָ — האָט אַן אַטעאיסט קיין רעכט ניט ערוועלט צו ווערען פאַר אַן עפענטליכען אַמט. אין דעם אינדוסטריעלען שטאַט פּענסילווייניאַ און אין טענעסי טאָר מען ניט ערוועלען פאַר אַן עפענטליכען אַמט אַ מאַן, וואָס גלויבט ניט אין יענער וועלט. אָבער די דאָזיגע געזעצען זיינען שוין היינט צו טאָג ניט מער ווי אַ טויטער בוכשטאַב; עס וועלען זיך געפינען ווייניג אַמעריקאַנער, וואָס וויסען אפילו, אַז עס זיינען נאָך ערגעץ אין די ביכער פאַראַן אַזעלכע געזעצען.

## דריטער קאפיטעל

# די בילדונג פון אַ פעדעראַציע.

בשעת די אמעריקאנער קאלאניעס זיינען נאך געווען אונטער דער בריטישער קרוין, איז יעדע קאלאניע געווען א באזונדערע מדינה. זייער פאליטישע פארבינדונג צווישען אנאנדער איז באשטאנען סך הכל אין דעם, וואס זיי האבען אלע אנערקענט כלומר'שט די הערשאפט פון דעם ענגלישען קעניג. עס איז געווען פונקט אזא פאפירענע פאר־בינדונג ווי היינט צו טאג די פארבינדונג צווישען קאנאדא און אויס־טראליע. פאקטיש איז די הערשאפט פון דעם קעניג גופא אויך גע־ווען ניט מער ווי אויפ'ן פאפיר. ווען די קאלאניעס האבען זיך ער־קלערט פאר אומאפהענגיג, איז מיט דער פאפירענער קעניגליכער מאכט אויך געווארען אן ענד. יעדע קאלאניע איז געווארען א פאלשטענדיגע אומאפהענגיגע רעפובליק מיט אן אייגענער רעגירונג, וואס איבער איר איז קיין העכערע מאכט ניט געווען. די דאזיגע אומאפהענגיגקייט פון די שטאטען האט געדויערט פינף יאר.

דער קאנגרעס, וועלכער האט ארויסגעגעבען די „דעקלערעישאן אוו אינדעפענדענס", איז געווען איינפאך א צוזאמענפאר פון דעלע־גאטען, וועלכע האבען פארטראטען די קאלאניעס, וואס האבען רע־וואלטירט געגען ענגלאנד. די דעלעגאטען האבען געהאט דיזעלבע מאכט, ווי די דעלעגאטען צו אן אינטערנאציאנאלען קאנגרעס פון אומאפהענגיגע מלוכות. אין דער „דעקלערעישאן אוו אינדעפענדענס" שטעט בפירוש, „אז די ז ע פ א ר א י י נ י ג ט ע ק ל א נ י ע ס, זיינען און על פי יושר דארפען זיין, פרייע און א ו מ א פ ה ע נ־ג י ג ע ש ט א ט ע ן".

די „דעקלערעישאן אוו אינדעפענדענס" טראגט די דאטע פון דעם 4טען יולי 1776; עס זיינען אוועק צוויי יאר, איידער דער קאנגרעס האט אויסגעארבייט די „ארטיקלס אוו קאנפעדערעישאן", דאס הייסט

די יסודות, אויף וועלכע די אומאפהענגיגע שטאטן האבן זיך געזאלט פאראייניגן. אבער, ווי ביי יעדן אינטערנאציאנאלן טראקטאט, איז ניט גענוג געווען, וואס דער קאנגרעס האט אנגענומען די „ארטיקלס אוו קאנפעדערעישאן". זיי האבן נאך געדארפט ראטיפיצירט (גוטגעהייסן) ווערן פון יעדער פון די דרייצן אומאפהענגיגע מלוכות באזונדער, איידער זיי האבן געקענט אריין אין קראפט. דאס האט גענומען נאך דריי יאר. אין די פינף יאר, וואס זיינען אוועק פון דער „דעקלעריישאן אוו אינדעפענדענס" ביז 1781, ווען די „ארטיקלס אוו קאנפעדערעישאן" זיינען ראטיפיצירט געווארן אין אלע שטאטן, האבן די פאראייניגטע שטאטן גאר ניט געהאט קיין שום צענטראלע רעגירונג.

דער „קאנטינענטאלער קאנגרעס". וועלכער איז איז דער צייט געזעסן אין פילאדעלפיא, איז געווען ניט מער ווי א קאמיטע, וואס איז אנגעשטעלט געווארן פאר א ספעציעלן צוועק: צו פירן מלחמה געגען ענגלאנד. ער האט זיך פארנומען מיט אלצדינג, וואס די אומשטענדן האבן געפאדערט. אין דער אמת'ן איז ער געווען ניט מער ווי א באראטענדע קערפערשאפט, וואָרים זיינע באשלוסן האבן נאר דאן געקאנט אויסגעפירט ווערן, ווען די רעגירונגען פון די פארבינדעטע רעפובליקן האבן זיי גוטגעהייסן. אין דער פראקטיק האבן די רעגירונגען פון די שטאטן גרעסטענטיילס גאר ניט געוואלט וויסן פון די פארשלאגן פון דעם קאנגרעס. די „ארטיקלס אוו קאנפעדערעישאן" האבן גארנישט איבערגעביטן אין דער לאגע. זיי האבן איר נאר אנגעטאן א געזעצליכן בגד. די אויפגאבן פון דעם קאנגרעס זיינען באשרענקט געווען אויסשליסליך אויף דער אויסלענדישער פאליטיק. יעדע מלוכה האט איינגעהאלטן איר סואווערעניטעט און איר אומאפהענגיגקייט; נאר „צו פארטיידיגן און צו באווארענען בשותפות זייערע פרייהייטן", האבן זיי אלע געבילדעט א „שטייפן פריינדליכן פארבאנד"" און האבן זיך פארפליכטעט „צו העלפן איינע די אנדערע געגען גוואלט אדער ווען מען וועט אויף זיי אנפאלן". עס איז געווען א סארט פון א „ליעג פון שטאטן" („ליעג אוו ניישאנס"), וואס מען פלאנעוועט איצט צו גרינדן נאך דער מלחמה. די פאראייניגטע שטאטן זיינען געבליבן א פאראייניגונג פון אומאפהענגיגע מלוכות, ניט איין פעדעראטיווע רעפובליק. צוויי יאר נאכדעם ווי די „ארטיקלס אוו קאנפעדערעישאן" זיינען גוט-

געהייסען געווארען פון אלע שטאטען, האט דער קאנגרעס געשלאסען שלום מיט ענגלאנד; איז דעם טראקטאט, וואס איז אנגענומען געווא־רען, ווערען איינגערעכענט מיט די נעמען אלע דרייצען „פרייע, סוא־ווערענע און אומאפהענגיגע מלוכות". אלס די צדדים צווישען וועלכע עס איז געשלאסען געווארען דער טראקטאט.

יעדער שטאט איז בארעכטיגט געווען צו שיקען פון צוויי ביז זיבען „דעלעגאטען" צו דעם קאנגרעס, אבער זיי האבען אלע צוזא־מען געהאט נאר איין שטימע. אויף דער צייט פון איין סעסיע צו דער אנדערער האט דער קאנגרעס געהאט דאס רעכט אויסצוקלייבען איין דעלעגאט פון יעדען שטאט איז דער קאמיטע פון די שטאטען. אויף די באשלוסען פון דעם קאנגרעס זיינען ערוב געווען די רעגירונגען פון די שטאטען.

דאס איז געווען דער אנפאנג פון דעם פארבאנד, מען האט זיך באלד ארומגעזעהן איז דער פראקטיקא, אז אזא מין ארגאניזאציע איז ניט צוגעפאסט געווען צו די באדערפניסען. וואס זיינען אנטשטאנען פון דער פאראייניגונג פון די קאלאניעס פאר דעם קאמף געגען ענג־לאנד. אויף אויסצוהאלטען די רעוואלוציאנערע ארמעע זיינען נויטיג געווען גרויסע מיטלען. אבער דער קאנגרעס האט ניט געהאט קיין מאכט צו באשטייערען דעם פאלק אליין. ער האט געמוזט אנקומען צו די רעגירונגען פון די שטאטען די רעוואלוציע איז ארויסגעקומען צוליעב די אינטערעסען פון עטליכע געזעלשאפטליכע גרופען. די סימ־פאטיע צו דעם אויפשטאנד איז אפילו גאר פון אנהויב ווייט ניט גע־ווען אלגעמיין. א גרויסער טייל פון דעם פאלק האט קיין עקאנאמישען אינטערעס ניט געהאט אין דעם קאמף; איז דעם פאליטישען ארגא־ניזם פון די קאלאניעס האט די רעוואלוציע אויך קיין וויכטיגע ענדע־רונגען ניט געמאכט. דאריבער זיינען א היפשע העלפט פון די קא־לאניסטען געבליבען טריי צו דעם קעניג. דער ענטוזיאזם פון די „פאטריאטען"*) איז גיך אפגעקילט געווארען. דער עולם האט זיך צו געבען געלט; אגב האט דאמאלט נאך געהערשט די נאטוראל־ווירטשאפט און געלט איז געווען א גרויסע זעלטענהייט. די נויט איז פשוט אויפגעהערט צו אינטערעסירען מיט דעם קאמף. די לעדזשיסט־

*) „פאטריאטען" האבען זיך גערופען די, וואס זיינען געווען פאר אומאפהענגיגקייט.

לעיטשורס האבען זיך געוויזען זעהר קארג, וועז עס איז אויסגעקומען געווען זער גרויס. דער קאנגרעס האט דאריבער באשלאסען אנצוגעמען די צאלונגען אין לעבענסמיטלען, אבער דאס האט אויך ניט געהאלפען; די הכנסות זיינען אריינגעקומען זעהר שוואך, אזוי ווי פריער. קיין גוטע וועגען זיינען אויך ניט געווען, דאריבער פלעגען די לעבענסמיט־לען פארשפעטיגען אויף גאנצע חדשים. חוץ דעם האט דער סיסטעם געגעבען א גוטע געלעגענהייט צו לאטכונעס, און אין דעם זיינען פאר־מישט געווען די אפיצערען פון דער רעוואלוציאנערער ארמעע.

ניט האבענדיג קיין רעגעלע הכנסות, איז דער קאנגרעס געצוואונ־גען געווען צו בארגען געלט און ארויסצוגעבען פאפיר־געלט אויף צו דעקען די הוצאות. ווי געוועהנליך האט דער ווערט פון די פאפיר־געלט געגומען פאלען און פאלען. עס איז געקומען דערצו, אז א פאר שטיועל האט געקאסט זעקס הונדערט דאלאר ($600). צום סוף פון דער מלחמה האט די „קאנטינענטאלע" געלט אינגאנצען אנגעווארען דעם ווערט*).

דער קאמף פון די אמעריקאנער קאלאניעס געגען ענגלאנד איז גאר ניט געווען קיין גלייכער. די קעניגליכע ארמעע האט געצעלט פינף און זיבעציג טויזענט (75,000) מאן. וואשינגטאנ'ס ארמעע האט קיינמאל ניט איבערגעשטיגען איין דריטעל פון יענער צאל. פון א מיליטערישען שטאנדפונקט איז זי גאר קיין ארמעע ניט געווען. זי איז געווען זעהר ענליך צו דער מיליץ פון די לעטישע רעוואלוציאנערע פויערים אין דער צייט פון דער ערסטער רוסישער רעוואלוציע**). מען האט זיך געפירט אין וואשינגטאנ'ס לאגער גאר אויפ'ן היימישען אופן, און דעם ווירדזשיניער אריסטאקראט און געוועזענעם קעניגליכען אפיצער איז דאס שטארק ניט געפעלען געווארען. יעדער סאלדאט פלעגט קומען און אוועקגעהן, ווען עס האט זיך אים פארגלוסט. זומער, אין ארבייטס־צייט, פלעגען די סאלדאטען אוועקגעהן אהיים ארבייטען אין די פעלדער. פון אנהויב מלחמה האבען זיך פילע אנגעשלאסען אן דער רעוואלוציאנערער ארמעע, ווייל עס האט זיי געטריבען דער

*) דערפון שטאמט דער אמעריקאנער גלייכווערטעל: „איט איז נאט וואירטה איי קאנטינענטאל" (עס איז ניט ווערט אפילו אזוי ווייניג ווי א מטבע פון „קאנטינענטאלען" קאנגרעס).

**) די לעטישע מיליץ איז באשטאנען פון אן ערך דרייסיג טויזענט (80,000) מאן, עפעס שטארקער, ווי וואשינגטאנ'ס רעוואלוציאנערע ארמעע.

כוואטסקער גייסט, עס האט זיך זיי געוואָלט „עקסייטמענט". אבער ווען דער קאמף האט זיך פארצויגען, איז זיי אויסגעקומען צו ליידען שווער און ביטער. ניט זייענדיג צוזאמענגעבונדען דורך דיסציפּלין, איז די ארמעע זעהר גיך צוגאנגען זיך. עס איז וואשינגטאָנ'ען אויסגעקומען זעהר שווער איינצוהאלטען די ווענינע איבערגעבליבענע אין דעם קריטישען מאמענט. די שטימונג פון דער ארמעע איז צום סוף געווען זעהר א רעבעלישע.

אין 1783, ווען עס האט זיך אנגעהויבען די דעמאביליזאציע, האבען זיך אין פילאדעלפיא צונויפגעקליבען אכציג (80) סאָלדאטען; צו מאכען זיך הארץ, האבען זיי גענומען א טרונק און זיי האבען זיך אלע א לאָז געטאָן מיט זייערע ביקסען, אונטער דער קאמאנדע פון זייער „סארדזשענט", צו דער הויז, וואו דער קאנגרעס האט געהאלטען זיינע זיצונגען. ווען זיי זיינען געקומען אהין, האבען זיי גענומען שלײדערען שטיינער אין די פענסטער, פאדערענדיג זייער געהאלט, וואס דער קאנגרעס איז זיי געווען שולדיג. זיי האבען געסטראשעט, אז זיי וועלען ארעסטירען דעם גאנצען קאנגרעס פאר א משכון און וועלען אויפברעכען די באנק, וואו עס איז געלעגען די געלט פון דעם קאנגרעס. די פילאדעלפיער שטאט־פארוואלטונג האט זיך ניט געפילט בכח צו העלפען דעם קאנגרעס. די שטאטס־רעגירונג פון פענסילווייניא האט זיך געפונען אין דערזעלבער הויז. דער קאנגרעס האט זיך געווענדעט צו איר, אבער דער פרעזידענט פון דעם „עקזעקוטיוו קאונסיל" פון פענסילווייניא האט מורא געהאט ארויסצורופען די מיליציע, זי זאל ניט צושטעהן צו די סאָלדאטען. די איינוואוינער האבען אנגעקוקט די דעמאנסטראציע גאנץ גלייכגילטיג. דעם קאנגרעס איז געלונגען צו באהאלטען זיך און אנטלויפען אויף יענער זייט פון דעם טייך דעלאוועאר. פון דארטען איז דער קאנגרעס מיט מזל אנגעקומען קיין פרינסטאן, און דארטען האט ער געפונען א מקום־מקלט אין דעם קאלעדזש.

„אויף דעם אופן — זאגט דער בארימטער אמעריקאנער היסטאריקער פיסק — אין א שטאט פון צוויי און דרייסיג טויזענט, די גרעסטע שטאט אין לאנד, איז די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען... מיט בזיונות ארויסגעטריבען געווארען פון א באנדע בונטאווּרשטשיקעס. פילע האבען זיך לוסטיג געמאכט איבער דער געשיכטע, אבער פארניגפטיגע לייט האבען זעהר ביטער געפילט די חרפה און

האבען זיך געפרעגט, וואס האט אפילו ניט קיין פאליציי, אויף וועל־
כע זי זאל זיך קענען פארלאזען"*).

די דעמאנסטראציע פון די סאלדאטען פון דער רעוואלוציאנערער
ארמעע פאר דעם קאנגרעס אין פילאדעלפיא איז געווען נאר אן אנ־
פאנג צו די צרות, וואס עס האט זיך אנגעהויבען נאך דעם שלום
מיט ענגלאנד. אין דער צייט פון דעם קריג, ניט האבענדיג מיט וואס
צו באצאלען די סאלדאטען, האט דער קאנגרעס באשטימט צו געבען
יעדערען פון זיי א שטיק רעגירונגס־לאנד. דאס האט ארויסגערופען
העפטיגע פראטעסטען אין די „לעדזשיסטלעיטשורס" פון די שטאטען
און א פיינדליכע שטימונג פון פאלק געגען די סאלדאטען. עס איז
איבעריג צו זאגען, אז עס איז געווען אן עולה, וואס די באפעלקערונג
האט זיך אזוי געהאלטען צו די לייט, וואס האבען יארען־לאנג געליטען
אין דעם קאמף פאר דער אומאפהענגיגקייט פון זייער לאנד. די ארמעע
האט איינגיכען געזאלט דעמאביליזירט ווערען, און די אויסזיכטען צו
קריגען באצאלט, וואס עס האט געקומט די סאלדאטען, זיינען געווען
זעהר שוואך, ווייל דער קאנגרעס האט אליין ניט געהאט קיין מאכט
צו באשטייערען די איינוואוינער, ער האט געמוזט אנקומען צו די
לעדזשיסטלעיטשורס, און די לעדזשיסטלעיטשורס זיינען געווען זעהר
קארג. דאריבער האט זיך צווישען דער ארמעע אנגעהויבען אן אגי־
טאציע פאר א מיליטערישער מאנארכיע, וואס זאל האבען די מאכט
צו באשטייערען די איינוואוינער. אז מען דארף אנקומען צו דעם
גאנצען כלל, איז ניטא ביי וועמען צו מאנען, האט מען גערעדט אין די
ארמעע־קרייזען, אין א מאנארכיע האט מען צו טאן מיט איין בעל־
הבית. די צוועקען פון דער באוועגונג זיינען אויסגעדריקט געווען אין
א פראקלאמאציע צו די סאלדאטען, וועלכע איז אויפגעשריבען גע־
ווארען פון דעם רעוואלוציאנערען גענעראל געיטס. — געוועהנליך איז
די פראקלאמאציע ניט געווען אונטערשריבען.

„פריינד! — איז געשטאנען אין דער פראקלאמאציע — נאך
זיבען לאנגע יאר האבען אייערע ליידען און אייער מוט דורכגעפירט
די פאראייניגטע שטאטען דורך אן אומגלייכע און בלוטיגע מלחמה
און האבען צוריק געבראכט די ברכה פון שלום — צו וועמען? צו א
לאנד, וואס איז גרייט נוטצומאכען די עולות וואס איר האט איבער־
געטראגען, אנערקענען זייערע פארדינסטען און באפרידיגען אייך פאר

*) The Critical Period of American History, by John Fiske, p. 113.

אייער מרחת? אדער צו א לאנד, וואס טרעט מיט די פיס אייערע רעכט, וואס באהאנדעלט מיט פאראכטונג אייערע קלאגען און מאכט חוזק פון אייער אומגליק?... אויב מען באהאנדעלט אייך אזוי אין דער צייט, ווען אייערע שווערדען זיינען נאך נויטיג פאר דער פאר־טיידיגונג פון אמעריקא, טא אויף וואס־זשע קאנט איר זיך ריכטען, ווען מען וועט צונעמען ביי אייך די דאזיגע שווערדען, די באגלייטער און געצייג פון אייער רוהם. און עס וועלען בלייבען ביי אייך אלס די איינציגע צייכענס פון מיליטערישער אויסצייכענונג — נויט, קראנקהייט און וואונדען? אויב איר האט שכל און מוט פאר ווידער־שטאנד געגען טיראניי, אונטער וואס פאר א מאסקע זי זאל זיך ניט פארשטעלען, טא וועקט זיך אויף און גיט א קוק אויף אייער לאגע: אויב איר וועט דורכלאזען דעם מאמענט, וועלען אייערע סטרא־שונקעס שפעטער זיין פונקט אזוי פרוכטלאז, ווי אייערע בקשות איצטער".

די אגיטאציע פאר א מאנארכיע האט געפונען אונטערשטיצונג ביי די קרעדיטארען פון דער רעגירונג, וועמעס פארטרעטער איז גע־ווען דער פילאדעלפיער באנקיר מאריס, דער פינאנציעלער אגענט פון דעם קאנגרעס.

דער איינציגער פאסענדער מאן, וועמען מען וואלט געקאנט מא־כען פאר א קעניג, איז געווען דזשארדזש וואשינגטאן, ווייל ער האט זיך געמאכט א גרויסען נאמען אין דער מלחמה און איז געווען אלגעמיין באליבט צווישען דעם פאלק. אבער ווען מען האט אים דערצעהלט דעם פלאן, האט ער זיך מיט אנטריסטונג אפגעזאגט דערפון. צעזא־ריזם אהן א צעזאר איז אוממעגליך. אז וואשינגטאן האט זיך אפגע־זאגט, זיינען די מאנארכיסטישע פלענער געווארען צו נישט.

אבער די עקאנאמישע אינטערעסען, פאר וועלכע עס איז נויטיג געווען צו האבען א שטארקע צענטראלע רעגירונג, האבען ווייטער געווירקט אין דערזעלבער ריכטונג, כאטש אין אן אנדער פארמע.

די קרעדיטארען, וועלכע האבען אויסגעליען געלט דער רעוואלו־ציאנערער רעגירונג אין דער צייט ווען זי האט געקעמפט פאר אומ־אפהענגיגקייט, האבען איצטער פארלאנגט, אז דאס פאלק זאל בא־צאלען די חובות, וואס זיינען געמאכט געווארען צו געווינען דעם קריג פאר אומאפהענגיגקייט. דערצו איז נויטיג געווען א צענטראלע רע־גירונג, וואס זאל האבען די מאכט צו באשטייערען די איינוואוינער,

נים אנקומענדיג צו די „לערזשיסטלעיטשורס" פון די איינצעלנע שטאטען.

אין דער צייט פון דעם קריג האבען די ענגלישע קרייצערס רואי־נירט דעם האנדעל צווישען ניי־ענגלאנד און וועסט־אינדיע; דער שיפען־בוי אין ניי־ענגלאנד איז דורכדעם איינגאנצען געפאלען. איר האנדעל האט געפאדערט, עס זאל געשלאסען ווערען א האנדעלס־טראקטאט מיט ענגלאנד, וואס זאל באזייטיגען די באשרענקונגען גע־גען אמעראקאנער סוחרים און שיפס־אייגענטימער. אבער דער קאנ־גרעס האט גארנישט ניט געקאנט געבען ענגלאנד פאר די פריווילע־גיעס, וואס דער אמעריקאנער האנדעל האט נויטיג געהאט. פאר־קערט, צווינגען ענגלאנד נאכצוגעבען דורך א הויכען טאריף אויף אימפארטירטע סחורות, איז אויך געווען אוממעגליך, ווארים דער קאנגרעס האט קיין שום מאכט ניט געהאט איבער דער צאל־פאליטיק פון די שטאטען. פאקטיש האט זיך דאמאלט איין שטאט אפגעצאמט מיט א צאל־טאריף פון דעם אנדערען, בעת דערזעלבער שטאט פלעגט לאזען פריי אימפארטירען ענגלישע סחורות.

בעת די פאראייניגטע שטאטען האבען געפירט קריג מיט ענג־לאנד, זיינען אין אמעריקא געווען צענדליגע טויזענטער „טארים", וואס זיינען טריי געבליבען צום קעניג. צו ראטעווען זיך פון די פיינדליכע פאלקס־דעמאנסטראציעס, זיינען זיי געצוואונגען געווען צו עמיגרירען. דאס זיינען גרעסטענטיילס געווען רייכע סוחרים און באנקירען, וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט ענגלאנד צוליב גע־שעפט. זייערע בעלי־חובות האבען, פארשטעט זיך, אויפגעהערט צו צאלען די אנטלאפענע „פאררעטער". דאס לאנד־אייגענטום (ריעל־עסטייט) פון די פאררעטער איז אריינגעפאלען אין די הענט פון די פאטריאטישע בירגער. ווען די פאראייניגטע שטאטען האבען גע־מאכט שלום מיט ענגלאנד, האט די רעגירונג גענומען אויף זיך אומ־צוקערען דאס אייגענטום פון די אנטלאפענע בריטישע אונטערטאנען. אבער עס איז א סך לייכטער געווען דאס צוצוזאגען, איידער אויסצו־פירען. די עפענטליכע מיינונג אין אמעריקא איז געווען פיינדליך צו ענגלאנד, און ווען א טארי פלעגט אנגעבען אויף אן אמעריקאנער אין געריכט, האט דער טארי געהאט קנאפע אויסזיכטען צו געווינען פאר אן אמעריקאנער דזשורי. די ענגלישע רעגירונג האט זיך בא־קלאגט, אז די פאראייניגטע שטאטען היטען ניט אפ דעם קאנטראקט.

און זי האט דערפון געמאכט א תירוץ צו בלייבן אין די פעסטונגען אויפ'ן גרענעץ פון דעם געביט פון די אינדיאנער. דאס איז געווען א גרויסער היזק פאר די אמעריקאנער פעל־הענדלער, ווייל דער האנ־דעל מיט די אינדיאנער איז דורכדעם איבערגעגאנגען צו די ענגלישע סוחרים.

בקיצור, א גרויסער טייל פון די האנדעלסלייט און פון דער אינ־דוסטריעלער באפעלקערונג האבן נויטיג געהאט א צענטראלע רעגי־רונג, אז יעדער שטאט זאל פארבלייבן פאליטיש אפגעזונדערט פון די איבעריגע, האט געשטאמט פון עקאנאמישער אפגעשטאנענקייט. דאס רוב פון דער באפעלקערונג זיינען געווען פארמערס. כמעט אלץ, וואס פארמער האט געדארפט אויף צו לעבן, האט ער פראדו־צירט פאר זיך אליין אויף זיין פארם; אויף דער שפראך פון דער פאליטישער עקאנאמיע, האט צווישען די פארמערס נאך געהערשט די נאטוראל־ווירטשאפט. די בעלי־מלאכות האבן געארבייט פאר די ארומיגע פארמערס; אלץ, וואס מען האט געדארפט, האט מען גע־קראגן אויף דעם נאהענסטען מארק. דער האנדעל צווישען די שטא־טען איז געווען זעהר קליין. די איינוואוינערשאפט איז געווען צו־שפרייט זעהר שיטער, אומעטום איז געווען פרייע לאנד, עס איז פאר קיינעם ניט נויטיג געווען צו זוכען נייעם פלאץ אין א ווייטער גע־גענד. די גאנצע וועלט האט זיך געענדיגט פאר דעם פארמער מיט זיין קאונטי. אין דעם יאר 1783, ווען די פאראייניגטע שטאטען הא־בען געמאכט שלום מיט ענגלאנד, האבען פאר דעם גאנצען פארקער צווישען ניו יארק און באסטאן, אי פאר רייזענדע אי פאר סחורה, געקלעקט צוויי דיליזשאנסען א טאג. אלע צוואנציג מייל (30 וויארסט) פלעגט מען בייטען די פערד (אזוי ווי נאך היינט אין דער ווייטער סיביר), און ווען דער וועג איז געווען א גוטער, פלעגט מען מאכען פערציג מייל א טאג. אין א שלעכטען וועטער פלעגען די פאסאזשירען מוזען ארויסקריכען פון דער פור און העלפען די בעלי־עגלה'ס ארויס־שלעפען די רעדער פון דער טיפער בלאטע. נאך א וואך רייזע פלעגט דער פאסאזשיר קומען א צובראכענער, א צוטרייסעלטער קיין ניו יארק. דאס איז געווען דער צושטאנד פון די וועגען אין דעם ציוויליזירטען טייל פון די פאראייניגטע שטאטען. אין די דרום־שטאטען זיינען אפילו קיין דיליזשאנסען אויך ניט געווען. די וועגען האבען געטויגט נאר אויף צו רייטען. די פארבינדונג איז געווען דערהויפט מיט'ן

וואסער. אכסניות זיינען געווען זעלטען און שלעכט; אין איין הדר זיינען געווענליך געשלאפען א האלב טוץ אורחים. די פלאנטאטארס זיינען געווען זער גאסטפריינדליך, אזוי ווי די רוסישע פעמיעשטשי־קעס אין דער צייט פון דער לייבאייגענשאפט (קריעפאסטנאיע פראַ־וואָ). — יעדער רייזענדער האט געקענט פארפארען צו א פלאנטאטאר אין הויף און מען פלעגט אים אויפנעמען ווי א גאסט. די רייזע פון סאוטה קאראליינא קיין באסטאן האט געדויערט אזוי לאנג ווי קיין אייראפא. פארשטעהט זיך, פלעגט מען רייזען זער זעלטען. עס איז ניט געווען צוליב וואס צו רייזען. קיין געשעפטען מיט ווייטע שטעט האט מען ניט געפירט. יעדער איז געזעסען, וואו ער איז געבארען געווארען. זעלטען ווער פלעגט איבערוואנדערען אין א צווייטען גע־גענד. דאריבער איז זעלטען וועמען אויסגעקומען צו פארען זעהן זיך מיט קרובים. די פלאנטאטארס פון די דרום־שטאטען פלעגען אויף ווינטער קומען פארברענגען די צייט אין טשארלסטאן, אזוי ווי די רוסישע פאמיעסטשיקעס אמאל „אין דער גובערניע". רייכע לאנד־באזיצער פון ארום האדסאן־ריווער פלעגען קומען קיין ניו־יארק צוליב פארגעניגען. אבער אזא פארקער איז ניט געווען קיין טייל פון דעם געשעפטס־לעבען.

די פאסט פון פילאדעלפיא קיין ניו יארק פלעגט געהן דריי מאל א וואך, פון ניו יארק קיין באסטאן צוויי מאל א וואך, פון באלטימאר ווייטער קיין דרום איין מאל א מאנאט. ווען איינער פלעגט קריגען א בריף, איז דאס געווען א גרויסע פאסירונג פאר דעם גאנצען געגענד. אונטער אזעלכע אומשטאנדען האבען די צייטונגען געהאט נאר א לאקאלען לעזער־קרייז; די צירקולאציע האט געווענליך ניט איבער־שטיגען צוויי הונדערט עקזעמפלארען. די ערשטע טעגליכע צייטונג איז געגרינדעט געווארען אין 1784.

אין אזא צושטאנד זיינען די איינוואוינער פון פארשיידענע שטאטען געווען גאנץ פרעמד איינע צו די אנדערע. דער אונטערשייד פון רעליגיאן, פון שפראך, פון נאציאנאליטעט און פון דעם גאנצען סאציאלען סדר זייערען, האט נאך מער דערווייטערט איין שטאט פון דעם אנדערען. די האלענדישע באפעלקערונג פון ניו יארק האט נאך גערעדט האלענדיש; אין פענסילוועניא איז די איינוואוינערשאפט געווען העלפט א דייטשע! אין דעלאווער איז די באפעלקערונג געווען א שוועדישע. די קאטאליקען פון מערילענד און די קוויקערס פון

פענסילוועניא האבען געהאט גוטע אורזאכען ניט צו טרויען די פורי־טאנער פאנאטיקער פון ניי־ענגלאנד. די פלאנטאטארישע אריסטאָ־קראטיע פון ווירדזשיניא האט געקוקט מיט פאראכטונג אויף די קרעמערלעך פון ניי־ענגלאנד, די יענקים, און יענע האבען, ווי פראסטע מענשען, פיינט געהאט די ליידיג־געהער, די שקלאפענהאלטער פון די דרום־שטאטען. די שנאה האט נאך געשטאמט פון ענגלאנד: די פורי־טאנער האבען געמוזט אנטלויפען צוליב די פארפאלגונגען פון דער אריסטאקראטישער ענגלישער רעגירונג. מיט א יאר דרייסיג שפעטער האבען די ענגלישע אריסטאקראטען געמוזט אנטלויפען פאר דער פור־יטאנישער רעוואלוציאן, זיי האבען זיך באזעצט אין ווירדזשיניא און מיט דער צייט זיינען זיי געווארען פלאנטאטארס.

עס איז גאנץ נאטירליך, אז יעדער שטאט האט געזוכט צו באַ־ווארענען זיין אייגענע אומאפהענגיגקייט, וועלכע זיי האבען געוואונען נאך יארען קריג.

דער קריג האט רואינירט אלע געשעפטען און אין געלט זיינען אלע געוועז קורץ. אבער דאס רוב פון די שטאטען האבען געהאט גרויסע וויסטעגישען אביסעל ווייטער אין די וועסט, אויף יענער זייט פון די אלעגהאנישע בערג. די לענדער האט מען געקאנט פארקויפען און דערפון האט מען געקאנט מאכען אביסעל געלט פאר די הוצאות פון דער רעגירונג.

דריי שטאַטען, וואס האבען קיין אייגענע לענדער אין דער וועסט ניט געהאט (ניו דזשוירזי, דעלאווער און מערילענד), זיינען באַשטאנען אויף דעם, אז יענע וויסטענישען זאלען איבערגעגעבען ווערען צום קאנגרעס. מען האט זיך וועגען דעם א צייט געאמפערט, אבער צום סוף האבען די איבעריגע שטאטען צוגעשטימט דערצו. די גאַנצע אפגעטראטענע טעריטאריע איז געשטעלט געווארען אונטער דער השגחה פון קאנגרעס. דערמיט האט די מאכט פון קאנגרעס געקראגען אַ עקאנאמישען פונדאמענט.

דער קאנגרעס האט נויטיג געהאט די מזומנים באלד, ער האט ניט געקאנט ווארטען ביז וואנען די ווייטע לענדער וועלען באזעצט ווערען פון פיאנערען. דאריבער האט זיך געגרינדעט א קאמפאניע קאפיטאליסטען, וועלכע האבען אפגעקויפט אומגעהייער גרויסע שטי־קער לאנד אויף צו פארקויפען זיי שפעטער אויף אויסצאלען צו קאלאניסטען. אין יענער קאמפאניע זיינען פינאנציעל פאראינטערע־

סירט געווען די גרעסטע בלל־טוערס פון יענער צייט. אום צו באַשיצן אירע אייגענע אינטערעסן, האָט די קאָמפּאַניע אַגיטירט דערפאַר, אַז די גאַנצע טעריטאָריע זאָל ליגן דירעקט אין די הענט פון קאָנגרעס.

צו יענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף צווישן די פאַרשולדיגטע פאַרמערס און די מלוים. אין מאַסאַטשוסעטס האָבן די חובות פון די פאַרמערס באַטראָפן אַרום 7,000,000 דאָלאַר, וואָס דאָס האָט אויסגעמאַכט אַן ערך 100 דאָלאַר דורכשניטליך אויף יעדן בעל־הבית. און די שטאַטס־חובות פון מאַסאַטשוסעטס האָבן באַטראָפן אויך אַזוי פיל. אַ פאַרמער פלעגט פאַרקויפן און קויפן דורכשניטליך אויף צען דאָלאַר ($10) אַ יאָר. עס איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז אַ פּריוואַט חוב פון הונדערט דאָלאַר איז געווען איבער די כחות פון אַ פאַרמער. אין יענע צייטן פלעגט מען פאַר אַ חוב אַריינזעצן אין טורמע. דעריבער איז דער קאַמף צווישן די מלוים און די פויערים צוגעגאַנגען זער שטורעמדיג: די פויערים פלעגן באַפאַלן די געריכטן און די אַדוואָקאַטן און באַפרייען די אַרעסטירטע בעלי־חובות.

גאַנץ נאַטירליך, ווען עס איז געקומען אויסצואַרבייטן דעם פּלאַן פון דער פאַרוואַלטונג פון דער טעריטאָריע, האָבן די לאַנד־ספּעקולאַנטן מורא געהאַט, אַז אויב די קאָלאָניסטן וועלן קריגן אויטאָנאָמיע, וועלן די קרעדיטאָרן, וואָס וואוינען ניט אין דער טעריטאָריע, מוזן אַנקומען צו דער לאַסקע פון זייערע בעלי־חובות, ווייל אַליין וועלן זיי דאָך קיין שטימע ניט האָבן.

די פאַרוואַלטונג פון די טעריטאָריעס איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם געזעץ פון 1787; ער בלייבט נאָך אין זיינע הויפּט־שטריכן אין קראַפט עד־היום. דער גובערנאַטאָר און די ריכטער ווערן אַנגעשטעלט אין די טעריטאָריעס פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטן, די איינוואוינער האָבן אין דעם קיין דעה ניט. די געזעצגעבענדע מאַכט אין די טעריטאָריעס געהערט דעם קאָנגרעס; דאָס איז אין דער טעאָריע, אין דער פּראַקטיק האָט דער קאָנגרעס געשאַפן „לעדזשיסלעיטשורס" אין די טעריטאָריעס און זיי געגעבן דאָס רעכט צו מאַכן געזעצן; די „לעדזשיסלעיטשור" ווערט אויסגעקליבן אַזוי ווי אין די שטאַטן, אָבער זי טאָר ניט מאַכן קיין געזעץ, וואָס קאָן „באַשרענקען די קראַפט פון קאָנטראַקטן".

דער פונקט איז דערנאך אריין אין דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען און אין די שפעטערע קאנסטיטוציעס פון די שטאטען. דער צוועק זיינער איז געווען צו באוואָרענען די אינטערעסען פון די מלוים געווען זייערע אָרימע בעלי־חובות און געגען די רעגירונגען פון די שטאטען, וואס זיינען געווען איבער'ן קאפ אין שולדען. אלזא האט מען אפגעריסען א גרויסע טעריטאריע פון די שטאטען און געשטעלט זי אונטער דער מאכט פון דער צענטראלער רעגירונג.

דאס איז געווען דער ערסטער שריט. אין דעמזעלבען יאר האט זיך צוזאמענגעקליבען די „קאנסטיטושאנאל קאנווענשאן" (אוטשרעדיטעלנאיע סאבראניע), וועלכע האט געהאט דעם צוועק אויסצוארבייטען א פלאן פון א צענטראלער רעגירונג. די רעזאלוציע פון דעם קאנגרעס, וואס איז אנגענומען געווארען דעם 21טען פעברואר 1787, האט באשטימט איינצורופען די קאנווענשאן „בפירוש פאר דעם איינציגען צוועק צו רעווידירען די „ארטיקלס אוו קאנפעדעריישאן", און דריי שטאטען, ניו יארק, קאנעקטיקוט און מאססאטשוסעטס, האבען די ווערטער איבערגע'חזר'ט אין די אינסטרוקציעס צו זייערע דעלעגאטען. אבער די קאנווענשאן האט זיך גענומען די מאכט אויסצוארבייטען גאר א נייע קאנסטיטוציע.

אין די דעבאטען אויף דער „קאנסטיטושיאנאל קאנווענשאן" און שפעטער אין דער קאמף פאר איר גוטהייסונג פון די שטאטען, האט זיך אויסגעדריקט דער עקאנאמישער קאמף צווישען די קאפיטאליסטען פון יענער צייט — די האנדעלס־קאפיטאליסטען און די געלט־קאפיטאליסטען — פון איין זייט, און די פארמערס פון דער אנדער זייט. דער אמעריקאנער היסטאריקער, טשארלז פרענסיס אדאמס, זאגט אין דער ביאגראפיע פון זיין זיידען, דעם צווייטען פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען, אז די קאנווענשאן „איז געווען די ארבייט פון די האנדעלס־לייט אין די פארטען ביים ברעג ים, פון די פלאנטאטארס אין די שקלאפען־שטאטען פון די אפיצערען פון דער רעוואלוציאנערער ארמעע און פון עשירים אומעטום". געגען זיי זיינען געווען, זאגט ער ווייטער, „א גרויסע מאיאריטעט פון יענע, וואס זיינען געווען די שטארקסטע קעמפער פאר אומאפהענגיגקייט פון ענגלאנד*).

די צוזאמענשטעלונג פון דער קאנווענשאן איז געווען זעהר ענליך

*) C. F. Adams, "The Works of John Adams", Vol. I, p. 441.

צו דער דריטער דומא: די דעלעגאטען זיינען געווען שקלאפענהאלטער און רייכע געשעפטס־לייט. די ראדיקאלע פירער פון דער רעוואלוציע, ווי דזשעפערסאן אדער אדאמס, זיינען צווישען די דעלעגאטען ניט געווען. אנדערע, וואס האבען אין 1776 גערעדט זער ראדיקאל, זיינען אין די עלף יאר געווארען זער קאנסערוואטיוו.

„קאנסערוואטיזם און א שטארקער אומצוטרויען צו א פאלקס־רעגירונג — זאגט פראפעסאר סמיט — האט כאראקטעריזירט דורך און דורך די פארהאנדלונגען פון דער קאנווענשאן*). די מערסטע דעלעגאטען האבען ערקלערט אלע צרות פון לאנד מיט „דעם טומעל און די נארישקייטען פון דעמאקראטיע", ווי איינער פון די פראמינענ־טע דעלעגאטען, רענדאלף פון ווירדזשיניא, האט זיך אויסגעדריקט. אן אנדער דעלעגאט, גערי פון מאסאטשוסעטס, האט אויך מורא געהאט פאר „צופיל דעמאקראטיע" און פאר דער „געפאר פון דעם גייסט פון גלייכהייט". גאווערנאר מארים איז געווען מיט דער מיינונג, אז „אייגענטום איז דער הויפט־צוועק פון דער געזעלשאפט".

די דעלעגאטען זיינען געווען צוטיילט אין צוויי פארטייען. די הערשענדע פארטיי האט זיך גערופען „פעדעראליסטען", דער נאמען אבער האט באטייט אקוראט דער היפך דערפון, וואס מען פארשטעהט אלגעמיין אונטער יענעם נאמען.

די אמעריקאנער „פעדעראליסטען" פון יענער צייט זיינען געווען צענטראליסטען. זיי האבען געוואלט שאפען וואס מען רופט אין דער שטאטס־וויסענשאפט א „בונדעס־שטאט" אויף דער שטעלע פון א „שטאטען־בונד", וואס האט דאמאלט עקזיסטירט אין אמעריקא. א שטאטען־בונד איז א פארבאנד פון גאנץ אומאפהענגיגע מדינות פאר אויסלענדישע געשעפטען; די צענטראל־רעגירונג פון דעם שטאטען־בונד איז ניט מער ווי א קאמיטע פון די שטאטען פאר אזעלכע גע־שעפטען; זי האנדעלט נאר מיט די שטאטען אלס קערפערשאפטען, צו די בירגער האט זי קיין שייכות ניט. א בונדעס־שטאט איז פאר געוויסע אנגעלעגענהייטען איין איינציגער שטאט, און וואו עס האנ־דעלט זיך אום אזעלכע געשעפטען וואס געהערען צו אים, האט די צענטראלע רעגירונג דירעקט צו טאן מיט די בירגער, ניט מיט די שטאטען.

---

*) J. Allen Smith, "The Spirit of American Government," p. 33.

נאטירליך, אין פארגלייך מיט רוסלאנד אונטער די ראמאנאוס, אדער מיט פראנקרייך, איז א בונדעס־שטאט נאך אויך ניט קיין צענטראליזירטער שטאט. אבער וועגען אזא צענטראליזירטען שטאט האט מען אין יענער צייט גאר ניט געקאנט טראכטען אין אמעריקא. עס האט זיך געהאנדעלט אום דעם, עס זאל כאטש זיין א צענטראלע רעגירונג מיט א באשטימטער מאכט.

די פעדעראליסטען זיינען געווען די פארטרעטער פון די געשעפטס־לייט און פון דעם געלט־קאפיטאל; פאר זיי איז נויטיג געווען א שטארקע צענטראלע רעגירונג. זיי זיינען געווען די טרייב־קראפט פון דער קאנווענשאן. די אפאזיציע האט פארטראטען די אינטערעסען פון דער לאנדווירטשאפט. זיי האבען געוואלט, אז אלצדינג זאל בלייבען ווי בעפאר. אבער ווי שטארק דער אונטערשייד איז געווען, אין איין זאך זיינען ביידע פארטייען, חוץ עטליכע דעלעגאטען, געווען איינ־יג: זיי האבען ביידע געזוכט צו באווארענען דורך דער קאנסטיטושאן די פאליטישע מאכט פון די גבירים. דער פירער פון די פעדעראליסטען, אלעקסאנדער האמילטאן, איז אנטשידען געווען פאר א מאנארכישער רעגירונג, אלס קאמפראמיס אבער האט ער פארגעשלאגען, אז דער פרעזידענט זאל אויסגעקליבען ווערען אויף זיין גאנצען לעבען. די מאיאריטעט פון דער קאנווענשאן האבען מורא געהאט פאר דעמאקראטיע אזוי שטארק ווי ער, אבער זיי האבען געפונען אז א פלוטאקראטישע אליגארכיע (דאס הייסט א רעגירונג פון א קליינער צאל נגידים) איז א סך גלייכער, איידער איין מאן זאל האבען די גאנצע מאכט.

דער גייסט פון דער קאנווענשאן האט זיך זעהר בולט אויסגעדריקט אין דעם, וואס אין דער קאנסטיטושאן, וועלכע זי האט אויסגעארבייט, האבען געפעלט אלע גאראנטיעס פון רעליגיאנס־פרייהייט, פון רעדע־פרייהייט, פון פרעס־פרייהייט; קיינער איז ניט געווען זיכער געגען ארעסט אין זיין הויז, און דאס רעכט צו פאדערען א „דזשורי" איז אודי ניט גאראנטירט געווען פון דער קאנסטיטושאן. דערפאר אבער האט די קאנווענשאן געלעגט א חרם געגען אלע געזעצען וואס „באשרענקען די קראפט פון קאנטראקטען". דאס הייסט געגען יעדען פארזוך צו פארלייכטערען דורכ'ן געזעץ די משא פון דעם בעל־חוב.

אין אונזער צייט איז דער פונקט פון דער קאנסטיטושאן זעהר אפט אויסגענוצט געווארען צו ערקלערען פאר אומגילטיג אלע געזעצע,

וואס באשרענקען דעם ארבייטס־טאג, ווייל, טענה'ן די געריכטען, ווען דער ארבייטער באדינגט זיך מיט א בעל־הבית צו ארבייטען צוועלף שעה א טאג און דער געזעץ זאגט אים: ניין, דו טארסט ניט אר־בייטען מער ווי צען שעה, — הייסט דאך דאס, אז דער געזעץ בא־שרענקט די קראפט פון קאנטראקטען.

די פאראייניגטע שטאטען האבען גע'ירשה'ט זייערע געזעצען פון ענגלאנד, אבער אין ענגלאנד מעג דער פארלאמענט באשרענקען די צאל ארבייטס־שטונדען. וואס דער שטאט טאר זיך ניט ארייננמישען אין דער פארהעלטנים צווישען קאפיטאל און ארבייט אין אמעריקא, איז אלזא דער רעזולטאט פון דער אמעריקאנער קאנסטיטושאן.

די דעלעגאטען האבען אזוי מורא געהאט פאר דעם פאלק, אז זיי האבען אפגעהאלטען זייערע זיצונגען הינטער געשלאסענע טירען. אלע זיינען פארפליכטעט געווען צו האלטען בסוד וואס מען האט דארטען גערעדט. ווען די קאנוועגשאן האט זיך געענדיגט, האט מען די פרא־טאקאלען איבערגעגעבען וואשינגטאנ'ען, ער זאל זיי האלטען, און זיי זיינען פארעפענטליכט געווארען נאר מיט פופציג יאר שפעטער, ווען אלע דעלעגאטען זיינען שוין געווען טויט.

## פערטער קאפיטעל

# די קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען.

דער קאמף צווישען די פעדעראליסטען און זייערע געגנער, וועלכע האבען געוואלט מאכען די שטאטען גאנץ אומאפהענגיג, האט זיך געענדיגט מיט א קאמפראמיס ווענען דער ארגאניזאציע פון דער פאלקס־פארטרעטונג. ווי מיר האבען געזעהן, האבען די קאנסטיטוציעס פון די מערסטע שטאטען אנגענומען פאר זייערע „לעדזשיסטלעיטשורס" דעם פלאן פון צוויי קאמערען. די געזעצגעבענדע קערפערשאפט פון די פאראייניגטע שטאטען, דער קאנגרעס, איז אויך אויפגעבויט געווארען נאך דעמזעלביגען פלאן; דערביי אבער האט מען די אונטער־הויז, די „אהוז אוו רעפרעזענטעטיווס", ארגאניזירט נאך דעם פרינציפ פון די פעדעראליסטען, און דעם סענאט נאך דעם פרינציפ פון די פארטיידיגער פון דער אויטאנאמיע פון די שטאטען. די גאנצע לאנד איז איינגעטיילט געווארען אין גלייכע דיסטריקטען און יעדער דיסטריקט ערוועלט איין פארטרעטער אין קאנגרעס; פון דער אנדערער זייט שיקט יעדער שטאט, אלס אזעלכער, צוויי פארטרעטער אין סענאט. די אונטער־הויז האט אלזא געזאלט פארטרעטען די אינטערעסען פון דער גאנצער נאציאן, און דער סענאט האט געזאלט באווארענען די אומאפהענגיגקייט פון יעדען שטאט. די קאנגרעסלייט ווערען ערוועהלט דירעקט פון די בירגער, דערמיט ווערט אויסגעדריקט די נאציאנאלע אידעע, אז אלע בירגער געהערען צו איין נאציאן; די סענאטארען, פארקערט, פארטרעטען דעם שטאט, דאריבער ווערען זיי ערוועהלט פון דער „לעדזשיסטלעיטשור" פון דעם שטאט*).

*) אין 1913 איז די קאנסטיטוציע געענדערט געווארען אין דעם פרט: לויט דעם זיבעצעגטען אמענדמענט ווערען די סענאטארס איצטער ערוועהלט דירעקט דורך די שטימען פון די וואוטערס.

**) פאר עטליכע שטאטען איז אין דעם פרט אויך געמאכט געווארען אן אויסנאם, ווי צום ביישפיל, אין מעין ווערען די וואלען פאר'ן קאנגרעס געהאלטען אין סעפטעמבער.

די סענאַטאָרען פון די פאַראייניגטע שטאַטען זיינען נאָך דער קאָנסטיטוציע ערוועהלט געוואָרען דורך אַן אָפּשטימונג פון ביידע הייזער פון דער „לעדזשיסטלעיטשור". אין דער צייט, ווען די קאָנ־סטיטוציע איז אויסגעאַרבייט געוואָרען, איז דער צענז פאַר די סע־נאַטאָרען פון דער „לעדזשיסטלעיטשור" געווען אַ העכערער, ווי פאַר מיטגלידער פון דער אונטער־הויז פון דעם שטאַט. דאַריבער האָט מען זיך גערעכט, אַז די סענאַטאָרען וואָס וועלען ערוועהלט ווערען פאַר'ן קאָנגרעס פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלען רעפּרעזענטירען אַ רייכערען קלאַס, ווי די קאָנגרעסלייט. אויף דעם אופן האָט מען אין דעם סענאַט פאַראייניגט דעם פעדעראַליסטישען פּרינציפּ, ווי מען פאַרשטעהט אים היינט, מיט דער הערשאַפט פון רייכטום.

צו פאַרזיכערען דעם איינפלוס פון אַט דער קאָנסערוואַטיווער קאַמער, האָט מען פאַר איר באַשטימט אַ לענגערען טערמין, זעקס יאָר; און דערמיט איז מען נאָך אויך ניט געווען צופרידען: אין פאַל די עפענטליכע מיינונג זאָל זיך איבערבייטען, וואָלט דאָך דער סענאַט אויך געקאָנט אינגאַנצען איבערבייטען זיין פּנים; דאַריבער האָט מען באַשטימט, אַז אַלע צוויי יאָר ווערט ערוועהלט נאָר איין דריטעל פון דער גאַנצער צאָל סענאַטאָרען. זאָל למשל זיך איבער־בייטען די שטימונג אין לאַנד און אַ נייע פּאַרטיי זאָל קריגען אין יעדען שטאַט אַ מאַיאָריטעט, וועט זיך דאָס אָפּרופען אויף דעם סענאַט ערסט, ווען עס וועלען פאַרקומען די וואַלען פון נייע סענאַ־טאָרס; אָבער עס וועט נאָך אוועקגעהן פיר יאָר איידער דער גאַנצער סענאַט קאָן זיך איבערבייטען.

צווישען די פאַרפאַסער פון דער קאָנסטיטוציע זיינען די מאָ־נאַרכיסטישע אידעען געווען זעהר שטאַרק. איינפירען אַ מאָנאַרכיע האָבען זיי ניט געוואַגט, אויס מורא פאַר'ן פאָלק; זיי האָבען זיך געמוזט באַנוגענען דערמיט, וואָס זיי האָבען דעם פּרעזידענט געגעבען די מאַכט פון אַ מאָנאַרך. פאַר אַ מוסטער האָבען זיי גענומען דעם ענגלישען קעניג, אָבער ניט די קעניגליכע מאַכט ווי זי האָט עקזיס־טירט אין דער פּראַקטיקע צו יענער צייט, נאָר דעם קעניג ווי ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרען אין דער טעאָריע, אין דעם באַקאַנטען בוך פון דעם ענגלישען יוריסט בלעקסטאָון. בלעקסטאָון איז געווען אַן עקסטרעמער מאָנאַרכיסט; ער האָט באַשריבען די ענגלישע מאָ־נאַרכיע אַזוי, ווי זי האָט עקזיסטירט פאַר דער ענגלישער רעוואָלוציע

פון 1688. אין ענגלאנד ווערט אלצדינג רעגולירט דורך מנהג, און דארטען איז טאקע אמת, אז א מנהג ברעכט א דין. דער מנהג זינט דער רעוואלוציע פון 1688 האט אוועקגענומען פון דעם קעניג זיין גאנצע מאכט; דער פארלאמענט האט פארכאפט ניט נאר די געזעצגעבענדע מאכט, נאר אויך די עקזעקוטיווע. די עקזעקוטיווע אין ענגלאנד ליגט אין די הענט פון א קאבינעט, וועלכער באשטעהט פון מיטגלידער פון דער מאיאריטעט אין פארלאמענט. דער קעניג אין ענגלאנד איז ניט פאראנטווארטליך, דאס הייסט מען טאר פון אים ניט פאדערען קיין דין־וחשבון, אבער דאס איז דערפאר, וואס ער „רעגירט" נאר דורך זיין קאבינעט און דער קאבינעט, דאס הייסט די מיניסטארען, זיינען פאראנטווארטליך פאר דעם פארלאמענט און טוען וואס דער פארלאמענט וויל. מיט הונדערט און פופציג יאר פריער פאר דער אמעריקאנער רעוואלוציע, האט דער קעניג געהאט דאס רעכט ארויפצולעגען זיין „וועטא" אויף די אקטען פון פארלאמענט. אבער ענדע אכצענטען יארהונדערט האט מען שוין אין דעם לאנג פארגעסען: אין דער פראקטיק איז עס אוממעגליך, ווארים די פראיעקטען פון געזעצען ווערען ארייגעבראכט פון דעם קאבינעט און דער קאבינעט איז דאך אימער ניט מער ווי א קאמיטעט פון דער מאיאריטעט אין פארלאמענט.

די פארפאסער פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע האבען צוריק איינגעפירט אין די פאראייניגטע שטאטען די קעניגליכע מאכט פון דער דינאסטיע סטוארט, אין דער פערזאן פון דעם פרעזידענט.

דער פרעזידענט ווערט ערוועהלט, כאטש אינדירעקט, פון פאלק און איז דעריבער אין דער טעאריע פאראנטווארטליך צום פאלק פאר זיין אדמיניסטראציע. דעריבער קען שוין זיין קאבינעט ניט זיין פאראנטווארטליך, ווארים זיי טוען וואס דער פרעזידענט הייסט זיי.

דער בארימטער ענגלישער געלערטער און פארלאמענטאריער בריים זאגט אין זיין בוך וועגען דער אמעריקאנער רעפובליק: „די אמעריקאנער רעגירונג איז מער ענליך צו א גרופע מיניסטארען וואס שטעהן ארום דעם צאר, איידער צו דעם ענגלישען אדער דעם פראנצויזישען קאבינעט".

זייענדיג גאנץ אומאפהענגיג פון דעם קאנגרעס, האט דער פרעזידענט דאס רעכט פון א מאנארך ארויפצולעגען זיין „וועטא" אויף די אקטען פון דער געזעצגעבענדער מאכט — פון קאנגרעס. און די

פרעזידענטען באנוצען זיך זעהר אפט מיט דער מאכט. דער קאנ־גרעס מעג מיט א מאיאריטעט פון צוויי־דריטעל אין יעדער קאמער נאכאמאל אננעמען דעמזעלבען געזעץ, און דאמאלט בלייבט ער שוין אין קראפט אהן דעם פרעזידענט'ס חתימה. אבער עס איז לייכט צו זעהן, אז דאס קאן זיך טרעפען זעהר זעלטען. געוועהנליך, ווען דער פרעזידענט לעגט זיין „וועטא" אויף א געזעץ, איז דערמיט געענדיגט, כל זמן ער בלייבט פרעזידענט.

דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען שטעהט בראש פון דער עקזעקוטיווע און איז גאר אומאפהענגיג פון קאנגרעס. טאט־זאכליך איז ער פונקט אזוי אומפאראנטווארטליך ווי א קאנסטיטו־ציאנעלער מאנארך. אין דער טעאריע קאן ער גע'משפט ווערען, ווען ער איבערטרעט זיין מאכט. די אנקלאגע מוז געבראכט ווערען פון דער אונטער־הויז פון קאנגרעס, און די קאורט, פאר וועלכער ער ווערט גע'משפט, איז דער סענאט. צו פאר'משפט'ען אים איז נויטיג א מאיאריטעט פון צוויי דריטעל. דער איינציגער פרעזידענט, וואס איז אנגעקלאגט געווארען, איז געוועזען דזשאנסאן, אין 1868, אונטער אזעלכע אומשטאנדען, וואס קאנען זיך געוועהנליך ניט טרעפען. דזשאנסאן, וועלכער איז ערוועהלט געווארען פאר וויס־פרעזידענט צו־זאמען מיט לינקאלן און איז געווארען פרעזידענט נאך לינקאלנ'ס טויט, האט געשטאמט פון דער סאוטה. עס איז געוועזען באלד נאך דעם בירגער־קריג, ווען דער קאנגרעס האט נאך געפירט א ביטערען קאמף מיט דער סאוטה און די גאנצע סאוטה איז נאך געוועזען אין קריגסצושטאנד. דזשאנסאן איז באשולדיגט געווארען, אז ער האט אויף א פארברעכערישען אופן געשטערט דעם קאנגרעס אין זיין טע־טיגקייט אין דער סאוטה. פונדעסטוועגען, אפילו דאמאלט, אין דער היץ פון קאמף, האט זיך ניט געפונען קיין צוויי־דריטעל מאיאריטעט צו פאראורטיילען דזשאנסאנ'ען. היינט צו טאג, אונטער דער הער־שאפט פון דער פארטיי־סיסטעם, זיינען די פונקטען פון דער קאנסטי־טוציע וועגען אנקלאגען געגען דעם פרעזידענט געבליבען ניט מעהר ווי אויפ'ן פאפיר.

דער פרעזידענט האט פאקטיש אן אומבאשרענקטע מאכט אין דער אויסלענדישער פאליטיק. טעארעטיש טאר ער ניט שליסען קיין טראקטאט מיט א פרעמדער מלוכה אהן דער צושטימונג פון דעם סענאט. אבער אין דער פראקטיק קאן ער שליסען אן אפמאך („עק־

זעקוטיוו אגרימענט") אין א געוויסער אנגעלעגנהייט, וואס קאן האָ־בען דיזעלבע באדייטונג ווי א פאָרמעלער טראַקטאַט. אזא פאַל האָט פּאַסירט, צום ביישפּיל, ווען רוזוועלט איז געווען פּרעזידענט. אין 1905 האָט ער פאָרגעלעגט פאַר דעם סענאַט א טראַקטאַט מיט סאַן־דאָמינגאָ, מיט דעם צוועק צו שטעלן סאַן־דאָמינגאָ פּאַקטיש אונטער א פּראָטעקטאָראַט פון די פאַראייניגטע שטאַטן. דער עיקר פון דעם טראַקטאַט איז געווען, אַז די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטן האָט געזאָלט נעמען אין אירע הענט די פינאַנצען פון סאַן־דאָמינגאָ און די אויסצאָלונג פון אירע חובות. דער סענאַט האָט ניט געגעבן זיין צושטימונג צו דעם פאָרגעשלאָגענעם טראַקטאַט. דאַמאָלט האָט פּרעזידענט רוזוועלט אָפּגעמאַכט מיט דער רעגירונג פון סאַן־דאָמינגאָ, זי זאָל אליין אַנשטעלן אַמעריקאַנער בירגער פאַר אויפזעהער איבער אירע פינאַנצען און זי זאָל דעפּאָנירען א באַשטימטען חלק פון אירע הכנסות אויף אויסצאָלען אירע חובות צו אויסלענדישע קרעדיטאָרען; און, זייענדיג דער קאָמאַנדיר פון דעם אַמעריקאַנער פלאָט, האָט ער דערצו, צוליב זיכערקייט ווענען, געשיקט אַמעריקאַנער קריגס־שיפען צו די פּאָרטען פון סאַן־דאָמינגאָ. אויף דעם אופן האָט ער פּאַק־טיש דורכגעפירט דעם עצם טראַקטאַט אָהן דער הסכמה פון דעם סענאַט. סענאַטאָר רעינער פון מערילענד האָט בשעת מעשה פּראָ־טעסטירט דאַגעגען אין סענאַט:

„די אַנשטעלונג פון אַן אַמעריקאַנער אַגענט אַלס א באַאַמטען פון סאַן־דאָמינגאָ צו קאָלעקטירען אירע איינפור־שטייערען" — האָט ער געזאָגט — „איז איינפאַך אַן אַנשטעל און דריידעל. נאָך די פּרינציפּען פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען רעכט און דעם דרך־ארץ צווישען מלוכות, איז אונזער רעגירונג מאָראַליש פאַראַנטוואָרטליך פאַר די פאַנדען... ווען איר באַטראַכט דערצו, אַז אונזערע קריגשיפען געפינען זיך אין די האַפענס פון די פּאָרטען, כלומרשט צו באַשיצען אַמעריקאַנער אינטערעסען, באמת'ן אָבער צו באַשיצען די באַאַמטע פון דער אינזעל געגען סכנה פון דרויסען און געגען רעוואָלוציע פון אינוועניג, האָט איר די איינפירונג פון... א פּראָטעקטאָראַט, אָהן א וואָרט פון דעם קאָנגרעס אָדער פון דעם סענאַט, וואס זאָל אויף דעם מסכים זיין".

די איינציגע באַשרענקונג פון דעם מאָנאַרכיסטישען פּרינציפּ אין דעם פּרעזידענט'ס אַמט באַשטעהט אין דעם, וואס ער ווערט ערוועהלט

אַלע פיר יאָר. די אַנהענגער פון דעם מאַנאַרכיסטישען פרינציפּ אין דער „קאָנסטיטושאַנאַל קאָנווענשאַן", וועמעס פירער איז געווען אַלעק־סאַנדער האַמילטאָן, האָבען געוואָלט, אַז דער פּרעזידענט זאָל ערוועהלט ווערען אויף זיין גאַנצען לעבען. אָבער די מערצאָהל פון די דעלע־גאַטען האָבען פאָראויסגעזעהן, אַז דאָס וואָלט ארויסגערופען אַ שטאַר־קע געגנערשאַפט צווישען דעם פאָלק, וואָס וואָלט זיך געקאָנט אויס־לאָזען דערמיט, אַז די גאַנצע קאָנסטיטוציע זאָל צוריקגעוויזען ווערען פון די שטאַטען. דאַריבער האָבען זיי אָנגענומען אַ באַשרענקטען טערמין. אָבער די קאָנסטיטוציע ערלויבט צו ערוועהלען דעמזעלבינען פּרעזידענט אויף איין טערמין נאָך דעם אַנדערען, אָהן קיין שום באַ־שרענקונג, אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אין מעקסיקאָ, אונטער פּאָר־פיעראָ דיאַז׳ן.

פּרעזידענט וואַשינגטאָן האָט נאָך זיין צווייטען טערמין זיך אָפּ־געזאָגט אָנצונעמען אַ דריטען טערמין. דערפון איז געוואָרען אַ מנהג, אַז קיין פּרעזידענט קען ניט בלייבען אין אַמט מער ווי צוויי טערמי־נען. זינט דעם בירגער־קריג האָט מען שוין אָפּטמאָל גערעדט, אַז עס איז צייט צו ברעכען מיט דעם מנהג. ווען גענעראַל גראַנט איז געווען דעם צווייטען מאָל פּרעזידענט, איז געווען אַ שטאַרקע באַוועג־גונג צו גונסטען פון אַ דריטען טערמין פאַר איהם, אָבער זיין אַדמיני־סטראַציע איז געווען אַזוי קאָרופּט און די אומצופרידענהייט מיט דעם מיליטערישען רעזשים אין דער סאַוטה איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז די רעפּובליקאַנישע „פּאָליטישענס" האָבען מורא געהאַט איהם אויפצו־שטעלען אַ דריטען מאָל, כדי זיי זאָלען ניט דורכפאַלען ביי די וואַלען. פאַקטיש זיינען זיי טאַקע דורכגעפאַלען אין 1876, אָבער דורך אַ פּאַר־טייאישער אָפּשטימונג פון דער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע איז דער רע־פּובליקאַנער קאַנדידאַט העיז ערקלערט געוואָרען פאַר פּרעזידענט. אין 1900, באַלד נאָכדעם ווי מאַק־קינלי איז ערוועהלט געוואָרען דעם צוויי־טען מאָל, איז דער ענטוזיאַזם פון די קאַפּיטאַליסטען געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען אויפגעהויבען אַן אַגיטאַציע פאַר אַ דריטען טער־מין פאַר מאַק־קינלי׳ן. אין 1904 האָבען די קאָנסערוואַטיווע דעמאָ־קראַטען געוואָלט אויפשטעלען קליוולענד׳ן אַ דריטען מאָל. אין אָנ־הויב פון רוזוועלט׳ס צווייטען טערמין האָט מען אויך גערעדט וועגען אַ דריטען טערמין פאַר איהם, אָבער דער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1907—1908 האָט געמאַכט דעם פּלאַן פאַר אויסזיכטלאָז. מען האָט

מורא געהאט, אז די גרויס־קאפיטאליסטישע אינטערעסען, וועלכע זיי־
נען אומצופרידען געווען מיט רוזוועלט'ס רייד וועגען די „בעלי־עולית
פון גרויסען רייכטום"*) וועלען אויסנוצען דעם געשריי געגען א דריט־
טען טערמין אלס א מיטעל צו קאמפראמענטירען רוזוועלט'ן צווישען
די מאסען.

אין 1918, ווען ווילסאן האט אויף א ווייל געוואונען אין דער
גאנצער וועלט דעם שם פון א גרויסען דעמאקראט און ליבעראל, האבען
זיינע חסידים פרובירט מאכען שטימונג אין דער פרעסע צו גונסטען
פון א דריטען טערמין פאר פרעזידענט ווילסאן'ען. אבער זיין סקאנ־
דאליעזע אויפפירונג אין ווערסייל האט געמאכט זיין קאנדידאטור
אוממעגליך און די מאכערס ביי דער דעמאקראטישער קאנווענשאן אין
סאן־פראנציסקא האבען אפילו ניט געוואגט ארויסצושטעלען זיין קאנ־
דידאטור. אין דער אמעריקאנישער געשעפטס־וועלט רעדט מען שוין
לאנג, אז די וואלען פאר פרעזידענט אלע פיר יאר ברענגען אריין אן
אומזיכערקייט אין דעם געשעפט. צווישען די פירער פון דעם אמערי־
קאנער געשעפטס־לעבען וואלטען פילע געווען צופרידען, ווען זיי קענען
געפינען א ריכטיגען פארטרעטער פון די „געשעפטס־אינטערעסען פון
לאנד", אז ער זאל פארבלייבען אין אמט איין טערמין נאך דעם אנ־
דערען, אזוי ווי די סענאטארען און קאנגרעסלייט, צווישען וועלכע עס
זיינען פאראן א סך, וואס זיצען שוין דארטען צו צוואנציג, צו דרייסיג
און פערציג יאר.

די קאנסטיטיושאנאל קאנווענשאן, געפינענדיג פאר אוממעגליך
צו באשטימען א לאנגען טערמין פאר דעם פרעזידענט, האט געזוכט
ווענינגסטענס אויסצוארבייטען אזא וואל־סיסטעם, אז די פאלקס־מאסע
זאל קיינמאל קיין איינפלוס ניט האבען אויף דער עקזעקוטיווע. צו
דעם צוועק האט מען איינגעפירט אינדירעקטע וואלען פאר פרעזידענט.
יעדער שטאט ערוועהלט „עלעקטארס", — אזוי ווי די וויבארשטשי־
קעס צו דער רוסישער דומא, — און די „עלעקטארס" ערוועהלען שוין
דעם פרעזידענט. יעדער שטאט האט אזויפיל „עלעקטארס" וויפיל
ער האט קאנגרעסלייט און סענאטארען צוזאמען. אין יענער צייט איז
געווען זעהר שווער צוזאמענצוקומען זיך פון פארשיידענע שטאטען;
דאריבער האט מען באשטימט, אז די „עלעקטארס" פון יעדען שטאט
פארען זיך צוזאמען אין זייער הויפטשטאדט און שטימען אפ באזונ־

*) Malefactors of great wealth.

דער; די רעזולטאטען פון די אפשטימונגען ווערען אריינגעשיקט אין סענאט, און דארטען צעהלט מען שוין די שטימען. ווען עס זאל זיך טרעפען, אז עס זיינען פאראן עטליכע קאנדידאטען און קיינער האט קיין מאיאריטעט ניט, דאמאלט ווערט דער פרעזידענט ערוועהלט פון דעם רעפרעזענטאנטען־הויז.

דורך אט דעם וואל־סיסטעם האט די קאנווענשאן געהאפט צו שאפען א קאנסערוואטיווע קערפערשאפט, וואס האט געזאלט שטעהן הויך איבער דער מאסע וועהלער און ערוועהלען א פרעזידענט נאך א גענויער בעראטונג איבער די מעלות פון די קאנדידאטען. אין דער פראקטיקע איז דער פלאן געבליבען אויפ'ן פאפיר, פונקט ווי דער ענלי־כער פלאן מיט די וויבארשטשיקעס אין רוסלאנד. דער פלאן איז צו־שטערט געווארען דורך דער בילדונג פון פאליטישע פארטייען. ווענען דעם וועלען מיר ריידען גענויער אין די וויטערע קאפיטלען.

די ריכטערליכע מאכט אין די פאראייניגטע שטאטען, לויט דער קאנסטיטוציע, געהערט דעם „סופרים־קאורט". ער איז שוין נאך אומאפהענגיג פון דעם פאלקס־ווילען. די ריכטער פון „סופרים־קאורט" ווערען אנגעשטעלט פון פרעזידענט אויפ'ן גאנצען לעבען; זיי קאנען אראפגעזעצט ווערען נאר דאן, ווען זיי ווערען פאר'משפט פון דעם סענאט אויף דעמזעלביגען אופן ווי דער פרעזידענט. אין דער פראק־טיק האט זיך דאס ארויסגעוויזען אקוראט אזוי אוממעגליך, ווי צו פאר'משפט'ן א פרעזידענט.

די פאטערס פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע האבען געזוכט צו מאכען פון דער רעגירונג אזא מעכאניזם, וואס איין טייל זאל צו־ריקהאלטען דעם אנדערען, און אלע טיילען זאלען אויף דעם אופן אי־מער בלייבען אין גלייכגעוויכט. דאס רופט זיך אויף ענגליש דער סיסטעם פון „טשעקס ענד באלאנסעס". די אונטערהויז פון קאנגרעס האט געזאלט זיין צענטראליסטיש, זי ווערט צוריקגעהאלטען פון דעם סענאט, אין וועלכער יעדער שטאט האט א גלייכע צאל שטימען. די מאכט פון דעם סענאט איז באשרענקט דערמיט, וואס ער האט קיין איניציאטיווע ניט אין דעם בודזשעט.ביידע קאמערען פון דעם קאנ־גרעס זיינען באשרענקט דורך דעם פרעזידענט'ס „וועטא". פון דער אנדער זייט איז די מאכט פון דעם פרעזידענט באשרענקט דורך דעם סענאט, ווארים אלע מיניסטארען און וויכטיגערע באאמטע קאנען אנגעשטעלט ווערען פון דעם פרעזידענט מיט דער צושטימונג פון דעם

סענאט. און איבער זיי אלעמען שטעהט דער „סופרים־קאורט".

די קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען, וואס איז אויס־געארבייט געווארען פון דער קאנווענשאן, האט געגעבען די גבירים די גאנצע מאכט איבער'ן לאנד. אבער די גרויסע מאסע וועהלער זיינען געווען ארים, און מען האט זיך געקאנט ריכטען, אז ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועלען זיי מאכען צונישט דעם פלאן, וואס איז אויסגעארבייט געווארען פון דער קאנווענשאן. עס איז נויטיג געווען פאר די אינטערעסען פון דעם הערשענדען קלאס צו פארהיטען די קאנ־סטיטוציע געגען יעדע ענדערונג. די באשטימונג בנוגע צו דער אמענ־דירונג פון דער קאנסטיטוציע זיינען אזוי שווער, אז עס איז כמעט אוממעגליך זיי בייצוקומען.

אן אמענדמענט דארף פארגעשלאגען ווערען פון א צוויי־דריטעל מאיאריטעט באזונדער אין סענאט און אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז, און דער פארגעשלאגענער אמענדמענט דארף אנגענומען ווערען פון די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען (לעדזשיסלעיטשורס) פון דריי־פערטעל פון אלע שטאטען.

אן אנדער וועג איז, אז צוויי־דריטעל פון אלע שטאטען זאלען פארלאנגען דורך זייערע „לעדזשיסלעיטשורס", אז דער קאנגרעס זאל צוזאמענרופען א קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן, וואס זאל איבער־קוקען די גאנצע קאנסטיטוציע. די נייע קאנסטיטוציע, אדער די אמענדמענטס צו דער אלטער, דארפען אנגענומען ווערען פון דריי פער־טעל פון אלע שטאטען דורך זייערע „לעדזשיסלעיטשורס", אדער דורך ספעציעלע קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאנס.

די פראקטיק האט געוויזען, אז די פארפאסער פון דער קאנסטי־טוציע האבען גוט אויסגערעכענט: אין דער צייט פון די הונדערט און פינף און צוואנציג יאר זינט די קאנסטיטוציע איז אריין אין קראפט, זיינען פארגעשלאגען געווארען, ביז 1913, מער ווי 2,000 אמענדמענטס, אבער עס איז פון זיי צו גארנישט ניט געקומען. עס זיינען אנגענומען געווארען אין גאנצען נייינצען אמענדמענטס. די ערסטע צען זיינען אנגענומען געווארען צו דער זעלבער צייט, ווי די קאנסטיטוציע גופא (אין 1791). זיי גאראנטירען רעליגיעזע פרייהייט, רעדע־פרייהייט, פרעס־פרייהייט, דאס רעכט צו פארלאנגען „דזשורי" ביי א משפט, און דאס גלייכען. אין דער קאנסטיטוציע, וואס איז אויסגעארבייט געווארען פון דער קאנווענשאן, האבען זיי

געפעלט, און אהן זיי האבען עטליכע שטאטען ניט געוואלט אננעמען די פעדעראלע קאנסטיטוציע. דער עלפטער אמענדמענט איז אנגענו־מען געווארען אין 1798, און דער צוועלפטער אין 1804, אבער קיינער פון די צוויי בערירט ניט קיינע קלאסען־אינטערעסען. דער עלפטער אמענדמענט באשטימט, אז ווען איינער וויל מאנען געלט פון דער רע־גירונג פון א שטאט, מוז ער זיך ווענדען צו די געריכטען פון דעם שטאט, און דער צוועלפטער אמענדמענט האט איבערגעביטען דעם פלאן, ווי צו ערוועהלען דעם וויצע־פרעזידענט. ביז דאן האט זיך גע־פירט אזוי, אז דער קאנדידאט, וואס האט געקראגען די העכסטע צאל שטימען, איז ערקלערט געווארען פאר פרעזידענט, און דער צווייטער פאר וויצע־פרעזידענט. אויף דעם אופן פלעגט דער קאנדידאט פאר פרעזידענט, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען פון דער געשלאגענער פארטיי, ווערען וויצע־פרעזידענט. פען די „רעפובליקאנישע" פארטיי (די פארטיי פון טאמאס דזשעפערסאן) האט געזיעגט אין 1800, האט זי געוואלט פארזיכערען, אז אין דער צוקונפט זאל די געגנערישע פארטיי, ווערען וויצע־פרעזידענט. ווען די „רעפובליקאנישע" פארטיי טער פאר וויצע־פרעזידענט, וועלכער איז דער פארזיצענדער אין סע־נאט, און קען ווערען פרעזידענט אין פאל, ווען דער פרעזידענט שטארבט.

פון 1804 ביז 1865 איז קיין איינציגער אמענדמענט ניט אנגע־נומען געווארען. די דריי אמענדמענטס, וואס האבען אפגעשאפט די שקלאפעריי, זיינען אנגענומען געווארען באלד נאך דעם בירגער־קריג, אבער זיי האבען נאר צוגעלעגט די חתימה פון געזעץ צו דעם, וואס איז שוין פריער געווען א פאקט. די אפשאפונג פון שקלאפעריי האט ניט געקענט דורכגעפירט ווערען אויף א קאנסטיטוציאנעלען וועג. אז די קאנסטיטוציע האט ניט געגעבען דעם קאנגרעס דעם כח אפצושאפען די שקלאפעריי, וועגען דעם איז גארניט געווען קיין חלוקי־דעות צווי־שען די שקלאפען־האלטער, די „אבאליציאניסטען" (די, וואס האבען פארלאנגט די אפשאפונג פון שקלאפעריי) און די אפארטוניסטען, ווי לינקאלן, און זיי זיינען אויך אלע געווען קלאר אין דעם, אז עס איז אוממעגליך צו אמענדירען די קאנסטיטוציע אין דעם פרט.

די אבאליציאניסטען האבען געהאלטען די קאנסטיטוציע פאר „א קאנטראקט מיט'ן גיהנום" און האבען געפאדערט, אז דער בונד פון די שטאטען זאל צוריסען ווערען. די אפשאפונג פון דער שקלאפעריי איז

דורכגעפירט געווארען ניט דורך געזעצליכע מאכט, נאר דורך די מיליי־טערישע דיקטאטור פון לינקאלן, וואס איז געשאפען געווארען דורך דעם בירגער קריעג. לינקאלן'ס מאניפעסט וועגען דער אפשאפונג פון שקלאפעריי האט ערקלערט, אז דאס איז „א נויטווענדיגער קריעגס־מיטעל צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד", און אז ער טוט עס אויף דעם גרונד פון זיין מאכט אלס דער „קאמאנדיר בראש פון דער ארמעע און דעם פלאט אין דער צייט פון א מיאטעזש געגען דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען".

אלזא, די געשיכטע האט געוויזען, אז די קאנסטיטוציע איז גע־לעגען ווי א פעלז אויף דעם וועג פון פרידליכער סאציאלער רעפארם. עס האט זיך ניט געפונען קיין אנדער מיטעל פטור צו ווערען פון דער שטערונג, חוץ א מיליטערישע דיקטאטור, דאס הייסט, וואס מען רופט אין דער פאליטישער געשיכטע „צעזאריזמוס".

אמת, לינקאלן'ס קריעגס־מיטעל האט שפעטער געקראגען די הסכמה פון דער קאנסטיטוציע אין די דריי אמענדמענטס, אבער יענע אמענדמענטס זיינען אנגענומען געווארען אין דער צייט, ווען די בא־זיגטע שקלאפען־שטאטען זיינען נאך געווען אין א קריגס־צושטאנד און האבען ניט געהאט קיין שטימע אין דער רעגירונג פון לאנד.

פון 1870 ביז 1913 איז ווידער קיין איינציגער אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע ניט אנגענומען געווארען, הגם עס זיינען אין דער צייט פארגעשלאגען געווארען הונדערטער אמענדמענטס*).

אין 1913 זיינען אנגענומען געווארען דער זעכצענטער אמענד־מענט, וואס ערלויבט דער רעגירונג איינצופירען א שטייער אויף הכנסות (אינקאם־טעקס), און דער זיבעצענטער, וואס באשטימט, אז די סענא־טארען זאלען ערוועהלט ווערען דירעקט פון פאלק. די געשיכטע פון דעם זיבענצענטען אמענדמענט ווייזט, ווי לאנג עס איז דער וועג פון פאליטישע רעפארמען אונטער דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען.

דער פארשלאג, אז די סענאטארען זאלען ערוועהלט ווערען די־רעקט פון פאלק, איז צום ערסטען מאל געמאכט געווארען אין קאנגרעס

*) פון 1889 ביז 1904 זיינען פארגעשלאגען געווארען 435 אמענד־מענטס.

אין יאר 1826. אבער עס איז אוועק מער ווי זעכציג יאר ביז די יוניאן־לייבאר־פארטיי (די ארבייטער־פארטיי) האט ארויסגעשטעלט די פאדערונג אין איר פלאטפארמע אין דעם יאר 1888. איהר קאנדידאט פאר פרעזידענט אין יענעם יאר האט געקראגען 146,935 שטימען. אין 1892 האט די פאפוליסטישע פארטיי (די פאלקס־פארטיי) ארויסגע־שטעלט די זעלבע פאדערונג אין איר פלאטפארמע, און איר קאנדידאט האט געצויגען איבער א מיליאן שטימען. באלד נאכדעם, אין 1893, איז א „ביל" פאר די דירעקטע וואלען פון די סענאטארען אריינגע־בראכט געווארען אין קאנגרעס און האט געקראגען די נויטיגע מאיא־ריטעט פון צוויי־דריטעל אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז פון דעם קאנ־גרעס. אבער אין סענאט איז ער דורכגעפאלען. דער „ביל" איז נאך דריי מאל אריינגעבראכט געווארען און יעדען מאל איז ער דורכגע־גאנגען מיט צוויי־דריטעל שטימען אין דער „הויז", איז אבער דורכ־געפאלען אין סענאט. אין 1900 האט די דעמאקראטישע פארטיי אנ־גענומען די פאדערונג אין איר פלאטפארמע. די „לעדזשיסלעיטשורס" פון צוויי־דריטעל פון די שטאטען האבען געפאסט רעזאלוציעס, אויפ־פאדערענדיג דעם קאנגרעס פארצולעגען דעם אמענדמענט אויף אן אפשטימונג פון די שטאטען. אין ניין און צוואנציג שטאטען זיינען אנגענומען געווארען געזעצען, וועלכע האבען געגעבען די וועהלער דאס רעכט צו נאמינירען קאנדידאטען פאר סענאטארען, און די „לעד־זשיסלעיטשורס" זיינען געווען געצוואונגען פאליטיש, כאטש ניט דורכ'ן געזעץ, צו ערוועהלען די קאנדידאטען, וואס זיינען נאמינירט געווארען דירעקט פון די וועהלער.

די סקאנדאלען ביי די וואלען פון סענאטארען דורך די „לעדזשיס־לעיטשורס", ווי די וואל פון דעם רעפובליקאנער, מארק האננא אין אהייא, דער קאמף פון דעם רעפובליקאנער אדיקס אין דעלאווער, וואס האט געדויערט פון 1895 ביז 1903, און וואו עס איז עפענטליך באַ־וויזען געווארען, אז דער קאנדידאט האט אויסגעגעבען געלט רעכטס און לינקס אויף קארופטע צוועקען, די וואל פון דעם רעפובליקאנער סענאטאר לארימער פון אילינאי און דעם דעמאקראטישען סענאטאר קלארק פון מאנטאנא, וואס זיינען קאסירט געווארען פון סענאט גופא, ווייל עס איז באוויזען געווארען, אז זיי זיינען ערוועהלט געווארען דורך שווינדעל און כאבאר, — דאס אלעס האט געהאלפען דער אגי־טאציע פאר דירעקטע פאלקס־וואלען פאר'ן סענאט. אין 1911, נאך

דעם, ווי די רעפובליקאנער פארטיי האט, נאך א הערשאפט פון זעכ־
צען יאר, פארלארען ביי די וואלען די מאיאריטעט אין דער אונטערהויז
פון דעם קאנגרעס, האט דער סענאט ענדליך נאכגעגעבען, און אין 1912
איז דער אמענדמענט אין זיין ענדליכער פארמע אנגענומען געווארען
אין קאנגרעס. דער „אמענדמענט" איז באלד אנגענומען געווארען אין
דער נויטיגער צאל „לעדזשיסלעיטשורס", און אין 1913 איז ער גע־
ווארען געזעץ.

עס האט אלזא גענומען זיבען און אכציג יאר פון דער צייט, ווען
דער פארשלאג איז צום ערשטען מאל געמאכט געווארען אין קאנגרעס,
אדער צוואנציג יאר פון דער צייט, ווען ער האט געקראגען צוויי
דריטעל שטימען אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז, איידער ער איז גע־
ווארען געזעץ.

אלס מיטעל געגען דעם קאנסערוואטיזם פון דעם סענאט, פא־
דערט די פלאטפארמע פון דער סאציאליסטישער פארטיי, די אפשא־
פונג פון דעם סענאט. אבער לויט דער קאנסטיטוציע קען אזא
אמענדמענט פאקטיש ניט געמאכט ווערען. דער פינפטער ארטיקעל
פון דער קאנסטיטוציע באשטימט, אז „ביי קיין שטאט טאר ניט
אוועקגענומען ווערען, אהן זיין צושטימונג, דאס גלייכע רעכט אין
סענאט". עס איז נאטירליך אויך מעגליך צו ערווארטען, אז א קליי־
נער שטאט, ווי ראד־איילאנד אדער דעלאווער, וואס איז נאך זיין
באפעלקערונג בארעכטיגט צו ערוועהלען סך־הכל איין קאנגרעסמאן,
זאל זיך פרייוויליג אפזאגען פון דעם רעכט צו ערוועהלען צוויי סענא־
טארען, וואס גיט איהם אזא איינפלוס אין דעם סענאט, ווי עס האט
אזא גרויסער שטאט, ווי ניו־יארק, אדער פענסילוועניא, — דערמיט
זיינען פארבונדען גאנץ רעאלע אינטערעסען פון פראפעסיאנעלע פא־
ליטישענס, וועלכע באהערשען די פאליטיק פון זייער שטאט.

דער אכצענטער אמענדמענט — דער „פראהיבישאן" אמענד־
מענט, וואס פארווערט צו פארקויפען משקה — איז אריין אין קראפט
אין 1919, און דער ניינצעטער, וואס האט געגעבען די פרויען דאס
שטימרעכט, אין 1920.

דער סך־הכל פון דער איבערזיכט פון דער קאנסטיטוציע איז,
אז זי איז א „רעאקציאנערער דאקומענט", ווי פראפעסאר סמיטה
כאראקטעריזירט איר*). זי איז געווען דער אויסדרוק פון דער רע־

*) The Spirit of American Government. By J. Allen Smith. Chapter III.

אקציע, וואס איז געקומען נאך דער רעוואלוציע, ווען די רייכע קלא־סען האבען ווידער געוואונען דעם איינפלוס אין דעם פאליטישען לעבען. די קאנסטיטושאנאל קאנווענשאן האט אויסגעדריקט זייערע אינטערעסיי. איינער פון די מיטלען „צו באשיצען די מינאריטעט פון די רייכע געגען דער מאיאריטעט, ווי מעדיסאן (שפעטער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען) האט זיך אויסגעדריקט, איז געווען, צו מאכען די „אמענדירונג“ פון דער קאנסטיטוציע שווער. און אזוי האט מען געטאן“*).

לאמיר הערען, וואס וואודראו ווילסאן זאגט איבער דער קאנ־סטיטוציע אין איינעם פון זיינע ווערק:

„די פעדעראלע רעגירונג איז ניט געמיינט געווען צו זיין א דע־מאקראטישע רעגירונג. נאך איר פלאן און בוי איז זי געמיינט געווען איינצוצאמען די מאכט פון פאלקס־מאיאריטעטען... די רעגירונג איז פאקטיש געשאפען און ארגאניזירט געווארען דורך די איניציאטיווע און קודם אין די אינטערעסען פון די האנדעלס־קלאסען און די רייכע... אויף איר אננאמע איז באשטאנען א מינאריטעט, אונטער דער פאר־אייניגטער און אגרעסיווער פירערשאפט פון פעהיגע מענשען, וואס האבען רעפרעזענטירט א הערשענדען קלאס“**).

אויף דער קאנווענשאן גופא איז די אפאזיציע געגען דער קאנ־סטיטוציע געווען זעהר קליין — סך הכל זעקס פון די פינף און פופציג דעלעגאטען, אבער צווישען דעם פאלק זיינען די אונטערשטיצער פון דער קאנסטיטוציע געווען ניט מער ווי א מינאריטעט. לארד בריים זאגט אין זיין בארימטען בוך איבער דער אמעריקאנער רעפובליק, אז „ווען די דעה וואלט איבערגעלאזען געווארען צו דער שטימע פון פאלק, ווי מ'רופט עס היינט, דאס הייסט צו דער אפשטימונג פון דער מאסע בירגער איבער'ן לאנד, וואלט זיך די פאלקס־שטימע מסתמא אויס־געשפראכען געגען דער קאנסטיטוציע“. דער קאמף פאר און געגען דער קאנסטיטוציע איז געווען זעהר א הייסער. א שטארקען איינפלוס האבען געהאט די איינענטימער פון די פאפירען, וואס זיינען ארויס־געגעבען געווארען פון דעם רעוואלוציאנערען קאנגרעס און פון די רעגירונגען פון די שטאטען אין דער צייט פון דעם קריג מיט ענגלאנד.

*) Smith, Spirit of American Government, p.p. 37, 49.
**) Woodrow Wilson, Division and Reunion, p. 12.

די דאָזיגע חובות האָבען באַטראָפען מערער ווי דער גאַנצער געשעפטס־קאַפּיטאַל אין די פאַראייניגטע שטאַטען פון יענער צייט. אַלעקסאַנדער האַמילטאָן, פּרעזידענט וואַשינגטאָן׳ס פינאַנץ־מיניסטער, שרייבט וועגען דעם אַזוי:

„די שטאַט־קרעדיטאָרען, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אַלערליי פּאַרטיע מענשען, אַ גרויסער טייל פון זיי זעהר בכבוד׳ע און איינפלוסרייכע, האָבען אַ סך מיטגעהאָלפען אין דער אננאַמע פון דער נייער קאָנסטיטוציע, צוליעב דעם ספּעציעלען גרונד X אַ חוץ די פיעלע וויכטיגע גרינדע, וואָס זיי האָבען געהאַט אַלס בירגער און אייגענטימער — ווייל די קאָנסטיטוציע האָט געשטעלט אין אויסזיכט אַ רעגירונג וואָס וועט זיין בכח צו באַהאַנדלען זיי מיט יושר״.*)

דער ערסטער קאָנגרעס, וואָס איז ערוועלט געוואָרען, האָט באַפרידיגט זייערע פאָדערונגען. ווי מיר האָבען שוין געזעהן, האָט דער רעוואָלוציאָנערער קאָנגרעס אַרויסגעגעבען אַ מאַסע פּאַפּירענע געלט, וואָס האָט באַלד אין גאַנצען פאַרלאָרען איר ווערט. צום סוף מלחמה האָט קיינער די פּאַפּיר־געלט אין האַנט ניט געוואָלט נעמען. וויבאַלד עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען דער ערסטער קאָנגרעס, איז אַריינגעבראַכט געוואָרען אַ ביל, אַז די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען זאָל אויסצאָלען אַלע רעוואָלוציאָנערע חובות. נאַטירליך, האָט מען דערביי גערעדט, אַז אַ קאָנטראַקט איז הייליג, אַז דער כבוד פון דער נאַציאָן און איר קרעדיט פאַרלאַנגען, זי זאָל באַצאָלען אירע חובות. די געגנער אָבער האָבען אויף דאָרויף געענטפערט, אַז אין דער אמת׳ן איז די פּאַפּיר־געלט געווען ניט מער ווי אַ מין שטייער: איבערגעהענדיג פון האַנד צו האַנד, האָבען די פּאַפּירלאַך ביסלאַכווייז אנגעוואָרען זייער ווערט, אויף דעם אופן זיינען די הוצאות פון דער מלחמה פאַרטיילט געוואָרען צווישען דעם גאַנצען פאָלק. אנערקענען דעם לעצטען אייגענטימער פון די פּאַפּירלאַך פאַר באַרעכטיגט צו קריגען באַצאָלט די פולע סומע, וואָלט הייסען שענקען אים אַ מתנה און צווינגען דעם גאַנצען פאָלק נאָך אַ מאָל צו באַצאָלען די הוצאות פון דער מלחמה. די גאַנצע סומע פון דעם חוב האָט באַטראָפען $75,000,000 און די פּרייע באַפעלקערונג איז געווען סך־הכל 3,000,000 מענשען; פינף־און־צוואַנציג דאָלאַר אויף יעדען מאַן,

*) Charles A. Beard, Economic Origins of Jeffersonian Democracy, p.p. 4—6.

יעדע פרוי און יעדען קינד איז געווען א שווערע לאסט. אבער די קאנגרעסלייט און זייערע פריינד האבען איינגעקויפט די פאפירלאך פאר א קלייניגקייט און ווען דער געזעץ איז דורכגעגאנגען, האבען זיי אן דעם געשעפט געמאכט א שעהנעם פראפיט.

עס איז ניטא קיין אנדער לאנד אין דער וועלט, וואס זאל זיין געבונדען היינט צו טאג מיט א קאנסטיטוציע, וואס איז אנגענומען געווארען מיט הונדערט און דרייסיג יאר צוריק.

לויט דעם פינפטען ארטיקעל פון דער קאנסטיטוציע, מעגען די פארלאמענטען פון צוויי דריטעל פון אלע שטאטען פאדערען פון דעם קאנגרעס, ער זאל צוזאמענרופען א „קאנסטיטושאנאל קאנווענשאן“.*) וואס זאל איין גאנצען רעווידירען די קאנסטיטוציע. אזא פאדערונג איז קיינמאל ניט ארויסגעשטעלט געווארען אין דער גאנצער געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען. אין דער פראקטיקע וואלט עס זעהר שווער אנגעקומען דורכצופירען אזא פאדערונג. עס דארף נעמען א היבשע צייט ביז וואנען די פאדערונג קען דורכגעפירט ווערען אין דער־זעלבער פארמע דורך צוויי־און־דרייסיג „לעדזשיסלעיטשורס“. דאן אבער, האבען נאך די פארטרעטער פון קאנסערוואטיזם גענוג מיטעל אפצוציען די זאך אויף א גוטע ווייל. פראפעסאר הענניס טעילאר, א גרויסער קענער פון דעם אמעריקאנער שטאטס־רעכט, מיינט, אז אפילו ווען די געזעצגעבענדע פארזאמלונגען פון צוויי דריטעל פון די שטאטען זאלען שוין האבען ארייגעשיקט אין קאנגרעס אן „אפלי־קיישאן“ (א בקשה), אז ער זאל צוזאמענרופען א קאנווענשאן אויף איבערצומאכען די קאנסטיטוציעס, קען נאך דאמאלס אויך דער קאנ־גרעס פסל'ן די „אפליקיישאן“, מיט דעם תירוץ, אז זי איז ניט קיין ריכטיגע „אפליקיישאן“ אין דעם זין ווי די קאנסטיטוציע פארלאנגט. ווען א געוויסע רעזאלוציע דארף אנגענומען ווערען פון צוויי־און־דרייסיג „לעדזשיסלעיטשורס“ באזונדער, און צו דערזעלבער צייט מוזען די אלע רעזאלוציעס איינשטימען אין יעדער איינצעלהייט מכח צייט, פלאץ וכדומה, טו איז שוין ניט שווער צו געפינען אין איר א פגימה. און געגען דעם באשלוס פון דעם קאנגרעס אין אזא פאל איז ניטא צו ווענדען צו אפעלירען.

הגם עס איז פאקטיש כמעט אוממעגליך צו „אמענדירען“ די קאנ־

*) וואס מ'רופט אויף רוסיש „אוטשרעדיטעלנאיע סאבראניע“.

סטיטוציע אזוי, אז זי זאָל זיך צופּאַסען צו דער צייט. איז זי אָבער נעענדערט געוואָרען דורך די אויסטייטשונגען פון דער „סופרים קאָורט" (העכסטער געריכט). דאָס וועלען מיר באַטראַכטען גענוי אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל.

## פינפטער קאפיטעל

# די „סיופרים קאורט“ (דאס העכסטע געריכט).

די עוואלוציע פון די קעניגליכע טשארטערס, מיט וועלכע עס זיינען נעגרינדעט געווארען די אמעריקאנער קאלאניעס, ביז צו דער פעדעראלער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען האט געשאפען אין אמעריקא א נייע רעגירונגס־פארמע, וואס איז גרונדפארשידען פון דער ענגלישער. די אמעריקאנער רעכטסגעלערנטע באצייכנען די אמעריקאנער רעגירונגס פארמע מיט דעם נאמען „קאנסטיטוציאנאליזם“, בעת אין ענגלאנד הערשט דער „פארלאמענטאריזם“.

דאס מאדערנע שטאטס־רעכט שטאמט פון דער צייט, ווען די אומבאשרענקטע מאנארכיע האט טריאומפירט איבער דער מאכט פון די פריצים און פון דעם פאפסט. לויט דער טעאריע פון דער אומבאשרענקטער מאנארכיע, איז דער מאנארך דער אויבערהאר, דער „סואווערען“, וואס אין אים ליגט די גאנצע מאכט איבער דער מלוכה. זיין מאכט שטאמט נאר פון „גאט'ס גענאד“, דאס הייסט פאקטיש פון אים אליין; יעדע אנדערע מאכט שטאמט פון דעם מאנארך. די ענגלישע רעוואלוציע פון דעם זיבעצענטען יארהונדערט, דער אמעריקאנער קריג פאר אומאפהענגיגקייט און די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע האבען געבראכט אן ענדערונג אין דער דאזיגער טעאריע: דער באגריף פון א „סואווערען“ איז אריבערגעטראגען געווארען פון דעם מאנארך אויף דעם פארלאמענט אדער אויף דעם „פאלק“ אליין. אין ענגלאנד איז זינט דער רעוואלוציע פון 1688 דער פארלאמענט דער אויבערהאר, דער „סואווערען“; די געזעצגעבענדע מאכט פון דעם פארלאמענט איז אומבאשרענקט. אין די פאראייניגטע שטאטען, איז, לויט דער טעאריע, דער „פאלק“ דער „סואווערען“; די געזעצגעבענדע פארזאמלונגען פון די שטאטען און דער קאנגרעס זיינען ניט די „סואווערענע“ מאכט. זיי זיינען ניט מער ווי די משרתים פון דעם

„סואווערע'ן" ; זייער מאכט איז באשטימט דורך דעם „פאלקס־ווילען", וועלכער איז אויסגעדריקט אין דער קאנסטיטוציע. יעדער אקט פון דעם ענגלישען פארלאמענט איז דער אויסדרוק פון דער „סואווערענער" מאכט, און דעריבער איז ער געזעצליך. פארקערט, א געזעץ וואס איז געמאכט געווארען פון דעם קאנגרעס אדער פון דער „לעדזשיסלעיטשור" פון א שטאט איז נאר דאמאלס גילטיג, ווען ער איבערשטייגט ניט דעם כח, וואס די קאנסטיטוציע פון דעם שטאט אדער פון די פאר־אייניגטע שטאטען האט זיי געגעבען.

ווער אבער האט דעם כח צו פסק'ענען, צי די געזעצגעבענדע מאכט האט זיך געהאלטען אין דעם גרענעץ פון דער קאנסטיטוציע, צי זי האט איבערשטיגען איר כח? אויף די פראגע גיט די קאנסטי־טוציע פון די פאראייניגטע שטאטען קיין דירעקטען ענטפער ניט. אויף דער קאנסטיטיושאנעל קאנווענשאן איז געמאכט געווארען דער פארשלאג צו געבען דער „סופרים קאורט" די מאכט צו פסק'ענען, צי א געזעץ איז אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע, צי ניט. דער פאר־שלאג איז פארווארפען געווארען, ווייל דאס וואלט ארויסגערופען א שטארקע געגנערשאפט צו דער קאנסטיטוציע. אבער פילע פון די דעלעגאטען צו דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן, צווישען זיי מעדיסאן, וועלכער איז שפעטער געווען פרעזידענט פון די פאראייניג־טע שטאטען, זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז די „סופרים קאורט" וועט האבען דעם כח צו פסל'ען געזעצען, וואס זיינען ניט אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע, אפילו ווען דער כח וועט איר ניט געגעבען ווערען בפירוש אין דער קאנסטיטוציע. אין דער צייט, ווען די שטא־טען האבען געדארפט באטראכטען, צי זיי זאלען אננעמען די קאנ־סטיטוציע, האט אלעקסאנדער האמילטאן, דער קאנסערוואטיווער פי־רער פון יענער צייט, געשריבען:

„די אויסטייטשונג פון די געזעצען געהערט צו די „קאורטס". א קאנסטיטוציע איז פאקטיש און מוז באטראכט ווערען פון די ריכטער פאר א גרונד־געזעץ. עס געהערט דעריבער צו זיי אויסצוגעפינען איר זין און דעם זין פון יעדען באזונדערען געזעץ, וואס שטאמט פון דער געזעצגעבענדער קערפערשאפט. אויב עס טרעפט זיך צווישען דעם געזעץ און דער קאנסטיטוציע א ווידערשפרוך, וואס קען ניט אויס־געגליכען ווערען... מוז די קאנסטיטוציע פארגעצויגען ווערען צו דעם געזעץ, דער ווילען פון פאלק צו דעם ווילען פון זיינע אגענטען".

וועגן דער פראַגע איז אָבער פאַראַן אַ חלוקי דעות צווישן אַמע־ריקאַנער קענער פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט. דאָס ענגלישע און דאָס אַמעריקאַנער רעכט שטיצן זיך אויף „פּרעצעדענטן", דאָס הייסט אויף ביישפּילן פון דער פריהערער געשיכטע. אין דער גע־שיכטע פון ענגלאַנד, וואו די מאַכט פון דעם פּאַרלאַמענט איז אומבאַ־שרענקט, קען מען, נאַטירליך, קיין פּאַסענדע פּרעצעדענטן ניט גע־פינען, סיידען ווען מען גייט צוריק צו דער צייט פאַר דער ענגלישער רעוואָלוציע פון 1688. אין יענער צייט האָבן די ענגלישע „קאָורטס" זיך גענומען דאָס רעכט בטל צו מאַכן די אַקטען פון דעם פּאַרלאַמענט אויף דעם גרונד, אַז זיי זיינען געגען די גזעצליכע רעכט פון דעם קעניג. די רעוואָלוציע פון 1688 האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דאָזי־גער מאַכט פון די „קאָורטס". מען האָט אָבער געפונען פּאַסענדע פּרע־צענדענטן אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניאַלער פּעריאָדע. דער מוסטער פון אַ געשריבענער קאָנסטיטוציע איז געווען דער קעניגליכער טשאַרטער, וואָס האָט באַשרענקט די מאַכט פון דער קאָלאָניאַלער „לעדזשיסלעיטשור". ווען אימיצער האָט זיך באַקלאָגט, אַז די „לע־דזשיסלעיטשור" פון דער קאָלאָניע האָט זיך גענומען אַ מאַכט וואָס געהערט איר ניט, האָט וועגן דער קלאָגע געדאַרפט פּסק'ענען דער „פּריווי־קאָונסיל" (דער קעניגליכער געהיים־ראַט) אין לאָנדאָן. ווען די קאָלאָניעס האָבן זיך ערקלערט פאַר אומאָפּהענגיגע רעפּובליקען, האָט דעם פּלאַץ פון דעם „פּריווי־קאָונסיל" פאַרנומען די „סופרים־קאָורט" פון יעדן שטאַט. אין דעם יאָר 1786, נאָך איידער די פע־דעראַלע קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרן, האָט די „סופרים קאָורט" פון דעם שטאַט ראָד־איילאַנד גע'פּסק'ענט, אַז אַ געזעץ, וואָס ערלויבט צו משפּט'ן אַן אָנגעקלאָגטן אין אַ קליינעם פאַרברעכן אָהן אַ „דזשורי", איז געגען דער קאָנסטיטוציע. אין יענעם פאַל איז טאַקע די „סופרים קאָורט" אויפגעטראָטן אין דער ראָלע פון אַ באַ־שיצער פון פּערזענליכער פרייהייט, אָבער דערמיט איז געמאַכט גע־וואָרן דער אָנהויב, אַז די גזעצגעבענדע מאַכט שטעהט אונטער דער השגחה פון די „קאָורטס".

ענליכע אַנטשיידונגען זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן קורץ נאָכ־דעם אין מאַסאַטשוזעטס, ניו דזשוירזי און נאָרט־קאַראָליינאַ. אָבער די דאָזיגע פּרעטענזיעס פון די „קאָורטס" האָבן, בשעת מעשה אַרויס־גערופן זעהר שטאַרקע פּראָטעסטן מצד דער עפענטליכער מיינונג.

אין די קאנסטיטוציעס פון זעקס שטאטן, וואס זיינען אנגענומען גע־ווארען נאך דער רעוואלוציע און פאר דער פעדעראלער קאנסטיטוציע, געמליך: ניו־העמפשיר, ווערמאנט, מאסאטשוזעטס, מערילענד, ווירדזשיניא און נארט־קאראליינא, שטעהט בפירוש, אז קיינער, א חוץ דער „לעדזשיסלעיטשור", טאר ניט אפשטעלען די דורכפירונג פון א געזעץ וואס זי האט ארויסגעגעבען. איין ריכטונג צווישען די געלערנ־טע האלט, אז די קאנסטיטוציע האט ניט געגעבען די „קאורטס" דאס רעכט צו פסל'ען געזעצען, וואס דער קאנגרעס גיט ארויס. דיזעלביגע מיינונג האט ארויסגעזאגט מיט עטליכע יאר נאך דעם, ווי די קאנסטיטוציע איז אנגענומען געווארען, דער בארימטער דזשאן מאר־שאל, וועלכער איז שפעטער געווארען דער פארזידענצער פון דער „סופרים קאורט" און האט מיט זיינע אויסטייטשונגען געשאפען א נייע קאנסטיטוציע. בשעת ער איז אבער נאך געווען א פראקטיצי־רענדער אדוואקאט, האט ער אין א פראצעס פאר דער „סופרים קאורט" געזאגט:

„די געזעצגעבענדע קערפערשאפט פון יעדען לאנד קען באשרענקט ווערען נאר דורך איר אייגענער קאנסטיטוציע. דאס איז א פרינציפ, וואס שטאמט פון דער נאטור פון דער געזעלשאפט און די „קאורטס" האבען ניט קיין רעכט צו באשטרייטען די גילטיגקייט פון א געזעץ, סיידען דער כח דערצו איז בפירוש געגעבען געווארען דורך דער קאנ־סטיטוציע".

אזוי ווי די פעדעראלע קאנסטיטוציע שווייגט וועגען דער פראגע, קומט אויס, לויט דער מיינונג, אז די „קאורטס" האבען ניט דאס רעכט צו פסל'ען געזעצען. אבער שפעטער, ווען דערזעלבער מארשאל איז געווארען דער פארזיצענדער פון דער „סופרים קאורט", האט ער זיין מיינונג איבערגעביטען, און אין 1801 האט די „סופרים קאורט" זיך גענומען דאס רעכט מבטל צו זיין די געזעצען פון דעם קאנגרעס, ווען זיי פארשטויסען געגען דער קאנסטיטוציע.

די מעשה איז געווען אזוי: די וואלען פאר פרעזידענט אין 1800 איז געווען א גאנצע פאליטישע איבערקערעניש. די „פעדעראליס־טען", וואס האבען געהערשט אין וואשינגטאן זינט עס איז אנגענומען געווארען די קאנסטיטוציע, זיינען זעהר דורכגעפאלען ביי דער וואל, און דזשעפערסאן איז ערוועהלט געווארען פאר פרעזידענט. דעם 3טען מארטש 1801, איין טאג פאר דעם ווי דזשעפערסאן האט געזאלט אריינ־

טרעטען אין אמט, האט דער פריערער פרעזידענט עדעמס, זיינער א פאליטישער געגנער, באזעצט אלע וואקאנטע שטעלען מיט מיטגלידער פון דער געשלאגענער פעדעראליסטישער פארטיי. זיין שטאטס־סעק־רעטאר, דזשאן מארשאל איז שוין געווען באשטימט פון אים פאר דעם אמט פון דעם פארזיצענדען פון דער „סופרים קאורט"; ער איז אבער נאך ניט אריין אין זיין נייעם אמט און איז געזעסען אין דעם פרעזי־דענט'ס הויז חתמ'ענדיג באפעלען וועגען נייע באאמטע ביז צוועלף א זייגער ביינאכט, ווען דזשעפערסאן איז ערשינען אין דעם פרעזי־דענט'ס הויז. דזשעפערסאן האט באטראכט די אנשטעלונג פון די ראזיגע באאמטע פאר אומגילטיג. האט איינער פון זיי אנגעגעבען אין „קאורט", פאדערענדיג, אז דער נייער שטאטס־סעקרעטאר זאל גע־צוואונגען ווערען צו געבען אים די שבועה פון זיין נייעם אמט. דער פראצעס איז פארגעקומען פאר מארשאל'ן גופא, וועלכער האט זיך ניט אפגעזאגט צו זיצען אין דער ראלע פון א ריכטער איבער דער גע־זעצליכקייט פון זיין אייגענעם אקט. דער געזעץ איז געווען קלאר אויף דזשעפערסאן'ס זייט. דאריבער איז פאר מארשאל'ן קיין אנדער וועג ניט געבליבען, אחוץ צו ערקלערען דעם געזעץ פאר ניט־גילטיג, אויף דעם גרונד וואס ער איז כלומר'שט געגען דער קאנסטיטוציע. אויף דעם אופן איז באשאפען געווארען א פרעצעדענט פאר די פאר־אייניגטע שטאטען. אין דער פראקטיק איז די „סופרים קאורט" דורך דעם געווארען די העכסטע געזעצגעבענדע קערפערשאפט.

די ריכטער פון דער „סופרים קאורט" ווערען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט, מיט דער צושטימונג פון דעם סענאט, אויפ'ן גאנצען לעבען. זיי קענען ארונטערגעזעצט ווערען נאר, ווען זיי פירען זיך ניט אויף גוט. די פראצעדור איז דיזעלביגע, ווי בנוגע צו דעם „אימפיטש־מענט" (אנקלאגע) פון דעם פרעזידענט. אין דער פראקטיק מיינט דאס, אז א ריכטער פון דער „סופרים קאורט" קען קיינמאל ניט ארונ־טערגעזעצט ווערען.*)

די מערסטע געלערנטע יוריסטען האלטען דאס פאר א גרויסע מעלה, ווייל דאס פארזיכערט די אומאפהענגיגקייט פון דעם געריכט.

*) אין דער גאנצער געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען, איז נאר איין מאל פארגעקומען, אז א ריכטער פון דער „סופרים קאורט" איז געשטעלט געווארען אונטער אנקלאגע. דאס איז געווען אין 1804, און דער סענאט האט צוריקגעוויזען די קלאגע.

און ווען די ריכטער זיינען אומאפהענגיג, קענען זיי אויך זיין אומ־פארטייאיש. אין לענדער מיט א דעספאטישער רעגירונג, ווי צום ביישפיל אין רוסלאנד אונטער די צארען, האט די אפאזיציע אימער געפאדערט, אז די ריכטער זאלען באשטימט ווערען אויפ'ן גאנצען לע־בען און די רעגירונג זאל זיי ניט קענען אראפזעצען, סיידען ווען זיי ווערען פאר'משפט פאר ערגעץ א פארברעכען. די דאזיגע פאדערונג האט זיך געשטיצט אויף דעם מוסטער פון ענגלאנד. דארטען האט פאר דער רעוואלוציע פון 1688 דער קעניג געהאט די מאכט אנצושטע־לען און צו באזייטיגען אלע שופטים. דאס האט זיי געמאכט פאר־ווערקצייג אין זיינע הענט. דאריבער האט דער פארלאמענט אין 1701 אנגענומען א געזעץ, אז די ריכטער קענען ארונטערגעזעצט ווערען נאר פון דעם פארלאמענט. דאס האט זיי געמאכט אומאפהענגיג פון דער קעניגליכער מאכט, אבער זיי זיינען געמאכט געווארען פאראנט־ווארטליך צום פארלאמענט, דאס הייסט צו די פארטרעטער פון די וועהלער. די ענגלישע „קאורטס" קענען דאריבער ניט פסל'ען א גע־זעץ, וואס דער פארלאמענט האט ארויסגעגעבען, אויף דעם גרונד, אז ער איז ניט אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע.

אין די אמעריקאנער קאלאניעס פאר דער רעוואלוציע זיינען גע־ווען צוויי סיסטעמען: אין די קאלאניעס, וואס זיינען געגרינדעט גע־ווארען מיט א קעניגליכען טשארטער, פלעגט די „לעדזשיסלעיטשור" באשטימען די ריכטער געוועהנליך אויף איין יאר; אין די קעניגליכע פראווינצען פלעגען די ריכטער באשטימט ווערען פון דעם קעניג אהן א טערמין און האבען געקענט צו יעדער צייט ארונטערגעזעצט ווערען. אין יענע קאלאניעס איז פאפולער געווען די פאדערונג, אז די קעניג־ליכע רעגירונג זאל ניט קענען ארונטערזעצען די ריכטער — ווייל מען האט דערמיט געהאפט זיי צו מאכען אומאפהענגיג פון דער קעניג־ליכער מאכט.

נאך דער אמעריקאנער רעוואלוציע האט ד ע ר מאטיוו פאר־לארען יעדען זין אין די פאראייניגטע שטאטען. דער לעבענסטערמין פאר די ריכטער איז אנגענומען געווארען אין דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן צוליב אן אנדער צוועק. דער גייסטיגער פירער פון דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן, אלכסנדר האמילטאן, ערקלערט דעם זין דערפון אזוי:

„אין א מאנארכיע איז ער (דער לעבענסטערמין פאר ריכטער)

אַן אויסגעצייכענטע אָפּצאַמונג געגען דעם דעספּאָטיזם פון דעם מאַ־ נאַרך; אין אַ רעפּובליק איז עס פּונקט אַזאַ גוטע אָפּצאַמונג געגען די אָנגריפען און אונטערדריקונג מצד דער רעפּרעזענטאַטיוו קערפּער־ שאַפט.

„די אומאָפּהענגיגקייט פון די ריכטער — זאָגט ער ווייטער — איז נויטיג, אַלס אַ שוץ געגען „געפערליכע נייע איינפירונגען אין דער רעגירונג און ערנסטע אונטערדריקונג פון דער קלענערער פּאַרטיי אין דער געזעלשאַפט". האַמילטאָן נעמט זיך דאָ ניט אָן פאַר די רעכטע פון אַן אָפּאָזיציאָנעלער מינאָריטעט בכלל, נאָר ספּעציעל פאַר די אינ־ טערעסען פון די רייכע, וואָס קענען געשטעלט ווערען אין סכנה דורך די מאַכט פון דער מאַיאָריטעט פון די אָרעמע אין אַ דעמאָקראַטיע. האַמילטאָן — זאָגט פּראָפעסאָר סמיט — איז געווען פאַר דער אומ־ אָפּהענגיגקייט פון די ריכטער דערפאַר, ווייל „ער איז געווען אַן אונ־ קאָמפּראָמיסליכער געגנער פון דעמאָקראַטיע און האָט באַטראַכט די ענגלישע רעגירונג פון יענער צייט, מיט איר מאָנאַרכיע און אַריסטאָ־ קראַטיע, פאַר די בעסטע פאָרמע פון אַ רעגירונג, וואָס איז געשאַפען געוואָרען".

פּאַרקערט, טאָמאַס דזשעפערסאָן, דער טעאָרעטישער באַגרינדער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, איז אויפגעטראָטען געגען אַ לע־ בעסלאַנגען טערמין פאַר די ריכטער. אין ענגלאַנד — זאָגט ער — וואו די ריכטער זיינען באַשטימט געוואָרען און האָבען געקענט אונ־ טערגעזעצט ווערען דורך דעם ווילען פון דעם קעניג, ווען דאָס פאָלק האָט ניט געטרויט, „איז עס געווען אַ גרויסער געווינס, ווען מען האָט זיי פאַרזיכערט פאַר'ן גאַנצען לעבען און דערמיט זיי געמאַכט אומ־ אָפּהענגיג פון דער עקזעקוטיווע. אָבער אין אַ רעגירונג, וואָס איז באַגרינדעט אויף דעם ווילען פון דעם כלל, ווירקט ד ע ר פּרינציפּ אין דער פאַרקערטער ריכטונג און געגען דעם דאָזיגען ווילען... מיר האָבען זיי געמאַכט אומאָפּהענגיג פון דער נאַציאָן גופא".*)

די באַוואונדערער פון דער אַמעריקאַנער „סופרים קאָורט" מיינען, אַז דער סיסטעם פון ערוועהלטע ריכטער האָט דעם חסרון, וואָס זיי זיינען פּאַרטיי־לייט און קענען דאַריבער ניט זיין אומאָפּהענגיג. אָבער אין דער פּראַקטיק איז די אומפּאַרטייליכקייט פון דער „סופרים־קאָורט"

*) J. Allen Smith, "The Spirit of American Government," p.p. 68—79.

אויך ניט מקיום געוואָרען. אַ בליק אויף דער צייט נאָך דעם בירגער־קריג ווייזט, אַז ווען נאָר עס איז דער „סופרים קאָורט" אויסגעקומען צו אַנטשיידען וועגען ערגעץ אַ פּאָליטישער אָדער סאָציאַלער פראַגע, זיינען די ריכטער אימער געווען צוטיילט לויט דעם, צו וואָסער פּאַרטיי יעדער האָט באַלאַנגט.

פון דער אַנדערער זייט אָבער איז די „סופרים קאָורט" באַלד פון אַנהויב געוואָרען אַ מויער פון קאָנסערוואַטיזם. אין די ערסטע צוועלף יאָר נאָך דער ערוועהלונג פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן פאַר פּרעזידענט, איז די הערשענדע פּאַרטיי געווען די פעדעראַליסטישע, וואָס האָט געשאַפען די קאָנסטיטוציע. פון אַלע ריכטער פון דער „סופרים קאָורט", וואָס זיינען באַשטימט געוואָרען אין ד ע ר צייט, איז געווען נאָר איינער, וואָס האָט זיך ניט באַטייליגט אַלס דעלעגאַט צו דער קאָנסטיטיושאַנאַל קאָנווענשאָן, אָדער צו די קאָנווענשאָנס פון די שטאַטען, וואו די קאָנסטיטוציע איז אָנגענומען געוואָרען. הגם עס איז אין יענער צייט געווען אַ חלוקי דעות איבער דער פראַגע צי מעג די „סופרים קאָורט" אַרויפלעגען איר „וועטאָ" (פאַרבאָט) אויף די געזעצען, וואָס דער קאָנגרעס גיט אַרויס. אָבער די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי איז זיכער געווען מיט די ערסטע ריכטער, אַז זיי וועלען אויסטייטשען די קאָנסטיטוציע אין ד ע ם זין. נאָך דעם ווי די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי איז פאַרניכטעט געוואָרען, אין 1801, איז נאָך אַוועק אַ גאַנצער דור און די „סופרים קאָורט" איז נאָך רק געבליבען אין די הענט פון די פעדעראַליסטען און האָט סיסטעמאַטיש אויסגעטייטשט די קאָנסטיטוציע אין דעם גייסט פון דער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי.

קיינער קען אין דער היינטיגער צייט ניט לייקענען, אַז עס קען פּאַסירען, דער קאָנגרעס אָדער די „לעדזשיסלעיטשורס" זאָלען מאַכען אַ געזעץ, וואָס פאַרשטויסט געגען די קאָנסטיטוציע. אָבער די געשיכטע פון די פאַראייניגטע שטאַטען ווייזט, אַז ווען דאָס טרעפט זיך, טרעט די „סופרים קאָורט" ניט אַרויס אין דער ראָלע פון אַ שומר פון די פאָלקס־רעכטע. איך וויל דאָ געבען נאָר איין ביישפּיל:

די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען, גיט יעדען אָנגעקלאַגטען אין אַ פאַרברעכען, דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען מ'זאָל אים משפּט'ן מיט אַ „דזשורי". פונדעסטוועגען האָט די „סופרים קאָורט" געפונען אַ מיטעל מבטל צו זיין די דאָזיגע קאָנסטיטוציאָנעלע נאָ־

ראנטיע אין די פיליפינעס. א רעדאקטאר פון אן ענגלישער ציימונג אין מאנילא, א געבארענער אמעריקאנער בירגער, איז פאר׳משפט גע־ווארען אהן א דזשורי אין א קאורט אין מאנילא צו זיצען פאר „באַ־ליידיגען" עפּעס אן אמעריקאנער באאמטען. דער פאראורטיילטער האט אפּעלירט צו דער „סופּרים קאורט" פון די פאראייניגטע שטאטען אויף דעם גרונד, אז נאך דער קאנסטיטוציע איז ער בארעכטיגט געווען צו האבען א „דזשורי". אבער די „סופּרים קאורט" האט גע׳פסק׳ענט, אז די קאנסטיטוציע גילט נאר אין די שטאטען און אין די טעריטאַ־ריעס פון די פאראייניגטע שטאטען, אבער ניט אין די אמעריקאנער „קאלאניעס".

מיט דער אנטשיידונג האט די „סופּרים קאורט" דערגרייכט א דאפּעלטען רעזולטאט. איינערזייטס האט זי אפּגעשאפט דעם „דזשורי־סיסטעם" פאר די פיליפינעס, און צווייטענס האט זי געשאפען א גאנץ נייע פאליטישע אינסטיטוציע — די „קאלאניע" — וואס איז ביז דאמאלס געווען גאנץ פרעמד דעם אמעריקאנער פאליטישען סיסטעם. דאס הייסט, זי האט געהאנדעלט אלס א געזעצגעבער, ניט אלס א קאורט.

מיר זעהען פון ד ע ם ביישפּיעל, אז פּאקטיש קען די אמערי־קאנער קאנסטיטוציע „אמענדירט" ווערען דורך די „סופּרים קאורט". דער אמת׳ער פאטער פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע איז געווען דזשאן מארשאל, וועלכער איז געווען פארזיצענדער פון דער „סופּרים קאורט פון 1801 ביז 1835. זיינע אנטשיידונגען האבען געשאפען דאס אמעריקאנער קאנסטיטוציאנעלע רעכט.

אפילו די קאנסערוואטיווע באוואונדערער פון דער „סופּרים קאורט", ווי צום ביישפּיל לארד ברייס, מוזען צוגעבען, אז דער אמע־ריקאנער קאנסטיטוציאנאליזם האט איין גרויסען חסרון: קיינער קען קיינמאל ניט זיכער זיין, וואס איז געזעצליך און וואס איז אומגעזעצ־ליך. די „סופּרים קאורט" קען צו יעדער צייט ערקלערען יעדען גע־זעץ פאר א ברוך פון דער קאנסטיטוציע („אנקאנסטיטושאנאל").

די „דרעד סקאט דעסיזשאן" (דער פסק־דין געגען דרעד סקאט׳ן) פארנעמט א וויכטיגען פּלאץ אין דער געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען. אין 1820 האט דער קאנגרעס ארויסגעגעבען א געזעץ, וואס איז באקאנט אונטער דעם נאמען „דער קאמפּראמיס בנוגע צו מיזורי". נאך דעם קאמפּראמיס נאך, איז די שקלאפעריי פארבאטען

געוואָרען אין די טעריטאָריעס, וואָס זיינען געלעגען אין צפון פון א באַשטימטער גרעניץ־ליניע.*) מיט עטליכע און דרייסיג יאָר שפּעטער האָט א פּלאַנטאַטאָר פון די סויט גענומען מיט זיך א שקלאַף אין א טעריטאָריע, וואו די שקלאַפעריי איז געווען פאַרבאָטען דורך יענעם געזעץ. אָנקומענדיג אין די טעריטאָריע, איז דער שקלאַף פון אים אַוועק. דער פּלאַנטאַטאָר האָט אָנגעגעבען אין קאָורט, מען זאָל אַרעסטירען זיין אַנטלאָפענעם שקלאַף. די „קאָורט" פון דער טע־ריטאָריע האָט אָפּגעוויזען זיין בקשה. ער האָט אַפּעלירט ביז צו דער „סופרים קאָורט" פון די פאַראייניגטע שטאַטען, און די „סופרים קאָורט" האָט גע׳פסק׳ענט אין 1857, אַז דער קאָמפּראָמיס פון 1820 איז געגען דער קאָנסטיטוציע.

עס איז א גרונטאָווער רעכטס־פּרינציפּ, אַז קיין געזעץ האָט קיין כח ניט בנוגע צו אַן אינטערעס, וואָס שטאַמט פון דער צייט פאַר יענעם געזעץ. אָבער ווען די סופרים קאָורט פּסק׳ענט א שאלה, הייסט דאָס ניט אַז זי האָט געשאַפען א נייעם געזעץ, נאָר זי האָט אויסגע־טייטשט דעם אַלטען געזעץ, וואָס איז שוין פריער געווען אין קראַפט.

די געזעצגעבענדע מאַכט פון דער „סופרים קאָורט" פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען באַציט זיך ניט נאָר אויף די פעדעראַלע געזעצ־געבונג, נאָר אויך אויף די געזעצגעבונג פון די שטאַטען. דער צוועק פון דער קאָנסטיטוציע איז געווען צו שאַפען א באַזונדערען רשות פאַר דער פעדעראַלער רעגירונג, אין וועלכען די רעגירונגען פון די שטאַטען זאָלען ניט טאָרען זיך אַריינמישען. צו דעם צוועק באַשטימט דער צווייטער פּאַראַגראַף פון דעם זעקסטען אַרטיקעל פון דער קאָנסטיטו־ציע, אַז „די קאָנסטיטוציע און די געזעצען פון די פאַראייניגטע שטאַ־טען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין איינקלאַנג מיט איר... זיינען דער העכסטער געזעץ פון לאַנד, און אַלע ריכטער פון יעדען שטאַט מוזען זיי פאָלגען, ניט אַכטענדיג אויף דעם, וואָס די קאָנסטיטוציע אָדער די געזעצען פון ערגעץ א שטאַט מעגען זיין דאַגעגען". דער פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע גיט דער „סופרים קאָורט" בפירוש דאָס רעכט צו פּסל׳ען די געזעצען פון א שטאַט, ווען זי האַלט, אַז זיי ווי־

*) דאָס איז די זאָגענאַנטע „מעיסאָן ענד דיקסאָן לאַין", וואָס האָט אָפּגעטיילט דעם פריערן צפון פון דעם שקלאַפישען דרום. דער נאָמען שטאַמט פון די נעמען פון די צוויי ענגלישע לאַנדמעסטער, וועלכע האָבען באַשטימט דעם גרענעץ צווישען די קאָלאָניעס פון פענסילוועניא און מערילענד נאָך פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. דורך דעם „קאָמפּראָמיס פון מיזורי" איז דער גרעניץ אויסגעצויגען געוואָרען ווייטער למערב אזוי, אַז דער פריער טייל האָט אַריינגענומען די טעריטאָריעס פון מיזורי און קענסאַס.

דערשפּרעכן דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע. וואָס איז שייך אָבער צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער פעדעראַלער רעגירונג, האָבן די געזעצגעבענדע, די עקזעקוטיווע און די געריכטליכע אָפּטיילונג, לויט דער טעאָריע פון דער קאָנסטיטוציע געזאָלט זיין שטרענג אָפּגעזונדערט. אָבער די געריכטליכע מאַכט איז אַריינגעדרונגען אין די געזעצגעבונג דורך דעם „אויסטייטשען" פון דעם געזעץ.

די געזעצגעבער האָבן ניט פּרובירט צו באַקעמפן די דאָזיגע פּרעטענזיעס פון די געריכטען. די עקזעקוטיווע האָט נאָר איין מאָל, אונטער פּרעזידענט דזשעקסאָן, אַנטזאָגט זיך צו אָנערקענען דאָס רעכט פון דער „סופרים קאָורט" אָפּצושאַפן אַ געזעץ. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגן אַ פּראָצעס איבער די לענדער פון די אינדיאַנער. די „סופרים קאָורט" האָט ערקלערט אַז אַקט פון דעם קאָנגרעס פאַר „אַנקאָנסטיטושאַנאַל" און האָט געגעבן אַן אַנטשיידונג געגען דער רעגירונג. פּרעזידענט דזשעקסאָן, האָט ביי דער געלעגענהייט געזאָגט: „דזשאָן מאַרשאַל (דער פאָרזיצענדער פון דער „סופרים קאָורט") האָט געמאַכט דעם געזעץ, זאָל ער אים איצטער אויספירען!" און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו די מאַרשאַלען, זיי זאָלען ניט פאָלגען די אַנטשיידונג פון דער „קאָורט". נאַטירליך, ווען די עקזעקוטיווע וויל ניט פאָלגען די „סופרים קאָורט", בלייבען די אַנטשיידונגען פון די „קאָורטס" ניט מער ווי אַ טויטער בוכשטאַב. עס האָט זיך געטראָפען אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, אַז די מיליטערישע קאָמאַנדירען האָבן ניט געפאָלגט אין דער צייט פון קריג די באַפעלען פון די געריכטען, אָבער „אין אַ מלחמה פאַרשטומען די געזעצען", ווי די פאַרצייטיגע רוימער פלעגען זאָגען.

אין פרידליכע צייטען, פאַרקערט, איז, חוץ דער געשיכטע מיט פּרעזידענט דזשעקסאָנ'ען קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, אַז די עקזעקוטיווע זאָל ניט פאָלגען אַ פּסק־דין פון אַ געריכט. די השגחה פון די „קאָורטס" איבער דער געזעצגעבונג איז אַלגעמיין אָנערקענט געוואָרען און איז געוואָרען דער פונדאַמענט פון דעם אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציאָנאַליזם. אויף דעם אופן איז אין די פאַראייניגטע שטאַטען אויסגעוואַקסען אַז „אַריסטאָקראַטיע פון דעם ריכטער־מאַנטעל", ווי פּראָפעסאָר בורדזשעס פון קאָלאָמביאַ אוניווערסיטעט באַצייכענט עס.*)

פון דער פעדעראַלער רעגירונג האָט זיך דיזעלביגע געזעצגעבע־

*) "Aristocracy of the Robe." Burgess, "Political Science and Constitutional Law," vol. II, p. 365.

רישע מאכט פון די „קאורטס“ פארשפרייט אויף די רעגירונגען פון די שטאטען. דאס העכסטע גריכט פון יעדען שטאט האט באהויפטעט דאס רעכט מבטל צו זיין די אקטען פון די „לעדזשיסלעיטשורס“.

אין זיבען שטאטען האט מען געזוכט א מיטעל, אז א געזעץ זאל נים קענען אומגעריכטערהייט אפגעשאפט ווערען פון די „קאורטס“; צו דעם צוועק מעג די „לעדזשיסטלעיטשור“ אדער דער גובערנאטאר פארלעגען דעם פראיעקט פון יעדען געזעץ פאר דער „סופרים קאורט“, זי זאל ווענען אים אויסשפרעכען איר מיינונג איידער עס ווערט אפגעשטימט ווענען אים. אויב זי איז מסכים אויף דעם פראיעקט, דעמאלט שטימט מען ווענען איהם; אויב די „קאורט“ זאגט, אז אזא געזעץ וועט זיין גענען דער קאנסטיטוציע, פארשפארט מען אים אנצונעמען. צוגעבענדיג, אז די גריכטען דארפען יע האבען א דעה איבער דעם, צי דער געזעץ איז אין איינקלאנג מיט דער קאנסטיטוציע, צי נים, וואלט דאך, דאכט זיך, דאס געווען א גאנץ גלייכער פלאן: ווען די „קאורט“ האט גוטגעהייסען דעם פראיעקט פון דעם געזעץ, טו האט שוין דאס געדארפט מאכען א סוף. אבער די „קאורטס“ אין יענע שטאטען האבען גע׳פסק׳ענט, אז דאס, וואס זיי האבען געזאגט פאר דער אפשטימונג, איז נים מער ווי א טעארעטישע מיינונג, וואס קען נים בינדען די „קאורט“ אין א צוקונפטיגען סכסוך צווישען פריוואט מענטשען, ווארים דער צד־שכנגדו האט בשעת מעשה קיין געלעגענהייט נים געהאט פארצולעגען זיינע טענות גענען דעם פראיעקטירטען געזעץ. ווען אבער די פראגע ווענען דער גילטיגקייט פון דעם אנגענומענעם געזעץ קומט פאר אין א פראצעס צווישען פריוואט מענטשען און דער פאראינטערעסירטער צד לעגט פאר זיינע ראיות, אז דער געזעץ איז נים אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע, מעג די „קאורט“ דעמאלס זאגען, אז פריער האט זי געהאט א טעות, ווען זי האט אין דעם געזעץ קיין חסרון נים געפונען, און איצטער געפינט זי, אז דער געזעץ שטימט נים מיט דער קאנסטיטוציע.*)

פונדעסטוועגען איז אין די שטאטען דער וועג אפען פאר די אפשאפונג פון דער געזעצגעבערישער מאכט פון די „קאורטס“, ווייל די קאנסטיטוציע פון יעדען שטאט באשטימט, אז פון צייט צו צייט מוז אפגעהאלטען ווערען א קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן, וועלכע קען

---

*) דיזעלביגע פראגע איז פארגעקומען פאר דער „סופרים קאורט“ פון די פאראייניגטע שטאטען נאך אין פרעזידענט וואשינגטאן׳ס צייטען. אין 1793 האט ער זיך געווענדעט צו דער „סופרים קאורט“ מיט ניין־און־צוואנציג (29) פארשידענע געזעצליכע שאלות. די קאורט האט געענטפערט, אז זי קען אים קיין תשובה נים געבען, ווייל זי מעג נאר פסק׳ענען אזעלכע שאלות, וואס זיינען פארוויקעלט אין געוועהנליכע פראצעסען, וואס ווערען פארהאנדעלט אין די „קאורטס.

ראַדיקאַל איבערמאַכען די גאַנצע קאָנסטיטוציע. די שווערינקייט עקזיסטירט נאָר בנוגע צו דער „סופרים קאָורט" פון די פאַראייניגטע שטאַטען, מחמת עס איז פּאַקטיש אַזוי גוט ווי אוממעגליך צו אַמענדירען די קאָנסטיטוציע. מען דאַרף אָבער ניט דענקען, אַז מען קען אויף אַ קאָנסטיטוציאָנעלען וועג גאָרניט אָפּשאַפען די גרויזאַמע מאַכט פון דער „סופרים קאָורט". די קאָנסטיטוציע גיט יע אַ מיטעל דעם קאָנגרעס צוזאַמען מיט'ן פּרעזידענט צו ברעכען דעם ווידערשטאַנד פון דער „סופרים קאָורט". די קאָנסטיטוציע באַשטימט ניט די צאָל ריכטער פון דער „סופרים קאָורט". דער קאָנגרעס מעג גרעסער מאַכען די צאָל זייערע, און דער פּרעזידענט קען דאַמאָלט צוזאַמען מיט'ן סענאַט באַזעצען די נייע שטעלען מיט אַזעלכע ריכטער, וואָס שטימען איין מיט די פאָדערונגען פון דער עפענטליכער מיינונג. למשל, אין די לעצטע יאָרען זיינען כמעט אַלע רעאַקציאָנערע אָנטשיידונגען פון דער „סופרים קאָורט" דורכגעגאַנגען מיט אַ מאַיאָריטעט פון פינף ריכטער געגען פיר. פען דער קאָנגרעס וואָלט געשאַפען נאָך צוויי שטעלען אין דער „סופרים קאָורט" און דער פּרעזידענט וואָלט זיי באַזעצט מיט אַזעלכע ריכטער, וואָס סימפּאַטיזירען מיט די פּראָגרעסיווע פאָדערונגען פון דער צייט, וואָלט פון דער מינאָרירעט געוואָרען אַ מאַיאָריטעט.

אַזאַ פּרעצעדענט איז געשאַפען געוואָרען אין דער שטורם-צייט נאָך דעם בירגער-קריג. אין 1866 איז געשטאָרבען איינער פון די ניין ריכטער פון דעם „סופרים קאָורט". דער קאָנגרעס איז אין יענער צייט געווען אין קאָנפליקט מיט פּרעזידענט דזשאָנסאָנ'ען. כדי ער זאָל ניט קענען באַזעצען דעם פּלאַץ מיט זיינעם אַ אָנהענגער, האָט דער קאָנגרעס באַשטימט דורך אַ געזעץ, אַז דער „סופרים קאָורט" זאָל באַשטעהן פון אַכט ריכטער. אין דעם נעכסטען יאָר האָט דער „סופרים קאָורט" מיט אַ מאַיאָריטעט פון פינף געגען דריי גע'פּסל'ט דעם געזעץ וועגען פּאַפּיר-געלט. קורץ נאָכדעם האָט איינער פון די פינף רעזיגנירט. אין 1869, ווען גראַנט איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט דער קאָנגרעס ווידער פאַרגרעסערט די צאָל פון די ריכטער ביז ניין און פּרעזידענט גראַנט האָט באַשטימט אויף די צוויי וואַקאַנסיעס אַזעלכע ריכטער, וואָס האָבען געהאַלטען, אַז דער געזעץ וועגען די פּאַפּיר-געלט איז ניט להיפוך צו דער קאָנסטיטוציע. ווען די־זעלבע פּראַגע איז ווידער פאָרגעקומען פאַר דעם „סופרים קאָורט", איז שוין אַ מאַיאָריטעט פאַר דעם געזעץ געווען געזיכערט.

אין די לעצטע יארען האט מען שטארק אגיטירט געגען די מאכט פון דעם „סופרים קאורט" צו פסל'ען די געזעצען, וואס דריקען אויס דעם ווילען פון פאלק. עקס־פרעזידענט רוזוועלט און די פראגרעסיווע פארטיי זיינען ארויסגעטראטען מיט דער פאדערונג, אז ווען די „סופ־רים קאורט" ערקלערט א געזעץ פאר אונקאנסטיטוציאנעל, זאל מען פון איהר אנטשיידונג מעגען אפעלירען צו א רעפערענדום פון די וועהלער. דער פארשלאג איז אין איינקלאנג מיט דער טעאריע, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער „סופרים קאורט", ווען זי פסל'ט א געזעץ, דער גרונד איז, אז די קאנסטיטוציע איז דער ווילען פון פאלק גופא, בעת דער געזעץ פון דעם קאנגרעס איז נאר אן אקט פון די פאר־טרעטער פון פאלק, וועמעס כח איז באשרענקט דורך דער קאנסטיטו־ציע. ווען זיי ווילען איבערטרעטען דעם גרעניץ פון זייער געזעצ־ליכער מאכט, דאמאלס דארף זיי דער „סופרים קאורט" אפשטעלען ביים גרעניץ. נו, אויב די פראגע איז, צי די געזעצגעבער האבען געהאנדעלט לויט דעם ווילען פון פאלק, צי ניט, טו ווער קען אויף דער פראגע געבען א בעסערען ענטפער, ווי דאס פאלק אליין — דורך א פאלקס־אפשטימונג?

נאטירליך, וואלט אזא מיטעל נעקענט איינגעפירט ווערען נאר דורך א ספעציעלען אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע, ווייל דער־מיט וואלט דאך איינגעפירט געווארען א נייער וועג צו אמענדירען די קאנסטיטוציע, וואס געפינט זיך נאך אין איר ניט. אחוץ דעם איז עס א קאמפראמיס, וואס אנערקענט די השגחה פון דעם „סופרים קאורט" איבער דעם קאנגרעס. מיט אזא אמענדמענט צו דער קאנ־סטיטוציע וואלט די השגחה פון דעם „סופרים קאורט" איבער דער געזעצגעבונג געקראגען אויך אן אויסדריקליכע אנערקענונג אין דער קאנסטיטוציע.

דאס רעכט פון דעם „סופרים קאורט" צו פסל'ען א געזעץ פון דעם קאנגרעס, איז ווידער געקומען אויף דער טאגעס־ארדענונג אין דער סעסיע פון קאנגרעס אין 1918. דעם דריטען יוני האט די „סופרים קאורט" מיט פינף שטימען געגען פיר גע'פסל'ט דעם געזעץ געגען קינדער־ארבייט, וואס דער קאנגרעס האט אנגענומען אין 1916. דאס האט געשאפען א שטארקע אומצופרידענקייט צווישען אלע מער־וועניגער פארטשריטליכע עלעמענטען אין לאנד, און מיט דריי טעג שפעטער האט סענאטאר אוען פון אקלאהאמא אריינגעבראכט א פרא־

יעקט פון א נייעם געזעץ, וואס אנטהאלט איז זיך ווארט פאר ווארט דעם גע'פסל'טען געזעץ מיט דעם צוגאב, אז די „קאורטס" טארען ניט שטעלען אין פראגע, צי דער געזעץ איז אין הסכם מיט דער קאנסטי־טוציע צי ניט. סענאטאר אוען האט זיך געשטיצט אויף דעם, אז על פי קאנסטיטוציע האט דער קאנגרעס די מאכט צו באשטימען די יוריס־דיקציע (רשות) פון דער „סופרים קאורט" (דריטער ארטיקעל, צוויי־טער פאראגראף). דעריבער מעג דער קאנגרעס אוועקנעמען פון דער „סופרים־קאורט" דאס רעכט צו פסק'ענען די שאלה, צי א געוויסער געזעץ איז אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע, צי ניט. דער קאנגרעס האט עס געטאן אין 1867, באלד נאך דעם בירגער־קריג בנוגע צו די געזעצען צו באשיצען די רעכטע פון די באפרייטע שקלאפען. מורא האבענדיג, אז די רעאקציאנערע מערהייט פון דער סופרים קאורט זאל די געזעצען ניט פסל'ען, האט דער קאנגרעס באשטימט, אז די סופרים קאורט טאר ניט אויפנעמען די פראגע, צי די דאזיגע געזעצען זיינען אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע. די סופרים קאורט האט געפאלגט.

סענאטאר אוען'ס פראיעקט איז אבער געבליבען ניט מער ווי א דעמאנסטראציע, אבער דער פלאן עפענט א וועג אינגאנצען צו מא־כען א סוף מיט דער מאכט פון דער „סופרים קאורט" צי פסל'ען די געזעצען פון קאנגרעס. דער קאנגרעס קען אננעמען אן אלגעמיינעם געזעץ, וואס זאל באשטימען, אין די ווערטער פון סענאטאר אוען'ס פראיעקט, אז „קיין ריכטער פון א קלענערען פעדעראלען „קאורט' טאר ניט דערלאזען מסופק צו זיין אין זיין „קאורט" די גילטיגקייט פון א געזעץ על פי דער קאנסטיטוציע, און די סופרים קאורט" זאל ניט האבען קיין רעכט צו פסק'ענען איבער אזא שאלה, ווען מען אפעלירט צו איר וועגען דעם"*).

---

*) דאס איז די מיינונג פון דעם פארזיצענדען פון דער סופרים קארט פון נארט קאראליינא, וואלסטער קלארק, אין אן ארטיקל וואס ער האט גע־שריבען פאר דעם וואכענבלאט „דהי פאבליק".

## זעקסטער קאפיטעל

# דער וואוקס פון צענטראליזאציע.

פון דעם מאמענט ווען די אמעריקאנער קאלאניעס האבען זיך דערקלערט פאר אומאפהענגיג, ביז די קאנסטיטוציע איז אנגענומען געווארען פון די דרייצען אומאפהענגיגע רעפובליקען, איז אנגעגאנגען א קאמף צווישען דעם פרינציפ פון צענטראליזאציע און דעם פרינציפ פון אויטאנאמיע פון יעדען שטאט. דער קאמף האט זיך געענדיגט מיט א קאמפראמיס צווישען דיביידע פרינציפען. די פעדעראלע קאנסטיטוציע האט צוטיילט די שטאטס-געשעפטען צווישען צווי פאליטישע קערפערס — דעם ב ו נ ד (אדער פעדעראציע) און דעם ש ט א ט. דער שטאט איז ניט קיין טייל פון א מלוכה, ווי א רוסישע גובערניע, אדער ווי גאליציע אין עסטרייך, אדער א „קאונטי" אין ענגלאנד, אדער א „דעפארטמאן" אין פראנקרייך, — א שטאט איז א באזונדערע מלוכה, וואס אין אירע אייגענע געשעפטען איז איר סואווערעניטעט גאנץ אומבאשרענקט. דער שטאט איז אין קיין זאך ניט אונטערטעניג צו דעם בונד; דער בונד טאר זיך ניט מישען אין די געשעפטען פון דעם שטאט, פונקט ווי די שטאטען טארען זיך ניט מישען אין די געשעפטען פון דעם בונד. די קאנסטיטוציע רעכענט אויס גאנץ גענוי, וואס דער בונד מעג טאן דורך זיין פארטרעטער. דורך דעם קאנגרעס. דורך די דאזיגע באשרענקונגען האבען די קעמפער פאר דער אויטאנאמיע פון די שטאטען געהאפט קלאר צו באשטימען די גרעניץ צווישען דעם בונד און דעם שטאט. אבער די עקאנאמישע אנטוויקלונג, וואס האט נויטיג געמאכט די פעדעראלע קאנסטיטוציע, האט ווייטער געארבייט אין דער ריכטונג פון צענטראליזאציע. וואו די קאנסטיטוציע האט פארצאמט דעם וועג, האבען די „קאורטס," מיט זייער אויסלעגען פון דער קאנסטיטוציע, געפונען

אז ארומיגעז וועג. זיי האבען אויסגעארבייט א טעאריע, א חוץ דעם וואס עס שטעהט בפירוש אין דער קאנסטיטוציע אז דער קאנגרעס מעג טאן, מעג ער נאך טאן אלצדינג, וואס עס איז נויטיג, כדי ער זאל קאנען טאן זיין חוב על פי קאנסטיטוציע. וואס די קאנסטיטוציע האט בפירוש פארטרויט דעם קאנגרעס, רופט זיך „ענומערייטעד פאוערז" (אויסגערעכענטע כחות); וואס ער מעג טאן צוליב דעם, ווער־ליג ווי די „קאורטס" האבען עס אויסגעטייטשט, רופט זיך „אימפלאיד פאוערז" (דער כח־וואס שטעקט שוין אין יענע).

די דאזיגע טעאריע שטאמט פון די „פעדעראליסטען" (דאס הייסט פון די, וואס האבען געוואלט צענטראליזאציע). דער לאזונג פון די „רעפובליקאנער" (דאס הייסט פון די פארטיקולאריסטען, וואס הא־בען געוואלט, אז יעדער שטאט זאל זיין אפגעזונדערט) — איז געווען „סטריקט קאנסטראקשאן", דאס הייסט, אז די קאנסטיטוציע טאר ניט אויסגעברייט ווערען דורך „אויסטייטשונג". די רעפובליקאנער זיי־נען באשטאנען אויף דעם, אז ווען דער קאנגרעס נעמט זיך אזא כח, וואס איז ניט אויסגערעכענט אין דער קאנסטיטוציע, טו מעג יעדער שטאט ערקלערען אזא אקט פון קאנגרעס פאר אומגילטיג. דאס רופט זיך אין דער געשיכטע פון דעם אמעריקאנער קאנסטיטוציאנעלען רעכט די „דאקטרין פון נאליפיקיישאן". די דאזיגע דאקטרין איז אויס־געדריקט געווארען אין 1798 אין די רעזאלוציעס, וואס זיינען אנגע־נומען געווארען פון דער „לעדזשיסלעיטשור" פון קענטאקי. די דא־זיגע רעזאלוציעס האט געשריבען טאמאס דזשעפערסאן.

ביי דער נעקסטער וואל פאר א פרעזידענט זיינען די פעדערא־ליסטען דורכגעפאלען און דער גייסטיגער פירער פון די רעפובליקאנער, טאמאס דזשעפערסאן איז געווארען פרעזידענט. און ער איז געווען דער ערסטער, וואס איז עובר געווען זיין אייגענע טעאריע, ווען ער האט אפגעקויפט ביי פראנקרייך לואיזיאנא, — מיט דעם נאמען האבען זיך אין יענע צייטען גערופען אלע פראנצויזישע קאלאניעס אויף דעם אמעריקאנער קאנטינענט. אט דער מסחר האט געעפענט צענדליגע מיליאנען אקער פרוכטבארע לאנד פאר אמעריקאנער קאלאניזאציע. דאס לאנד איז געלעגען לעבען די דרום־שטאטען און האט געעפענט א נייעם פעלד פאר שקלאפען־ווירטשאפט. אבער אין די צפון־שטא־טען האט ארום יענער צייט אנגעהויבען צו וואקסען די שיפעריי

און די אינדוסטריע; יענע שטאטן האבן פארלאנגט, אז די רעגירונג זאל אונטערשטיצן די היימישע שיפעריי און דעם היימישן האנדעל. די דרום־שטאטן, פארקערט, האבן געלעבט פון אקערבוי און דעריבער האבן זיי געוואלט פריי־האנדעל. מיט דעם ארייננעמען פון לואיזיאנא אין די פאראייניגטע שטאטן האט מען גערעכנט זיך ריכטן, אז דער פאליטישער צענטער וועט אריבערגעטראגן ווערן אין דרום און מערב; די צפון־שטאטן האבן מורא געהאט, אז מיט דער צייט, ווען דער נייער געביט וועט קאלאניזירט ווערן, וועלן זיך אויסבילדן נייע פארמערשע שטאטן, וואס מיט זייערע שטימען אין סענאט פון די פאראייניגטע שטאטן וועלן זיי אינגאנצן פארדרענגען די אינדוסטריעלע און האנדעלס־אינטערעסן פון די צפון־שטאטן. דעריבער איז די פעדעראליסטישע פארטיי, וואס האט געהערשט אין די צפון־שטאטן, ארויסגעטראטן מיט א שטארקן פראטעסט קעגן דעם אפקויפן פון לואיזיאנא, — איר טענה איז געווען, אז דערצו דארף מען ניט אנדערש ווי די צושטימונג פון יעדן שטאט באזונדער. די קאנגרעסלייט פון ניו־העמפשייר און קאנעקטיקוט האבן געסטראשעט אין קאנגרעס, אז זייערע שטאטן וועלן זיך אפרייסן פון די פאראייניגטע שטאטן. דזשעפערסאן איז טעארעטיש געווען א קאנסעקווענטער פארטיקולאריסט, און ער האט צוגעגעבן, אז די קאנסטיטוציע האט ניט געגעבן דער פעדעראלער רעגירונג דעם כח צו קויפן א נייע טעריטאריע. אבער ער האט פארענטפערט די רעגירונג דערמיט, וואס זי האט אוזורפירט דעם דאזיגן כח לטובת הכלל, האפנדיג, אז דאס פאלק וועט דעם אקט גוטהייסן פארטייערהייט. דזשעפערסאן האט געפונען אן איינשטימיגע אונטערשטיצונג ביי די רעפובליקאנער, וועלכע זיינען געווען זעהר שטארק אין די צפון־שטאטן. די פאליטישע פארטייען האבן זיך אין דעם עסק איבערגעביטן מיט די ראלעס: די פעדעראליסטן זיינען פלוצלונג געווארן שטאל און אייזן פאר דער אויטאנאמיע פון די שטאטן און דאס רעכט פון יעדן שטאט ארויסצוטרעטן פון דער פעדעראציע; די רעפובליקאנער, פארקערט, האבן צוליעב אפארטוניסטישע טעמים פארענטפערט דעם פרעזידענט און דעם קאנגרעס פאר איבערשטייגן זייער מאכט. די דאזיגע געשיכטע ווייזט זעהר בולט, ווי די פאליטישע פרינציפן בויגן זיך פאר עקאנאמישע אינטערעסן.

די נייע טעריטאריע האט זיך געצויגן פון דעם היינטיגן שטאט

לואיזיאנא אין דרום ביז דעם גרעניץ פון קענעדע אין צפון, און פון דעם טייך מיסיסיפּי אין מזרח ביז די היינטיגע שטאַטן אָקלאַהאָמאַ, קאָלאָראַדאָ, ווייאָמינג און מאָנטאַנאַ אין מערב. אין דער צייט פון הונדערט יאָר האָט מען פון דער טעריטאָריע אויסגעשניטן דרייצן שטאַטן. צו אַנטוויקלען די טעריטאָריע האָט מען נויטיג געהאַט וועגן. פאַרלאָזן זיך אָבער אויף ערגעץ אַ שטאַט, וואו עס האָט זיך למשל געבעטן אַ קאַנאַל צו פאַראייניגן גרויסע וואַסער־סיסטעמען, אַז דער שטאַט וועט שוין דאָס אַליין באַזאָרגן, איז ניט געווען קיין פּלאַן, וואָרים אַזאַ קאַנאַל איז וויכטיג געווען פאַר די אינטערעסן פון אַ סך אַנדערע שטאַטן אויך. איין איינציגער שטאַט קאָן גאָר זיין אָרים דערצו. דער קאָנגרעס האָט דעריבער געמוזט נעהמען אויף זיך צו בויען וועגן. די מערב־שטאַטן זיינען אימער געווען געניינגט אויסצוגעבין וואָס מעהר געלט אויף צו פאַרבעסערן די וועגן. די פּאַרטיקולאַריסטען זיינען אין פּרינציפּ געווען געגען דעם, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אָפּגעבען מיט אינערליכע פאַרבעסערונגען אין די שטאַטן; ווערליג ווי זיי האָבען אויסגעטייטשט די קאָנסטיטוציע, האָט דער קאָנגרעס גאָר קיין רעכט דערצו ניט געהאַט. אין דער פּראַקטיקע אָבער איז יעדערער פון זיי געווען זעהר גערען, דער קאָנגרעס זאָל אויסגעבען געלט אויף צו בויען וועגען אין זיין אייגענעם שטאַט.

דער אַלטער שטרייט איבער די רעכטען פון יעדען שטאַט און די רעכטען פון דעם בונד האָט זיך ווידער צוברענט מכח דער פראַגע וועגען שקלאַפעריי. אין די צפון־שטאַטען איז די שקלאַפעריי אָפּגעשאַפט געוואָרען נאָך אין דעם אַכצענטען יאָרהונדערט. אין די דרום־שטאַטען, פאַרקערט, זינט עס איז ערפונדען געוואָרען די מאַשין אויף אָפּצוטייקען די זאָמען פון קאַטאָן, האָט די שקלאַפען־אַרבייט געקראָגען אַ גרויסען ווערט. די פּלאַנטאַטאָרס האָבען נויטיג געהאַט פרישע לענדער אויף אויסצוברייטען זייערע פּלאַנטאַציעס. צו דער־זעלבער צייט אָבער האָבען די טעריטאָריעס אין מערב (די וועסט) צונעצויגען צו זיך אַ סך קאָלאָניסטען פון די צפון־שטאַטען. די פאַרברייטונג פון דאַמף־שיפען (פּאַראָכאָדען, סטימערס), האָט גע־בראַכט מיט זיך אַ מאַסען־איינוואַנדערונג פון אייראָפּאַ און האָט פאַרשטאַרקט דעם פאַרלאַנג אויף פרייע לאַנד. אויף דעם געביט זיי־נען געקומען אין צוזאַמענשטויס די אינטערעסען פון די שקלאַפענ־

האלטער און פון דער פרייער פויערשער ארבייט. עס האט זיך גע־האנדעלט וועגן דעם, צי די פלאנטאטארס זאלן מעגן האבן שקלא־פען אין די טעריטאריעס. דער שטרייט איז אויף א צייט געשליכטעט געווארן אין 1820 מיט דעם „מיזורער קאמפראמיס": די טעריטא־ריעס זיינען צוטיילט געווארן אויף צוויי העלפטען. אין דער צפון־העלפט איז די שקלאפעריי געווען פארבאטען, אין דער דרום־העלפט האט מען געמעגט האבן שקלאפען. דער רעזולטאט דערפון איז גע־ווען א שטארקע איינוואנדערונג אין די צפון און צפון־מעריב שטאטען; די באפעלקערונג פון די פרייע שטאטען און טעריטאריעס איז געוואק־סען זעהר געשווינט.

פארקערט, אין דרום (סאוטה), צוליעב דער שקלאפעריי, האט א פרייער אימיגראנט קיין אויסזיכט ניט געהאט צו געפינען ארבייט אין דער פארמעריי; צווישען די שקלאפען זיינען געווען גענוג בעלי־מלאכות פאר דעם היימישען באדארף, און קיין אינדוסטריע איז דארט־טען ניט געווען. דאריבער איז די באפעלקערונג פון די דרום־שטא־טען געוואקסען זעהר לאנגזאם. ארום 1830 האט זיך אנגעהויבען די אגיטאציע פון די „אבאלישאניסטען" פאר דער אפשאפונג פון שקלאפעריי*). הגם די אגיטאציע זייערע איז קיינמאל ניט אריינגע־דרונגען טיעף אין די פאלקס־מאסען און האט זיך באשרענקט אויף א קליינעם הויפען פון אינטעליגענטען, פונדעסטוועגען האבען די שקלא־פענהאלטער אין איר איינגעזעהן א סכנה פאר דער צוקונפט פון דער שקלאפעריי. די ציטאדעל פון דער שקלאפעריי איז געווען דער סע־נאט, וואו די פרייע שטאטען און די שקלאפען שטאטען האבען גע־האט א גלייכע צאל שטימען. אבער מען האט זיך געקאנט ריכטען, אז די קאלאניזאציע פון די צפון־טעריטאריעס וועט פריער אדער שפעטער ברענגען דערצו, אז מען וועט זיי מוזען מאכען פאר שטאטען, וואס דאס וועט שטעלען אין סכנה דעם גלייכגעוויכט פון די פרייע־און שקלאפען־שטאטען אין סענאט. צו פארזיכערען די עקזיסטענץ פון דער שקלאפעריי, האט מען געדארפט אויסמעקען די גרעניץ, וואס איז דורכגעפירט געווארן דורך דער מיזורער קאמפראמיס. צו דעם צוועק האבען די פלאנטאטארס גענומען קאלאניזירען די פרייע טע־ריטאריעס און האבען געבראכט מיט זיך זייערע שקלאפען. זיי האבען

---

*) „אבאלישאן" מיינט אפשאפונג.

זיך געשטיצט אויף דער פּאַרטיקולאַריסטישער טעאָריע, אַז די קאָנ־סטיטוציע גיט דעם קאָנגרעס ניט די מאַכט צו פאַרווערן די שקלאַ־פעריי אין די טעריטאָריעס. און דער „סופרים קאָורט" האָט אין 1857 אָנערקענט די דאָזיגע טעאָריע פאַר ריכטיג.

אָפּגעזעהן פון געוויסע אָפּגעזונדערטע קליינע סאָציאַלע גרופּעס, האָט די נאָרטה (צפון), אינגאַנצען גענומען, ניט געהאַט קיין עקאָנאָ־מישען אינטערעס אין דער אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. די עפענטליכע מיינונג פון דער נאָרטה האָט באַטראַכט די „אַבאָלישאַניסטען" אַזוי, ווי די עפענטליכע מיינונג באַטראַכט היינט די אַנאַרכיסטען. אָבער פאַר די פּלאַנטאַטאָרס פון דער סאָוטה (דרום) איז דאָס ניט געווען גע־נוג. זיי האָבען געוואָלט אַרויפלעגען זייער לאַפּע אויף דער פּרעס־פרייהייט דורך אַ פאַרבאָט פאַנאַנדערצושיקען „אַבאָלישאַניסטישע" ליטעראַטור דורך פּאָסט.

אין 1835 האָט די פּאָסט פאַרהאַלטען אַ גאַנצען פּאַק „אַבאָלי־שאַניסטישע" ליטעראַטור. דער פּאָסטמאַסטער־דזשענעראַל האָט אין זיין יערליכען באַריכט צום פּרעזיעדנט פאַר יענעם יאָר געמעלדעט

אַז די דאָזיגע ליטעראַטור האָט דעם צוועק אויפצוהעצען די פאַר־בינע באַפעלקערונג און אַרויסרופען אונרוהען, מאָרד און בירגערקריג".

אויף דעם גרונט פון דעם באַריכט, האָט פּרעזידענט דזשעקסאָן, וועלכער רעכענט זיך פאַר איינעם פון די אבות פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, פאָרגעשלאָגען אין זיינעם אַ „מעסעדזש" (מגילה) צום קאָנגרעס די איינפירונג פון אַ געזעץ וואָס זאָל באַשטראָפען פאַר „אויפרירערישע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס העצען אויף די שקלאַפען און האָבען צום צוועק אַרויפצורופען זיי צו אַן אויפשטאַנד".

„בלי־ספק — האָט ער געשריבען — וועלען זיך ניט געפינען צווישען אונזערע מיטבירגער קיין אַנשטענדיגע לייט, וואָס זיי זאָלען ניט ענטריסטעט ווערען פון אַן אויפפירונג, וואָס איז אין אַזאַ בולט'ען ווידערשפּרוך צו די גרונט־פּרינציפּען פון אונזער נאַציאָנאַלען אָפּמאַך און צו די פאָדערונגען פון מענשליכקייט און רעליגיע".

אין דעם גייסט איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ ביל און איז אַריינ־געבראַכט געוואָרען אין קאָנגרעס. אָבער ניט אַכטענדיג אויף די אַלגע־מיינע שנאה פון פאָלק געגען די אַבאָלישאַניסטען, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַרום דער זעלבער צייט אין דעם פּאָגראָם אויף די

אבאָלישאַניסטישע רעדאַקציע און דער ערמאָרדונג פון דעם רעדאַק־טאָר, דעם גלח לאַוודזשאַי אין ספּרינגפילד, אין דעם סטעיט אילי־נאָי, איז דער פאַרגעשלאָגענער געזעץ געגען דער פּרעסע דורכגעפאַ־לען אין קאָנגרעס.

ס'איז אָבער געלונגען די שקלאַפן־האַלטער פון די סויטה, מיט דער צושטימונג פון די קאָנגרעסלייט פון די נאָרטה, דורכצופירען אין קאָנגרעס אַ רעזאָלוציע נים אָנצונעהמען קיין „פּעטישאָנס" פאַר די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי — אַזעלכע „פּעטישאַנס" פלעגען אָנקו־מען מאַסענווייז פון די אבאָלישאַניסטען און די קוועיקערס. דאָס איז געווען אַן אָנגריף אויף דעם פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס גאַ־ראַנטירט די בירגער „דאָס רעכט פון פּעטיציעס", ד. ה. דאָס רעכט צו דערלאַנגען בקשות וועגען ענדערונגען אין די געזעצען.

נאָך אַ גרעסערע אויפרעגונג האָט אַרויסגערופען אין די נאָרטה די פאָדערונג פון די שקלאַפען־האַלטער, אַז די רעגירונגען פון די צפון־סטעיטס זאָלען כאַפּען אַנטלאָפענע שקלאַפען און אויסליפערען זיי צו זייערע הארען. כל־זמן עס האָט געהערשט די מיינונג, אַז די שקלאַ־פעריי איז אַ לאָקאַלע אינסטיטוציע פון די דרום־סטעיטס, וואָס האָט קיין שייכות נים מיט דער נאָרטה, האָט זיך די עפענטליכע מיינונג פון דער נאָרטה געהאַלטען גאַנץ קאַלט צו דער פראַגע. אָבער ווען מען האָט אָנגעהויבען צו כאַפּען פאַרביגע מענשען אין די גאַסען פון באָסטאָן, און אַ ריכטער פון „פּאָליס־קאָורט" האָט געקאָנט באַשטימען, אָהן אַ „דזשורי", אויסצוליפערען די געכאַפּטע צו די שקלאַפענהאַלטער פון דער סאוטה, האָט די פראַגע וועגען שקלאַפעריי אויפגעהערט צו זיין אַ לאָקאַלע און איז געוואָרען אַן אַלגעמיינע שטאַטס־פראַגע. די פע־דעראַלע קאָנסטיטוציע האָט גאַראַנטירט די שקלאַפענהאַלטער דעם כאַפּען און אויסליפערען פון אַנטלאָפענע שקלאַפען. נים קוקענדיג אויף דערויף, האָט די „לעדזשיסליישטור" פון מאַסאַטשוזעטס, אונטער דעם דרוק פון דעם עפענטליכען פּראָטעסט, אַרויסגעגעבען אַ געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטען די באַאַמטע פון דעם שטאַט צו העלפען כאַפּען אַנטלאָפענע שקלאַפען. די שקלאַפענהאַלטער האָבען, פאַרשטעהט זיך, פּראָטעסטירט, אַז דאָס איז געגען דער קאָנסטיטוציע פון די פאַראיי־ניגטע שטאַטען; ווען מען האַלט זיך אַן די ווערטער פון דער קאָנ־סטיטוציע, איז אַ פראַגע, צי זיי זיינען געווען גערעכט פון אַ געזעצ־ליכען שטאַנדפּונקט, וואָרים אויף אויסצופירען פעדעראַלע געזעצען

האט די פעדעראלע עקזעקוטיווע אירע אייגענע באאמטע. אבער אז דער געזעץ פון מאסאטשוזעטס איז עובר געווען דעם גייסט פון דער פעדעראלער קאנסטיטוציע, וועגען דעם קאן גאר קיין ספק ניט זיין. די „אבאלישאניסטען" האבען גערופען די פעדעראלע קאנסטיטוציע „א בונד מיט'ן גיהנום"; זיי האבען געפאדערט, אז דער בונד מיט די שקלאפען־שטאטען זאל אויפגעלייזט ווערען. אבער זיי האבען ניט אויסגעדריקט די מיינונג פון לאנד. דער ענטשידענער זיג פון דער „דעמאקראטישער פארטיי", דאס הייסט פון דער פארטיי פון די שקלאפענהאלטער, ביי דער וואל פאר פרעזידענט אין 1852 האט נעוויזען, אז די עפענטליכע מיינונג אין דער נארטה האט אויפגעהערט צו פראטעסטירען געגען דער אויסליפערונג פון די געכאפטע שקלאפען. פראפעסאר ביורדזשעס מיינט גאנץ ריכטיג, אז „ווען די שקלאפענהאלטער וואלטען זיך קלוג באנוצט מיט דער גינסטיגער ווענדונג, וואלט זיי בלי ספק געלונגען איינצוהאלטען די שקלאפעריי, וואו זי האט עקזיסטירט, אויף אן אומבאשטימט לאנגער צייט". אבער זיי זיינען געווען אזוי בלינד, ווי די הערשענדע קלאסען האבען זיך געוועהנליך ארויסגעוויזען, איז פאר זיי, אי נאך זיי. די וואל פון לינקאלן פאר פרעזידענט אין 1860 איז געווען דער סיגנאל פאר די דרום־שטאטען ארויסצוטרעטען פון דעם בונד.

לויט דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען האבען די דרום־שטאטען בלי ספק געהאט דאס רעכט ארויסצוטרעטען פון דעם בונד. אז יעדער שטאט האט געהאט דאס רעכט אויף סעצעסיאן*), דאס האבען אנערקענט אפילו די פעדעראליסטען**), וועלכע האבען געשאפען די פעדעראלע קאנסטיטוציע. דאס רעכט איז אנערקענט געווען פון אלע יוריסטישע אויטאריטעטען. אין 1803 איז ערשינען אן אמעריקאנער אויסגאבע פון בלעקסטאנ'ס פירוש אויף די געזעצען פון ענגלאנד, — דער בוך ווערט נאך ביז היינט צו טאג באנוצט אין די אמעריקאנער „לאא־סקולס" (יוריסטישע פאקולטעטען) אלס לערבוך פאר סטודענטען. אין דער דאזיגער אויסגאבע האט דער אמעריקאנער רעדאקטאר געמאכט די פאלגענדע אנמערקונג:

*) אין דער איצטיגער רוסישער רעוואלוציע ווערט דערזעלביגער פרינציפ באצייכענט אלס „דאס רעכט אויף זעלבסטבאשטימונג".

**) ווי מיר האבען געזעהן האבען די קאנגרעסלייטע פון ניו־העמפשייר און קאנעקטיקוט געסטראשעט, אז זייערע סטייטס וועלען ארויסטרעטען פון דעם בונד, אויב דער קאנגרעס וועט איינוויליגען צו קויפען לואיזיאנא.

„די פעדעראַלע רעגירונג איז דער אָרגאַן, דורך וועלכען די פאַר־אייניגטע רעפּובּליקען פאַרהאַנדלען מיט אויסלענדישע מדינות און צווישען זיך. זייער פאָלגען אים איז פרייוויליג. — זיין סואווערעני־טעט שטאַמט פון זייער סואווערעניטעט. — יעדער שטאַט בלייבט נאָך אַלץ אַ פאַלשטענדיגע מדינה, ער איז נאָך אַלץ סואַווערע, ער איז נאָך אַלץ אומאָפּהענגיג, ער האָט נאָך דעם כח, אויב נויטיג, ווידער צו נעמען אויף זיך צו באַזאָרגען אַלע זיינע געשעפטען אָהן קיין שום באַשרענקונג".

אויף ד ע ם פּרינציפּ האָבען זיך געשטיצט די דרום־שטאַטען, ווען זיי האָבען זיך אָפּגעטיילט פון די פאַראייניגטע שטאַטען און האָ־בען געגרינדעט זייער אייגענע „קאָנפעדעראַציע". ווי מיר האָבען שוין געזעהן, האָבען זייערע ביטערסטע געגנער, די „אַבּאָלישאַניסט", אויך אַנערקענט „דאָס רעכט אויף סעצעסיאָן". האָראַס גרילי, דער רעדאַקטאָר פון דער „ניו יאָרק טריבון", איינער פון די גרינדער פון דער רעפּובּליקאַנער פּאַרטיי, אַן אַנערקענטער פאָרטשריטליכער פירער פון יענער צייט און אַ קעמפער געגען שקלאַפעריי, איז ביי דעם אָנ־הויב פון דעם בירגער־קריג אַרויסגעטראָטען דערפאַר, אַז מען זאָל לאָזען די שטאַטען פון דער סאָוטה צו „סעסירען", אויב אַ מאַיאָריטעט פון זייערע וואָוטערס וועלען אַזוי באַשליסען ביי אַ ספּעציעלער וואַל. ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָפט „קיינמאָל ניט צו לעבען אין אַ רעפּובּליק, וואָס איין טייל אירער איז צוגעשטאָכען צו דעם אַנדערען מיט אַ באַיאָנעט"*).

דערמיט ערקלערט זיך, פאַרוואָס די גאַנצע באַפעלקערונג פון די דרום־שטאַטען האָט באַטראַכט דעם באַשלוס פון לינקאָלן און פון דעם קאָנגרעס, צו פאַרהינדערען דורך מיליטערישער געוואַלט די אָפּטיי־לונג פון די דרום־שטאַטען, פאַר אַן איינפאַכען געוואַלט־אַקט, פאַר אַן אוזורפּאַציע.

עס שטעלט זיך די פראַגע, פאַרוואָס זיינען די שטאַאַטסלייט פון די נאָרטה באַשטאַנען אויף דער אויפהאַלטונג פון דער אייניגקייט פון דעם בונד. אויף דערויף זיינען געווען עקאָנאָמישע אורזאַכען. די סאָוטה, ניט האָבענדיג קיין אייגענע אינדוסטריע, איז געווען אַ היי־מישער מאַרק פאַר דער אינדוסטריע פון דער נאָרטה. כל זמן די

*) אויף רוסיש — „שטיק".

דרום־שטאטען האבען באלאנגט צו די פאראייניגטע שטאטען, האבען
די אינדוסטריעלע צפון־שטאטען געקאנט מאנאפאליזירען פאר זיך
דעם מארק אין דער סאוטה דורך א פראטעקציאנעם טאריף (ד. ה.
דורך הויכע שטייערען אויף אימפארטירטע ווארען). אויב עס וואלט
אבער געלונגען די דרום־שטאטען אויפצוהאלטען זייער אייגענע
זעלבסטשטענדיגע קאנפעדעראציע, טו וואלט זי זיכער איינגעפירט
ביי זיך פריי־האנדעל און די פאבריקאנטען פון די פאראייניגטע שטא־
טען וואלטען געשטאנען אין איהר מארק אויף א גלייכע פוס מיט אנ־
טען וואלטען געשטאנען אין איר מארק אויף א גלייכען פוס מיט אנ־
דעריבער טאקע האט ענגלאנד געהאלטען פאר די סאוטה און האט
זיך געקליבען אנערקענען די קאנפעדעראציע. עס איז געווען א קריג
פון קאפיטאליסטען פאר א מארק.

אחר המעשה איז פאפולער געווארען די מיינונג, אז דער בירגער־
קריג איז געווען א קריג פאר די באפרייאונג פון די שקלאפען. די
„אבאלישאניסטען", וועלכע האבען זיך אריינגעווארפען אין דעם קריג
אויף דער זייט פון דער נארטה, האבען עס געטאן אוים איבערציי־
גונג, אז דער קריג מוז ברענגען די אפשאפונג פון דער שקלאפעריי.
אין דער אמת'ען אבער איז די באפרייאונג פון די שקלאפען גאר ניט
געווען דער צוועק פון דעם בירגער־קריג. ווען לינקאלן האט באטרא־
טען זיין אמט, שוין נאכדעם ווי די דרום־שטאטען האבען זיך אפגע־
טיילט, האט ער געזאגט:

„איך האב גאר ניט אין זינען, דירעקט אדער אינדירעקט, אנ־
צוגרייפען די שקלאפעריי דארטען וואו זי עקזיסטירט. נאך מיין
מיינונג נאך, גיט מיר דער געזעץ דערצו קיין רעכט ניט, און איך האב
גאר קיין חשק דערצו ניט".

אין זיין „מעסעדזש" צום קאנגרעס, וואס איז דאטירט דעם 4טען
יולי 1861, האט ער נאכאמאל פארזיכערט, אז אפילו נאכדעם ווי דער
אויפשטאנד וועט אונטערדריקט ווערען, וועט ער פאלגען די קאנסטי־
טוציע און ער קאן ניט פאראויסזעהן קיין גרונד „איבערצובייטען זיין
מיינונג וועגען די רעכטען און פליכטען פון דער רעגירונג פון בונד צו
די שטאטען". דער קאנגרעס האט אויך אנגענומען א רעזאלוציע,
אין וועלכער ער האט ערקלערט, אז דער צוועק פון דער מלחמה איז
ניט „אפצושאפען די סאציאלע איינריכטונגען, וואס זיינען געזעצליך
איינגעפירט געווארען אין די רעבעלישע שטאטען"; נאר ווידער גאנץ

צו מאכן דעם בונד. די פראקלאמאציע וועגן דער באפרייאונג פון די שקלאפן איז ארויסגעגעבן געווארן, ווען דער קריג האט זיך שוין געצויגן דעם דריטן יאר, נאך א גאנצע רייהע נידערלאגן פאר דער ארמעע פון דעם בונד; דאס איז געווען ניט מער ווי אן אינצי־דענט פון דעם קריג. דער אייגענטליכער צוועק און דער רעזולטאט פון דעם קריג איז געווען פעסטצושטעלן דעם פרינציפ, אז דער בונד טאר ניט צוטרעננט ווערן. אויף דעם אופן איז אויפ'ן שטעל פון א פעדעראציע פון רעפובליקן געשאפן געווארן **איין פעדע־ראטיווע רעפובליק**, אדער ווי מען דריקט עס אויף דעם לשון פון שטאטסרעכט, — פון א **שטאטען־בונד** איז גע־ווארן א **בונדעס־שטאט**.

## זיבעטער קאפיטעל

# דער קאמף פאר דאס אלגעמיינע שטימרעכט.

ווען די דרייצען אמעריקאנער קאלאניעס האבען זיך אפגעטיילט פון ענגלאנד און האבען זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיגע רעפובליקען, האבען זיי געהאט זעהר ווענייג ענליכקייט צו א דעמאקראטיע, ווי מיר פארשטעהן דעם ווארט היינט. געהאט א צענז, אזוי ווי אין די וואלען פאר דער רוסישער דומא. דער צענז איז געווען באגרינדעט אויף אייגענס און רעליגיע. אויף דעם אופן האבען דריי־פערטעל פון די דערוואקסענע מאנסבילען ניט געהאט קיין שטימרעכט.

דער רעליגיעזער צענז איז אפגעשאפט געווארען ביסלאכווייז דורך דעם פארקער צווישען די שטאטען. ווען א קאטאליק פון באלטימאר האט זיך באזעצט אין באסטאן, האט ער נאך דער קאנסטיטוציע פון מאסאטשוזעטס ניט געטארט שטימען. אבער נאך דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען האט ער געהאט אין מאסאטשוזעטס דיזעלביגע רעכטען, ווי א געבארענער באסטאנער תושב. דער ווידערשפרוך איז ביסלאכווייז באזייטיגט געווארען דורך דער געזעצגעבונג פון די שטאטען. אבער ווי מיר האבען שוין געזעהן (אין דעם צווייטען קאפיטעל), איז אוועק זיבען און זעכציג יאר, נאכדעם ווי די קאלאניעס האבען זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיג, איידער די אידען אין אלע שטאטען האבען געקראגען גלייכע רעכטע מיט די קריסטען.

אפילו היינט זיינען נאך אין אכט שטאטען ניט אפגעשאפט געווארען אלע באשרענקונגען פון פאליטישע רעכטען. אין זעקס שטאטען, נעמליך אין מערילאנד, די צוויי קאראליינאס, מיסיסיפי, טעקסאס און ארקאנסא, ווער עס גלויבט ניט אין גאט, טאר ניט ערוועלט ווערען פאר אן אמט. דאסזעלבע איז פענסילעיניא און טענעסי, ווען

איינער גלויבט ניט אין עולם־הבה און גיהנום. נאר פארשטעהט זיך, בלייבען די דאזיגע באשרענקונגען היינט צו טאג ניט מער ווי אויפ'ן פאפיר. חוץ א קליינע צאל ספעציאליסטען, האט די מאסע אמעריקאנער בירגער קיינמאל ניט געהערט, און אפילו די באאמטע אויך ניט, אז עס זיינען נאך פאראן אזוינע געזעצען.

די אפשאפונג פון דעם אייגענטום־צענז אבער איז ניט אוועק אזוי גלאט. דאס אלגעמיינע שטימרעכט פאר מאנסבילען איז איינגעפירט געווארען נאך א לאנגען קאמף, וואס האט געדויערט מער ווי פופציג יאר. אין דער סאוטה (אין די דרום־שטאטען) איז דאס אלגעמיינע שטימרעכט איינגעפירט געווארען נאר נאך דעם בירגער־קריג, און היינט צו טאג איז עס שוין ווידער פאקטיש אפגעשאפט.

די געשיכטע פון דעם קאמף פאר דאס אלגעמיינע שטימרעכט איז זעהר ווייניג באקאנט. וואס האט געצוואונגען די פריווילעגירטע מינאריטעט אפצוזאגען זיך פון אירע פאליטישע פריווילעגיעס און שענקען פאליטישע רעכטען דער מאיאריטעט, וואס האט קיין שטימרעכט ניט געהאט? אויף דער פראגע געפינט איר ביי די אמעריקאנער היסטאריקער קיין ענטפער ניט. זיי דערצעלען אונז, אז די דעמאקראטישע רעפארמען זיינען געקומען דערפון, וואס עס האבען זיך פארשפרייט צווישען פאלק דעמאקראטישע אידעען. די קשיא איז אבער, דורך וואס פאר א קראפט האבען זיך פארשפרייט דעמאקראטישע אידעען צווישען דעם פאלק?

עס זיינען פאראן ביישפילען אין דער וועלט־געשיכטע, אז די הערשענדע קלאסען האבען זיך כלומרשט פרייוויליג אפגעזאגט פון זייערע פריווילעגיעס, אבער טאקע די אמעריקאנער געשיכטע ווייזט, אז די מענשענפריינדליכע באגייסטערונג דויערט געווענליך ניט לאנג. די טיעף־איינגעווארצעלטע געפילען, וואס שטיצען זיך אויף די מאטעריעלע כחות פון דער געזעלשאפט, געווינען ווידער אן איינפלוס, און אין א קורצער ווייל ארום בלייבט פון דער אידעאליסטישער באגייסטערונג גארנישט. דער בעסטער ביישפיל איז די געשיכטע פון דער נאפרייאונג פון די נעגערס.

אין דער אמעריקאנישער היסטארישער וויסענשאפט הערשט נאך די אידעאליסטישע ריכטונג, וואס האלט, אז די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט קומט פון דער אנטוויקלונג פון דעם מענשליכען געדאנק. דעריבער האט נאך ביז גאר ניט לאנג די פראגע וועגען די עקאנאמישע

קרעפטען, וואס האבען באשטימט דעם גאנג פון דער פאליטישער אנט־וויקלונג פון די פאראייניגטע שטאטען, גאר ניט אינטערעסירט די אמעריקאנער היסטאריקער. א פיאנער אויף דעם פעלד איז פראַ־פעסאר בירד, וועלכער האט געבראכט זיינע אונטערזוכונגען ביז דער צייט פון דער דזשעפערסאנישער דעמאקראטיע, ווען די „רעפובלי־קאַנער" פארטיי פון יענער צייט האט באזיגט די „פעדעראליסטען", וועלכע האבען געשאפען די אמעריקאנער קאנסטיטוציע*). דאס איז געווען דער אנהויב פון דעם קאמף פאר דאס אלגעמיינע שטימרעכט פאר מאנסבילען.

ענדע אכצענטען יארהונדערט איז דאס לאנד־אייגענטום געווען דער פונדאמענט פון דער פאליטישער מאכט אין אמעריקא. דער „טאון־מיטינג" אין די דערפער פון ניו־אינגלאנד איז באשטאנען פון די „זקנים". א פארמער'ס א זוהן, כל זמן ער האט נאך געלעבט ביים טאטע'ן, אפילו א פארהייראטער זוהן, וואס איז געזעסען ביים טאטע'ן אויף קעסט און האט געהאלפען אויף דער פארם, איז ניט גערעכענט געווען פאר א בעל־הבית און האט דעריבער ניט געהאט קיין שטימ־רעכט. קיין גענויע סטאטיסטיקע פאר יענער צייט איז ניטא. אבער ווען מען זאל רעכענען, אז יעדער פארמער האט געהאט דורכשניטליך נאר איין דערוואקסענעם זוהן ביי זיך אין שטוב, טא קומט שוין אויס, אז א העלפט פון אלע פאמיליעס, און מסתמא נאך מער, האבען גע־האט דאס רעכט אויסצוקלייבען פארטרעטער אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען. צווישען די טאטעס, וואס האבען געהאט דאס שטימרעכט, און די זיהן, וואס האבען אליין קיין שטימרעכט ניט גע־האט, איז נאטירליך קיין קלאסען־געגענערשאפט ניט געווען. לאנד האט יעדער געקאנט אומעטום קריגען פריי, וויפיעל ער האט געדארפט; דעריבער זיינען די פארמערס, וואס האבען געהאט א סך לאנד און

*) אין 1905, מיט עטליכע יאָר פריהער ווי עס זיינען ערשינען פראָפ. בירד'ס אונטערזוכונגען, האָב איך פרובירט אין א רוסישער שריפט אויסטייט־שען די עקאָנאָמישע אורזאכען, וואָס האָבען איבערגעמאכט דעם פּאָליטישען סדר פון די פאראייניגטע שטאַטען אויף א מער דעמאָקראַטישען פּלאַן, אויף דעם גרונד פון די צעוואָרפענע ברעקלאך מאַטעריאַלען, וואָס עס געפינען זיך צעשפּרייט אין די היסטאָרישע שריפטען פון די אַמעריקאנער געלערנטע ספּעציאַליסטען. דער זשורנאַל פון די נאַראָדניקעס „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ" האָט אין דער ביכער־איבערזיכט וועגען דעם געשריבען, אז אויב די גרויסע אַמעריקאַנער היסטאָריקער האָבען ניט אונטערזוכט די עקאָנאָמישע אורזאַכען פון דער אַמעריקאַנער פּאָליטישער אַנטוויקלונג, טאָ דאַרף מען ניט!

יענע, וואס האבען געהאט גאר קנאפ לאנד, נים געווען קיין צוויי פיינדליכע קלאסען; די דארפישע וואוטערס האבען אלזא קיין אינטע־רעס ניט געהאט איינצושטעלען זיך פאר דער פאליטישער רעכטלא־זיגקייט פון זייערע ארימערע שכנים.

פון דער אנדער זייט, אין די לאנגע יאהרען וואס עס האט זיך געצויגען דער קריג פאר אומאפהענגיגקייט, זיינען אלע געשעפטען גע־גאנגען שלעכט, און די פארמערס זיינען פארקראכען אין חובות. אין דער פאליטישער ליטעראטור פון יענער צייט ווערט שטענדיג גערעדט וועגען „דעם קלאס בעלי־חובות" און „דעם קלאס קרעדיטארען", די מלוים. די פארמערס האבען אין יענע צייטען געלעבט זעהר ארעם. די לאנדווירשאפט האט זיך געפירט נאך גאר אויף א פארצייטיגען אופן. די ערד האט מען געאקערט מיט א הילצערנער סאכע, ווי די רוסישע מוזשיקעס, די תבואה האט מען געדראשען מיט שטעקענס. ביים פארמער אין שטוב איז קיין קוימען ניט געווען, דער רויך פלעגט פארשווארצען די שטוב, אקוראט ווי ביי די ארימסטע רוסישע פויע־רים. דער פארמער פלעגט זיך קליידען אין אייגענעם לייווענט, וואס די ווייב פלעגט וועבען אין דער היים. ער פלעגט עסען שווארץ ברויט; טהעע און צוקער זיינען געווען א לוקסוס. כמעט אלצדינג, וואס עס איז פראדוצירט געווארען אויף דער פארם, פלעגט פארצערט ווערען אויף דער פארם. מזומנים פלעגט א פארמער אויסגעבען אז ערך צען דאלאר א יאר אויף אזוינע זאכען, ווי זאלץ, נעגעל און דערגלייכען. היינט שטעלט זיך פאר, אז אין יענע צייטען, ווען איינער האט זעל־טען אנגעזעהן א מטבע אין די אויגען, איז יעדער בעל־הבית אין שטאט מאסאטשוזעטס שולדיג געווען דורכשניטליך אז ערך צוויי הונדערט דאלער.

אין יענע צייטען, אז דער קרעדיטאר האט געהאט א „דזשאדזש־מענט" (אן איספאלניטעלני ליסט) אויף א בעל־חוב, האט ער גענומען פארקויפען אלצדינג, וואס דער בעל־חוב האט געהאט. עס איז געווען א געוועהנליכע זאך, אז מען פלעגט ביי א בעל־חוב אוועקנעמען זיין פארם און זי פארקויפען, צו באצאלען דעם „דזשאדזשמענט". אויב עס האט נאך אלץ געפעלט צו דער גאנצער סומע, האט מען אים גע־קאנט אריינזעצען. פארשטעהט זיך, אז די דארפישע בעלי־חובות זיינען געווען דם־שונאים צו די מלוים. געוועהנליך זיינען די מלוים געווען שטאדטישע סוחרים. דער קלאסען־קאמף צווישען דעם פאר־

שולדיגטען לאנד־אייגנטום און דעם געלד־קאפיטאל האט אנגענומען א פאליטישען כאראקטער. די רעפרעזענטאנטען פון די בעלי־חובות אין די לעדזשיסלייטשורס האבען געזוכט דורכצופירען געזעצען, צו באשיצען דעם בעל־חוב געגען רואין, אבער די מאיאריטעט אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען האט פארטראטען די אינטערעסען פון די קרעדיטארען. די פיינדליכע שטימונג פון די בעלי־חובות געגען די קרעדיטארען איז געווען אזוי שארף, אז עס פלעגט אפטמאל קומען צו אן אפענעם בונט. די פויערים פלעגען זיך צונויפקלייבען אין גרויסע המונ׳ם אין די שטעדטלאך און פלעגען אנפאלען אויף די קאורטס און אויף די אדוואקאטען. פלעגט די פאליציי ארעסטירען וועמען, פלעגט דער המון זיי באפרייען פון טורמע מיט געוואלט.

אין 1786 האט איינער שעיזי, א וועטעראן פון דער רעוואלוציאנערער ארמעע, צונויפגעקליבען אין מאסאטשוזעטס א גאנצע מחנה און האט פארכאפט מיט זייער הילף דעם גרעסטען טייל פון דעם שטאט. דער אויפשטאנד האט געדויערט דעם גאנצען ווינטער. אויף איינצושטילען דעם אויפשטאנד האט די רעגירונג געמוזט מאביליזירען די גאנצע מיליץ פון שטאט.

די דאזיגע באוועגונג האט פארשפרייט דעמאקראטישע אידעען צווישען די פארשולדיגטע לאנד־אייגענטימער. צו פירען דעם קאמף געגען די מלוים מיט ערפאלג, איז נויטיג געווען אויסצוברייטען דאס וואלרעכט אויף די ארימעלייט, וואס האבען גאר קיין אייגענטום ניט געהאט. דער קלאס פון קרעדיטארען האט געשטיצט די פארטיי פון די פעדעראליסטען, דעריבער איז צווישען די בעלי־חובות שנעל געוואקסען די פאפולאריטעט פון דער פארטיי פון דער אפאזיציע — די רעפובליקאנער.

די פארמעריי האט ניט געטראגען פאר אלעמען גענוג; דעריבער האבען א סך פארמערס אדער פארמערשע קינדער אוועקגעלאזען זיך פון די דערפער אין די שטעט, וואו עס האט זיך אנגעהויבען צו אנטוויקלען די אינדוסטריע. אויף דעם אופן איז אויסגעוואקסען אן עקאנאמישע און גייסטיגע פארבינדונג צווישען די פארמערס און די שטאדטישע ארבייטער און בעלי־מלאכות.

„דער רעפובליקאנער וואוט אין די שטעדט איז געווען זעהר גרויס אין 1800" (בעת דזשעפערסאן איז ערוועהלט געווארען פאר פרעזידענט), — זאגט פראפעסאר בירד. — „אורטיילענדיג לויט די

באוויזענע פאקטען פון דער וואל אין דער שטאדט ניו יארק, מעג מען אננעמען, אז דזשעפערסאנ'ען האבען אונטערשטיצט די קליינע לייט. ...דער ארבייטער־קלאס איז דעמאלט געווען קליין. ...דזשעפערסאן האט אפעלירט צו די „מאסען" געגען דער אריסטאקראטיע פון רייכ־טום, און ער האט בלי ספק געוואונען הונדערטער בעלי־מלאכות פון באסטאן, ניו יארק, פילאדעלפיע און באלטימאר".

„די רעפובליקאנער, ערקלערענדיג קריג געגען די רייכע און פרי־ווילעגירטע, האבען אויף דעם אופן צוגעצויגען צו זיך די אונטערשטי־צונג ניט נאר פון די פארמערס, נאר אויך פון א גרויסען טייל פון די קליינע האנדעלסלייט און בעלי־מלאכות פון די שטעדט, וועלכע האבען ניט שטארק ליעב געהאט די רייכע און די יחסנים"*).

אין דער אמת'ן האבען די פאליטישענס פון דזשעפערסאנ'ס פארטיי גאר ניט געהאט אין זינען אויסצובררייטען דאס שטימרעכט, זאגט פראפעסאר בירד, אבער זייערע פאליטישע אינטערעסען האבען זיי געצוואונגען דערצו. דער קאמף צווישען דער פעדעראליסטישער פארטיי און דער רעפובליקאנער פארטיי איז געווען „די אלטע מלחמה פון די פינאנציעלע און האנדעלס־אינטערעסען געגען די אגראריער (די לאנד־אייגענטימער) און די וואס האבען גאר קיין אייגענטום ניט" (ז. 366). ביסלאכווייז האבען דאס שטימרעכט געקראגען די פול־יאריגע זיהן פון די פארמערס, וואס האבען ניט געהאט דאס שטימ־רעכט; דערנאך האבען דאס שטימרעכט געקראגען אלע, וואס האבען געצאלט דירעקטע טעקסעס. צולעצט איז דאס שטימרעכט אויסגע־ברייט געווארען אויף די מאסע פון איינוואוינער פון די שטעדט.

דורך דער שטארקונג פון דעם דעמאקראטישען פרינציפ אין דער געזעצגעבונג, איז אבגעשאפט געווארען דער ארייינזעצען פאר חובות און עס זיינען איינגעפירט געווארען אלערליי אויסנאמען פון פאר־שידענע זאכען — בהמות, געצייג און דערגלייכען, וואס טארען ניט פארקויפט ווערען פאר חובות. אויף דעם אופן איז די לאגע פון דעם בעל־חוב געווארען א כך לייכטער.

דאס זיינען געווען די עקאנאמישע קרעפטען, וואס האבען איינ־געפירט דאס אלגעמיינע שטימרעכט אין די אלטע „פרייע" שטאטען

*) Charles A. Beard: Economic Origins of Jeffersonian Democracy (1915), p.p. 400-401, 466.

(ס'הייסט, וואו עס איז ניט געווען קיין שקלאפעריי). אין עטליכע צפון־שטאטען איז נאך געבליבען א סליאד פון דעם אייגענטומס־צענז, נעמליך, נאר יענער מעג וואוטען, וועך עס האט איינגעצאלט די „קאפ־שטייער" („פאל טעקס"). אבער די קאפ־שטייער איז ניט מער ווי א דאלער צוויי א יאר. געווענליך, פאר ארימע וואוטערס, אדער פאר אזוינע וואס זיינען ניט גענוג פאראינטערעסירט אין די וואלען זיי זאלען אויסגעבען אויף זיי א דאלער, ווערט די קאפ־שטייער איינגע־צאלט פון די פאליטישע פארטייען, וואס ווילען ארייןקריגען זייערע וואוטס. אויף דעם אופן איז די באשרענקונג פון דאס שטימרעכט אין דער פראקטיקע אפגעשאפט געווארען.

די אמת'ע פיאנערען פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע זיינען געווען די מערב שטאטען, וועלכע האבען זיך געבילדעט פון דער טערי־טאריע, וואס די ערסטע דרייצען שטאטען האבען אפגעטראטען צום קאנגרעס באלד נאך דעם קריג פאר אומאפהענגיגקייט, ווייטער פון די לענדער וואס די פאראייניגטע שטאטען האבען געקויפט פון פראנק־רייך אין 1803, און פון די לענדער, וואס די פאראייניגטע שטאטען האבען געוואונען פון מעקסיקא דורך דעם קריג פון 1847. אין יענע נייע טעריטאריעס איז פון אנהויב ניט געווען קיין גרויסער אונטער־שייד אין אייגענס. די לאנד האט כמעט גאר קיין ווערט ניט געהאט און יעדערער האט געקענט קריגען אזוי פיל לאנד וויפיל ער האט גע־קענט באארבייטען מיט זיין פאמיליע. די ארבייט איז געווען די איינציגע קוואל פון וואוילטאג. די באפעלקערונג איז געווען קליין און צעשפרייט איבער די פארמס. קיין דערפער אדער שטעט זיינען ניט געווען. דער צענטער וואס האט צוזאמענגעבונדען די באפעלקערונג, איז געווען די „סקול" (שולע). דער „סקול דיסטריקט" איז געווען דער פונדאמענט פון דער זעלבסט־פאר־וואלטונג אין די מערסטע מערב־שטאטען, און ער איז עס נאך געבליבען אין די פארמערשע געגענדען ביז היינט־צו־טאג. אין דער אויפהאלטונג פון דער סקול זיינען געווען גלייך פאראינטערעסירט אלע איינוואוינער פון דעם דיסטריקט, און אלע האבען געגעבען צו־שטייער אויף איר; דעריבער איז דאס אלגעמיינע שטימרעכט נאטיר־ליך אויסגעוואקסען פון דעם אופן, אויף וועלכען יענע טעריטאריעס זיינען קאלאניזירט געווארען. די ערסטע טעריטאריע, וואס איז ארייננגענומען געווארען פאר א שטאט, קענטאקי (אין 1792), האט אין

איר קאנסטיטוציע געגעבן דאס שטימרעכט אלע ווייסע בירגער (מאנז־בילען). אלע אנדערע קאנסטיטוציעס פון די נייע מערב־שטאטען האבן געמאכט דאס אלגעמיינע שטימרעכט (פאר ווייסע מאנזבילען) פאר דעם גרונדשטיין פון זייער פאליטישען סיסטעם.

די באפרייטע שווארצע שקלאפען און זייערע קינדער און קינדס־קינדער האבן געקראגען דאס שטימרעכט אין עטליכע צפון־שטאטען נאך אין דער צייט, ווען שקלאפעריי האט עקזיסטירט אין „דער סאוט" (די דרום־שטאטען). דאס איז געווען דער רעזולטאט פון דער אידעאליסטישער באוועגונג געגען שקלאפעריי. עס וואלט געווען פאלש צו זוכען אן עקאנאמישע ערקלערונג פאר די פאליטישע גלייכבארעכ־טיגונג פון די שווארצע אין יענע שטאטען, ווארים זייער צאל און זייער עקאנאמישע קראפט זיינען דארטען געווען צו קליין, מען זאל זיך מיט זיי דארפען רעכענען. די פולע און אלגעמיינע גלייכבארעכ־טיגונג פון די שווארצע מיט די ווייסע איז געקומען נאר אלס די פרוכט פון דעם בירגער־קריג. אבער אין דער סאוט, וואו די מאסע פון די ניגערס איז קאנצענטרירט, האט זיך זייער גלייכבארעכטיגונג איינגעהאלטען נאר גאר א קורצע צייט. היינט־צו־טאג האבען זיי שוין פאקטיש אנגעווארען די פאליטישע רעכטע אין אלע געוועזענע שקלאפען־שטאטען, און אין די שטאטען פון סאוט־וועסט פרובירט מען טאן דאסזעלבע.

מיר זעהען אלזא, אז די אמעריקאנער דעמאקראטיע איז געווען דער פראדוקט פון דעם אמעריקאנער פארמער־קלאס. זי איז אויס־געוואקסען פון דעם „טאון־מיטינג" (דאסזעלבע ווי דער רוסישער „מיר", אדער סעלסקי סכאד פאר דער רעוואלוציע); זי האט זיך גע־שטיצט אויף דער אקטיווער באטייליגונג פון יעדען פארמער אין די קהל'שע עסקים, וואס האבען באריהרט זיינע וואכעדיגע מאטעריעלע אינטערעסען. דער נייצענטער יארהונדערט אבער צייכענט זיך אויס דורך דעם וואוקס פון די שטעט און דער פארמינדערונג פון דער פרא־פארציע פון דער דארפישער באפעלקערונג. ביי דער ערסטער פאלקס־צעהלונג, אין 1790, האבען אין אלע שטעט מיט מעהר ווי 8,000 נפשות געוואוינט סך הכל 4% פון דער גאנצער באפעלקערונג פון די פאראייניגטע שטאטען. ביי דער לעצטער פאלקס־צעהלונג, אין 1920, איז די באפעלקערונג פון די שטעט פון דערזעלבער גרויס אויסגעוואק־סען ביז 43.8% פון דער גאנצער באפעלקערונג.

די גאַנצע באַפעלקערונג פון די פלעצער, וואָס האָבן אַ שטאָדטי־שע פאַרוואַלטונג, האָט אויסגעמאַכט ביי דער זעלבער פאָלקס־צעהלונג גאַנצע דריי פינפטעל (60%) פון דער באַפעלקערונג.

אונטער דער הערשאַפט פון דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט ווערט די פאָליטישע געוויכט פון דער דאָרפישער און דער שטאָטישער באַ־פעלקערונג באַשטימט דורך דער צאָל פון זייערע איינוואוינער. עס איז דעריבער קלאָר, אז דער אַלטער פונדאַמענט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען. דער פּאָליטישער צענטער איז אזעלכע שטאָטען ווי ניו־יאָרק, פּענסילוועניא אָדער איליגאַי איז אין די גרויסע שטעט — ניו־יאָרק, פילאַדעלפיא, שיקאַגא. אונטער דעם אַמעריקאַנער סיסטעם פון די פּרעזידענטשאַפטס־וואַלען הענגט פון יענע שטאָטען אָפּ דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון דער פעדעראַ־לער רעגירונג. דעריבער זיינען די געגענוואַרט און די צוקונפט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע אָפּהענגיג פון דעם פּאָליטישען פּנים פון די שטעט. דאָס וועלען מיר באַטראַכטען אין אַ באַזונדערען קאַ־פּיטעל.

## אכטער קאפיטעל

# די פאָליטישע פּאַרטייען.

אין דער צייט, ווען די אמעריקאנער קאלאניעס האבען זיך ער־קלערט פאר אומאפהענגיג פון ענגלאנד, זיינען אין אמעריקע געווען סך־הכל פינף קהלות, וואס האבען געהאט א שטאטישע פארוואלטונג. אלע אנדערע אמעריקאנער שטעט זיינען אויסגעוואקסען זינט יענער צייט פון דערפער. א טיפישער ביישפיל איז באסטאן, וועלכער איז אין דער צייט פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע געווען א האנדעלס־דארף מיט 15,000 איינוואוינער. פארהאנדלען קהל'שע עסקים אויף דעם „טאון־מיטינג", ס'הייסט, אויף דער אסיפה פון אלע באלעבאטים פון שטעטעל, איז שוין אפילו אין יענער צייט געווען זעהר שווער. פונדעסטוועגען האט זיך די דאזיגע „דירעקטע דעמאקראטיע" איינ־געהאלטען אין באסטאן ביז 1820. אין די לעצטע יארען פלעגען צו דעם „טאון־מיטינג" קומען אן ערך 6,000 מאן. פארשטעהט זיך, האט מען ביי אזא גרויסען עולם קיין געשעפטען ניט געקענט פירען. א חוץ וואס דאס האט געגעבען די גרעסטע מעגליכקייט פאר כל מיני שווינדעל. אויף דער שטעל פון דער דירעקטער דעמאקראטיע פון דעם „טאון־מיטינג" („סיעלסקי סכאד" — אין רוסלאנד) האט מען געמוזט איינפירען א רעפרעזענטאטיווע רעגירונג.

די דאזיגע ענדערונג האט ביסלאכווייז געבראכט דערצו, אז „פאָ־ליטיקס" (פאליטיק) איז געווארען א באזונדערער צווייג פון דער אר־בייטס־טיילונג אין דער געזעלשאפט. די פאליטישע טעאריע האט זיך געמאלט די דעמאקראטיע אלס אזא רעגירונגס־פארמע, אין וועלכער דער גאנצער פאלק באטייליגט זיך אין די קהל'שע עסקים. הגם אין א רעפּ־

רעזענטאטיווער דעמאקראטיע איז די דאזיגע באטייליגונג באשרענקט אויף די וואל פון פארטרעטער, פונדעסטוועגען ווערט אנגענומען אין דער טעאריע, אז אלע וואוטערס, אדער לכל הפחות א גרויסע מערהייט פון זיי, זיינען אין אלגעמיין באקאנט מיט די עסקים, וועלכע זיי גיבען איבער צו זייערע פארטרעטער; אז יעדער וואוטער האט א מיינונג וועגען דעם, ווי ער וויל די קהל'שע עסקים זאלען געפירט ווערען; אז ער האט א ידיעה וועגען דער פערזאן פון זיין קאנדידאט און האלט אים באוואוסטזיניג פאר א פאסענדערען קאנדידאט, איידער אלע זיינע געגנער. אין דער אמת'ן אבער עקזיסטירט קיין איינציגע פון די השערות נים אין א גרויסער שטאט. די עסקים פון דער קהל'שער פארוואלטונג אין א שטאט ווי ניו־יארק, פילאדעלפיא, אדער שיקאגא, זיינען אזוי פארוויקעלט און פארשיידענארטיג, אז דאס רוב פון די וואוטערס האבען וועגען זיי זעהר א קנאפען באגריף. די, וואס צאלען דירעקטע שטייערען, זיינען פאראינטערעסירט, אז די שטאט־פינאנסען זאלען געפירט ווערען שפארעוודיג; די הויז־באזיצער זיינען פאראינטערעסירט אין דער פארבעסערונג פון די גאסען, וואו עס געפינען זיך זייערע הייזער. אבער דאס רוב פון די שטאטישע איינוואוינער האבען קיין פארמעגען נים און זיינען דעריבער פריי פון דירעקטע שטייערען, און די אינדירעקטע שטייערען צאלט דער דורכשניטליכער מענש נים־וויסענדיג. ווייטער וואוינט דאס רוב שטאטישע איינוואוינער אין געדונגענע דירות. היינט זיינען זיי דא און מארגען קלייבען זיי זיך אריבער אין אנאנדער עק שטאט. דעריבער זיינען די מערסטע איינוואוינער פון די גרויסע שטעט זעהר שוואך פארבונדען מיט דער געגענד, וואו זיי וואוינען. צווישען די איינוואוינער פון דעמזעלבען וואהל־דיסטריקט זיינען ניטא קיין שכנ'ישע באציהונגען. די איינוואוינער פון דערזעלבער הויז קענען זיך זעלטען צווישען זיך. דערצו קומט אריין די ווירקונג פון אימיגראציע. אין די גרויסע שטעט זיינען א גרויסער פראצענט פון די וואוטערס איינגעוואנדערטע. דער פראצענט נאטוראליזירטע צו דער גאנצער צאל מענער איבער 21 יאר אין די גרעסטע שטעט איז ביי דער פאלקס־צעהלונג פון 1910 געווען דער פאלגענדער:*)

*) די פראצענטען האב איך אויסגערעכענט פון דעם באריכט פון דעם צענזוס. די רעזולטאטען פון דער פאלקסצעהלונג פון 1920 זיינען נאך ניט פארעפענטליכט געווארען.

| | |
|---|---|
| אין שיקאגא — — — — — — | 37 |
| " ניו יארק — — — — — — | 35 |
| " קליוולאנד — — — — — | 33 |
| " באסטאן — — — — — — | 31 |
| " דעטראיט — — — — — | 31 |
| " מילוואקי — — — — — — | 31 |
| " מינעאפאלים — — — — — | 28 |
| " סאן־פראנציסקא — — — — | 26 |

פילע פון די איינגעוואנדערטע וואוטערס האבען אין דער היים קיין שטימרעכט ניט געהאט און האבען זיך גאר ניט אינטערעסירט מיט קהל'שע עסקים. זעהר א קליינע צאל פון זיי האבען דא די מעגליכקייט צו באקענען זיך מיט די אמעריקאנער פאליטישע אינס־טיטוציעס.

צוליב די אלע טעמים זיינען דאס רוב וואוטערס גאנץ גלייכגיל־טיג צו די געשעפטען פון דער שטאט־פארוואלטונג. די אפטע וואַ־לען און די גרויסע צאל עמטער, וואס ווערען באזעצט דורך די וואלען, מאכען אבער נויטווענדיג א קאמפליצירטען וואל־מעכאניזם. אימיצער דארף געפינען קאנדידאטען פאר אלע עמטער, אימיצער דארף באצייכ־טענס לאזען וויסען די וואוטערס ווער עס זיינען די קאנדידאטען, אימיצער דארף אכטונג געבען, אז אלע פאדערונגען פון דעם וואל־געזעץ זאלען אויסגעפילט ווערען. די אגיטאציע פאר די וואלען פאַ־דערט אויך אן אומגעהויערע מאסע ארבייטער. צו אראנזשירען יעדען קאמפעין־מיטינג פאדערט זיך א סך ארבייט, וואס דער גרויסער עולם זעהט ניט: מען מוז דינגען א האל, מען דארף אריינשטעלען אין די צייטונגען אן אדווערטייזמענט, מען דארף אפדרוקען סוירקולארס, מען דארף קריגען מענשען, וואס וועלען זיי צוטיילען אויפ'ן גאס, א. א. וו. אבער דערמיט ענדיגט זיך ניט די אגיטאציע. די מערצאל פון די וואוטערס אין די גרויסע שטעט געהען קיינמאל ניט צו די קאמפעין־מיטינגס, מען מוז זיי צושטעלען די קאמפעין־ליטעראטור אהיים. אין די גרויסע שטעט זיינען פאראן הונדערטער טויזענטער וואוטערס. פון דער ציפער אליין איז לייכט צו זעהען, וואס פאר א מאסע ארבייט עס איז נויטיג, נאר אויף פאנאנדערשיקען די קאמפעין־ליטעראטור. אין די גרויסע שטעט מיט א פיל־שפראכיגער

באפעלקערונג ווערט די דאזיגע ליטעראטור געדרוקט אויף אלערליי שפראכען. כדי יעדער וואוטער זאל קריגען די ליטעראטור אין זיין מוטער־שפראך, מוזען די לייט, וואס פארנעמען זיך דערמיט, באקאנט זיין מיט די איינוואוינער פון זייערע דיסטריקטען.

אבער די פארשפרייטונג פון דער ליטעראטור אליין איז ניט גענוג, ווייל א גרויסער טייל פון דער קאמפעין־ליטעראטור געפינט דעם וועג אין מיסט־קאסטען אומגעלעזען. אום גובר צו זיין דעם אינדיפערענטיזם פון די וואוטערס, געהען די קאנדידאטען אדער זייערע פריינט פון הויז צו הויז און שמועסען מיט יעדען וואוטער באזונדער.

ענדליך, אין דעם טאג פון די וואלען מוזען די פארטרעטער פון יעדען קאנדידאט אכטונג געבען אין יעדען וואל־לאקאל אלע זאל צוגעהן ארענטליך.

מיט ד ע ר וואכענדיגער, גיט־אינטערעסאנטער, גיט־פאראדנער ארבייט ווילען דאס רוב וואוטערס זיך ניט אפגעבען. דעריבער האט זי זיך געמוזט קאנצענטרירען אין די הענט פון א הויפען פרייוויליגע עסקנים, וועלכע האבען דערפון געמאכט א ספעציעלען פאך. דאס זיינען די פ א ל י ט י ש ע נ ס.

דער אבסטראקטער אידעאל פון דעמאקראטיע איז, אז אלע עמטער זאלען באזעצט ווערען פון מענשען, וואס זיינען אויסגעקליבען פון פאלק. ד ע ר אידעאל איז פארווירקליכט געווען אין זיין ריינער פארמע אין דער דארפישער אדמיניסטראציע פון ניי־ענגלאנד, וואו דער ערוועהלטער קלוירק (שרייבער) האט אליין געקענט פארטיג ווערען מיט דער גאנצער ארבייט פון דער פרימיטיווער קהל'שער פארוואלטונג. אין די שטעט אבער, וואו די קהל'שע עסקים זיינען אזוי אויסגעוואקסען, אז דער פערסאנאל באאמטע באשטעהט פון טויזענטער מענשען, קען, נאטירליך, קיין רייד ניט זיין וועגען דעם, אז יעדער שרייבערל, אדער יעדער וואטשמאן (סטרוזש) זאל ערוועהלט ווערען פון דעם סואווערענעם פאלק גופא. „דער ווילען פון פאלק" דריקט זיך דא אויס אין דעם, וואס די אלע עמטער ווערען באזעצט דורך די ערוועהלטע פארשטעהער פון די פארשיידענע אפטיילונגען פון דער שטאט־פארוואלטונג — דעם מעיאר, דעם טרעזשורער, דעם יורים־קאנסולט א. א. וו. אזוי ווי דער וואוקס פון די שטעט האט אויסגעטיילט די גאנצע ארבייט, וואס איז פארבונדען מיט דער באזעצונג פון ערוועהלטע עמטער, אין א באזונדערען פאך, איז צו דער גענועל־

שאפטליכער גרופע, וואס האט געמאכט „פאליטיק" פאר איר געשעפט, אריינגעפאלען אין די הענט אויך די ארבייט צו געפינען מענשען פאר די שטעלען, וואס ווערען ניט באזעצט דורך די וואלען. דערמיט איז געשאפען געווארען אן עקאנאמישער פונדאמענט פאר די עקזיס־טענץ פון א באזונדערען קלאס פאליטישענס. דער געזעץ אנערקענט ניט די עקזיסטענץ פון אזא קלאס, ווייל דער אמעריקאנער געזעץ אנערקענט לחלוטין קיין קלאסען ניט. ד ע ר קלאס געפינט זיך אויך ניט אין קיין פאפולערע סכעמע פון דער איינטיילונג פון דער געזעל־שאפט אין קלאסען, פונדעסטוועגען האט דער דאזיגער קלאס פונקט אזא רעאלע עקזיסטענץ ווי דער קאפיטאליסטישער קלאס, אדער דער ארבייטער קלאס.

די טעטיגקייט פון די פאליטישענס נויטיגט זיך אין אן ארגא־ניזאציע. די פארמע פון דער ארגאניזאציע פון דעם פאך פון פאלי־טישענס איז די פ א ל י ט י ש ע פ א ר ט י י.

פאר די רוסיש־אידישע לעזער (וואס זיינען דאס רוב פון די אי־דישע לעזער) איז דער טייטש פון דעם ווארט „פארטיי" — א פרייער בונד פון גענאסען, וואס זיינען פאראייניגט אין דער עבודה פאר אן „אידעאל", פאר'ן „פאלק", פאר א „קלאס", — די ווערטער האבען זיך געביטען פאר די לעצטע פופציג יאר, דער עצם איז געבליבען דער זעלבער. ד ע ר באגריף פון א „פארטיי" פאסט זיך גאר ניט אויף דעם כאראקטער פון די אמעריקאנער פאליטישע פארטייען. יעדע אמעריקאנער פאליטישע פארטיי איז אן ארגאניזאציע פון פאליטי־שענס פאר דעם צוועק צו צוטיילען צווישען אירע מיטגלידער די פא־ליטישע „דזשאבס" — עפענטליכע עמטער און עפענטליכע קאנטראק־טען („פאדריאדען").

זייענדיג דער פראדוקט פון דעם שטאטישען לעבען, האבען די פאליטישע פארטייען גאנץ נאטירליך אויסגעברייט זייער טעטיגקייט אויף אלע עמטער, וואס ווערען באזעצט דורך וואלען, — די פארטרע־טער אין די געזעצגעבענדע קערפערשאפטען, די „לעדזשיסלעיטשור" (דעם פארלאמענט פון דעם סטעיט) און דעם קאנגרעס, פון די דיסט־ריקטען, וואס ליגען אין שטאט. דער נעקסטער שריט איז געווען די פארבינדונג פון די לאקאלע פאליטישע ארגאניזאציעס אין דער קאונטי, אין דעם שטאט און איבער'ן גאנצען לאנד אין צענטראלע ארגאני־זאציעס, אום אנצופירען די וואלען פאר פרעזידענט, פאר'ן סענאט פון

די פאראייניגטע שטאטען, פאר גאווערנאר (גובערנאטאר), פאר שע־ריף א. אז. וו. אין א לאנד, וואו דער אינדוסטריעלער לעבען איז געווען געבויט אויף פרייער קאנקורענץ, און ביי אזא געמישטער באַפעלקערונג, ווי אין אמעריקע, האט מען געקענט מיינען, אז עס וועלען זיך בילדען א גרויסע צאל פארטייען, ווי צום ביישפיל אין עסטרייך, וואו עס זיינען אין רייכסראט פאר דעם קריג געווען פארטרעטער פון 25 פארטייען. אבער דער וואל־סיסטעם, וואס די פאראייניגטע שטאַטען האבען גע׳ירש׳ענט פון ענגלאנד, האט דערצו ניט דערלאזען: דאס איז די וואל דורך א „פלוראליטי“, דאס הייסט, אז דער קאנ־דידאט, וואס האט געצויגען די גרעסטע צאל אפגעגעבענע שטימען, ווערט ערקלערט פאר ערוועהלט, אפילו ווען זיינע געגנער צוזאמען האבען געקראגען מעהרער שטימען פאר אים.*) ווען עס לויפען פאר דעם זעלבען אמט עטליכע קאנדידאטען, זיינען די אויסזיכטען פון יעדען קאנדידאט זעהר אומזיכער. מיט דעם ערפאלג פון יעדען קאנ־דידאט זיינען אבער פארבונדען די אינטערעסען פון א סך מענשען, וואס זוכען א פלאץ ביי דער קהל׳שער שיסעל, דעריבער זיינען זיי פאראינטערעסירט צוזאמענצוברייננגען וואס מעהר פארשיידענארטיגע עלעמענטען. אויף דעם אופן זיינען אויסגעוואקסען צוויי גרויסע פאַ־ליטישע פארטייען.

פון צייט צו צייט בילדען זיך וואס מ׳רופט „דריטע פארטייען“, אבער געווענליך ציען זיי צו א קליינע צאל שטימען אין פארגלייך מיט די גרויסע פארטייען. אויב עס געלינגט זיי צו דערגרייכען א גרעסערען איינפלוס, דעמאלט לאזט זיך אוים געווענליך דערמיט, אז די דריטע פארטיי פאראייניגט זיך מיט איינער פון די צוויי גרויסע פארטייען.

פון דער אנדערער זייט אבער איז שוין אין עטליכע שטאטען פארגעקומען א פארשמעלצונג פון אלע פאליטישענס אין איין פארטיי. אזוי איז די לאגע אין פענסילווייניא, וואו עס עקזיסטירט פאקטיש נאר איין פארטיי — די רעפובליקאנער, און די דעמאקראטישע פארטיי איז ניט מעהר ווי אן אומאפיציעלע אפטיילונג פון דער רעפובליקאַ־

---

*) דאס רופט מען אויף דעם אייראפעאישען פארלאמענטארישען לשון א „רעלאטיווע מערצאל“; ווען א קאנדידאט האט מער ווי א העלפט פון אלע אפגעגעבענע שטימען, הייסט דאס אן „אבסאלוטע מערצאל“ („מאדזשאריטי“ אויף ענגליש).

נער. אזוי איז עס אויך אין די דרום־שטאטן „דהי סאוטה"), וואו די
דעמאקראטישע פארטיי איז די איינציגע און די רעפובליקאנער שטע־
לען זעהר אפט גאר ניט ארויס קיין קאנדידאטען.

דער פאליטישער פראגראם איז ניט דער ציל פון דער פארטיי, נאר א מיטעל צו געווינען ביי די וואלען. דעריבער זיינען די פראגראמען פון די פאליטישע פארטייען זעהר פארשוואומען און זיי ביי־טען זיך מיט דעם פאליטישען וועטער. יעדע פארטיי זוכט אויסצומיידען, ווי ווייט מעגליך, אן אויסגעשפראכענע ערקלערונג איבער די ברענענדיגע טאגעס־פראגען, כדי זי זאל קיינעם ניט אפשטויסען דערמיט, און זי סטארעט זיך צו געווינען חן ביי אלעמען מיט הבטחות, וואס מען קען טייטשען אהין און אהער. איך וועל דא געבען נאר א פאר ביישפילען — מען וואלט מיט זיי געקענט אנפילען א גאנצען בוך.

פון די זיבעציגער יארען פון דעם לעצטען יארהונדערט ביז 1896 איז די „זילבער־פראגע" געווען אויף דער טאגעס־ארדנונג אין די פאראייניגטע שטאטען. ביז 1873 האט יעדערער געמעגט בריינגען זילבער אין די טרעזשורי (די קאזנאטשעיסטווע) פון די פאראייניגטע שטאטען און אויסבייטען עס אויף זילבערנע דאלארס לויט דער פראפארציע פון זעכצען אונצען זילבער פאר איין אונץ גאלד (16:1). אין 1873 האט דער קאנגרעס עס אפגעשאפט. ארום דער זעלבער צייט האט דער געזעץ אין אנדערע גרויסע אינדוסטריעלע לענדער אויפגעהערט צו אנערקענען זילבער פאר געלט. דער פרייז פון זילבער האט אנגעהויבען צו פאלען, און אין 1896 האט ער דערגרייכט די פראפארציע פון איין און דרייסיג אונצען זילבער צו איין אונץ גאלד (31:1). אין דער זעלבער צייט האבען די פרייזען פון תבואה אויך געהאלטען אין פאלען. די פארמערס, וועמעס לאנד איז געווען באדעקט מיט שווערע חובות, זיינען געווען שטארק געדריקט. דערפון איז אויסגעוואקסען א טעאריע, אז די פרייזען זיינען געפאלען, ווייל עס איז א יקרות אויף געלט, און דער יקרות אויף געלט קומט דערפון, וואס זילבער איז „דעמאנעטיזירט" געווארען (ס'הייסט מען האט עס אויפגעהערט אנצונעמען פאר געלט). אויב מען זאל זילבער ווידער מאכען פאר געלט אין דער אלטער פראפארציע צו גאלד,*)

*) אין דער פינאנץ־וויסענשאפט באצייכענט מען עס מיט דעם נאמען „בימעטאליזם".

וועט זיך פארמערען די פראדוקציאן פון זילבער, עס וועט ווידער זיין גענוג געלט אין דעם געלט־מארק, די פרייזען וועלען דורך דעם שטייגען און עס וועט לייכטער זיין צו קריגען קרעדיט. פארקערט די באנקען און די קאפיטאליסטישע וועלט בכלל זיינען געווען דאגעגען, וויל ווען מען מאכט זילבער ווידער פאר געלט, וועלען זיי קריגען זייערע הלואות אויסגעצאלט אין דעם ביליגערען מעטאל, וועלכער וועט אויף דעם פינאנציעלען וועלט־מארק אנגענומען ווערען נאר צו זיין אמת'ן פרייז. עס איז דא ניט דער פלאץ ארייננצולאזען זיך אין די פראגע, וועלכע טעאריע איז געווען די ריכטיגע. דער עיקר איז, אז מער ווי צוואנציג יאר נאכאנאנד, ביז דעם קאמפיין פאר פרעזידענט אין 1896, האט ניט די רעפובליקאנער, ניט די דעמאקראטישע פארטיי ניט געהאט קיין באשטימטען פראגראם אין ד ע ר פראגע. אין די מערב־שטאטען („דהי וועסט"), וואו די פארמערשע באפעלקערונג איז גרויס און וואו עס געפינען זיך א סך זילבער־גרובען, וואס אי זייערע בעלי־בתים, אי די ארבייטער זיינען געווען דירעקט פאראינטערעסירט אין דער אויסברייטונג פון דעם פארלאנג אויף זילבער, איז א טייל פון דער רעפובליקאנער פארטיי געשטאנען פאר בימעטאליזם. אין די מזרח־שטאטען („דהי איסט") איז א טייל דעמאקראטען געשטאנען פאר דעם „גאלד סטאנדארד" (ס'הייסט אז נאר גאלד זאל געזעצליך אנערקענט ווערען פאר געלט). די פרינציפלאזיגקייט פון די פאליטישענס האט זיך בולט ארויסגעוויזען אויף דער רעפובליקאנישער קאנווענשאן אין סענט־לואי אין 1896, וואו עס איז מיט א מערהייט שטימען אנגענומען געווארען א „גאלדענע" פלאטפארמע, און פאר א קאנדידאט איז אויסגעבליבען געווארען קאנגרעסמאן מאקקינלי, וועלכער האט אין דעם קאנגרעס שטענדיג גערעט און געשטימט פאר זילבער.

די דעמאקראטישע פארטיי האט אין 1896 צוגעצויגען צו זיך דאס רוב פון די פארטשריטליכע עלעמענטען, אבער איר קאנדידאט פאר פרעזידענט ברייאן, איז דורכגעפאלען ביי די וואלען אי אין יענעם יאר, אי אין 1900. דאס האט ווידער פארשטארקט דעם איינפלוס פון דעם קאנסערוואטיווען פליגעל פון דער דעמאקראטישער פארטיי, און ביי דער קאנווענשאן פון 1904 האט זי געטאן אלץ, וואס איז נאר מעגליך געווען, אז די דעמאקראטישע פלאטפארמע פון דער פארטיי זאל זיין וואס מעהר ענליך צו דער פלאטפארמע פון דער

רעפובליקאנער פארטיי, וועלכע איז אין יענער צייט געווען די ציטא־דעל פון דעם אמעריקאנער קאנסערוואטיזם. אויסמעקען דעם פונקט וועגן זילבער אינגאנצען האט די קאנווענשאן ניט געוואגט, אבער איר קאנדידאט, דזשאדזש פארקער פון ניו יארק, האט אויף מארגען נאך דעם שלום פון דער קאנווענשאן עפענטליך ערקלערט זיך פאר דעם „גאלד סטאנדארד".

די אייראפעאישע באגריפען וועגן א קאנסערוואטיווער, א ליבעראלער, אדער א ראדיקאלער פארטיי, פאסען זיך גאר ניט צו די אמעריקאנער פארטייען. א פארטיי, וואס איז געווען אולטרא־ראדיקאל נעכטען, קען ווערען אולטרא־רעאקציאנער מארגען, — ווי עס ווייזט דער גלגול פון דער דעמאקראטישער פארטיי ביי דער קאנווענשאן פון 1904. יעדע איינציגע פארטיי קאן זיין רעאקציאנער אין איין פראגע און פראגרעסיוו אין אן אנדער פראגע. צום ביישפיל, די רעפובליקאנער פארטיי בארימט זיך נאך עד היום דערמיט, וואס זי האט באפרייט די שווארצע און האט זיי געגעבען גלייכע פאליטישע רעכטע, און דיזעלבע רעפובליקאנער פארטיי האט איינגעפירט אן אויטאקראטישע רעגירונג אויף די פיליפינער אינזלען, אונטער וועלכער דאס פיליפינער פאלק האט ניט געהאט די איינפאכסטע ב י ר־ג ע ר ל י כ ע רעכטע. פארקערט, די דעמאקראטישע פארטיי האט פראטעסטירט געגען דעם סיסטעם פון קאלאניאלער אדמיניס־טראציע אין די פיליפינען, שטיצענדיג זיך אויף דעם פרינציפ פון דער „דעקלארעישאן אוו אינדעפענדענס", אז די געזעצליכע מאכט פון א רעגירונג מוז זיך שטיצען אויף דער צושטימונג פון די רעגירטע, און צו דערזעלבער צייט שטעהט די דעמאקראטישע פארטיי פאר די הער־שאפט פון דער ווייסער ראסע אין די דרום־שטאטען, און צו דעם צוועק האט זי אוועקגענומען ביי די שווארצע דאס שטימרעכט, וואס זיי האבען געקראגען באלד נאכ'ן בירגער־קריג.

קיינע פון די צוויי גרויסע פארטייען טרעט קיינמאל ניט ארויס אלס א פיאנער פון נייע אידעען. די אגיטאציע פאר יעדע רעפארמע הויבען אן געוועהנליך אומאפהענגיגע, אומפארטייאישע פאראיינען; אמאל ארגאניזירען זיי זיך אויף א ווייליע אין פאליטישע פארטייען און שטעלען ארויס זייערע אייגענע קאנדידאטען מיט דעם צוועק צו צעהלען זייערע שטימען. דאס רוב פון די וואוטערס שטימען אזוי ווי זייערע טאטעס און זיידעס האבען געשטימט, אדער אזוי ווי זיי זיינען

צוגעוואוינט צו שטימען פון יאר צו יאר פאר דער זעלבער פארטיי, ניט קוקענדיג אויף דעם, ווי עס בייט זיך איר פלאטפארמע. צום ביישפיל, די איירישע שטימען אימער פאר די דעמאקראטישע פאר־טיי, די סקאנדינאוויער אין די שטאטען פון „די וועסט" — פאר די רעפובליקאנער פארטיי. אבער עס איז פאראן א מינאריטעט פון א פאר מיליאן וואוטערס, וואס שלעפען זיך ניט נאך בלינדערהייט נאך קיין פארטיי און שטימען אמאל פאר איין פארטיי, אמאל פאר די אנדערע אזוי ווי עס זאגען זיי זייערע פערזענליכע אינטערעסען, אדער זייערע קלאסען־אינטערעסען, אדער זייער מיינונגען איבער די טאגעס־פראגען, אדער וועגען דער פערזאן פון דעם אדער יענעם קאנדידאט. די פלאטפארמע פון איין פארטיי, אדער פון דער אנדערער, און אמאל וואוטערס, ווערט זעהר אפט באשטימט דער אויסגאנג פון די וואלען. דעריבער, ווען די פאדערונג פון א געוויסער רעפארמע געווינט די שטיצע פון א באדייטענדער מינאריטעט וואוטערס, וועמעס שטימען קענען געבען די אויבערגעוויכט איינער, אדער דער אנדערער פון די גרויסע פארטייען, ווערט די פאפולערע פאדערונג אריינגענומען אין דער פלאטפארמע פון איין פארטיי, אדער פון דער אנדערער, און אמאל פון ביידע, אום צו געווינען די שטימען פון אירע אנהענגער. א פרישען ביישפיל האבען מיר מיט דער פאדערונג פון שטימרעכט פאר פרויען: צולעצט האבען זיך ביידע גרויסע פארטייען ערקלערט פאר די דא־זיגע רעפארמע.

אט ד ע ר שאקלען זיך פון די פאליטישע פראגראמען ערקלערט דעם שאקלען זיך פון דעם פאליטישען פערפענדיקעל פון די רעפוב־ליקאנער צו די דעמאקראטען און צוריק פון די דעמאקראטען צו די רעפובליקאנער.

די טעטיגקייט פון א פאליטישער פארטיי איז פארבונדען מיט גרויסע הוצאות. פון וואנען נעמט זיך די געלט אויף די הוצאות? גאר אמאל, ווען אלע שטעלען ביי דער רעגירונג פלעגען באזעצט ווע־רען דורך פארטיי־מענשען, פלעגט יעדער באאמטער מוזען צאלען א פראצענט פון זיין געהאלט אין די פארטיי־קאסע. אן אונטערזוכונג, וואס א קאמיסיע פון דער לעדזשיסלעיטשור האט געמאכט אין ניו־יארק אין 1899, האט ארויסגעבראכט דעם פאקט, אז יעדער באאמטער, וואס האט געקראגען זיין שטעלע מיט דער הילף פון טעמעני־האל, האט געמוזט צאלען מעשר דער „ארגאניזעישאן". א דזשאדזש פון

דער ניו־יאָרקער סופרים קאָורט האָט דערצעלט פאַר דער קאָמיסיע, אַז פון זיין געהאַלט פון 17,000 דאָלאַר א יאָר האָט ער געצאָלט יערליך אין טעמעני־האָל 2,000 דאָלאַר. אין א שטאָט, ווי ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, אָדער שיקאַגאָ, וואו עס זיינען פאַראַן צענדליגער טויזענטער שטאָט־באַאַמטע, ברייננט דאָס אריין צענדליגער טויזענטער דאָלאַר. ווי מיר וועלען זעהן שפּעטער, האָט דער געזעץ אין דער לעצטער צייט פאַרבאָטען צו מ אַ נ ע ן ביטראָגען פאַר די פּאַרטיי ביי אַנגעשטעלטע פון דער רעגירונג, אָבער דער געזעץ קען קיינעם ניט פאַרווערען צו געבען נדבות פ ר י י וו י ל י ג. אין דער פּראַקטיקע, פאַרשטעהט זיך, איז גאָר א קנאַפּע נפקא־מיניה דעם אַלטען פּאָליטישען פדיון און אזעלכע „פרייוויליגע" נדבות.

צווייטענס, ווער עס וויל ווערען א קאַנדידאַט פון א פּאַרטיי ביי די וואַלען פאַר ערגעץ אַן אַמט, מוז איינצאָלען א היבשע סומע געלט אין די פּאַרטיי־קאַסע. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען פון דער זעלבער אונטערזוכונג, דאַרף א קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט פון א דזשאַדזש פון דער סופרים קאָורט אין ניו־יאָרק איינצאָלען אין די קאַסע פון טעמעני־האָל 15,000 דאָלאַר, א דזשאַדזש פון א קלענערער קאָורט 5.000 דאָלאַר. א. אז. וו., — עס הענגט אָפּ פון דער וויכטיגקייט פון דעם אַמט.

ווייטער האָט די אויסברייטונג פון דער טעטיגקייט פון דעם שטאַט אויך אויסגעברייט דעם פעלד פון די פּאָליטישע פּאַרטייען. די רעגירונג פון דעם שטאַט, די שטאָט־פאַרוואַלטונג גיבען אויס יערליך צענדליגער מיליאָנען אויף אַלערליי קאָנטראַקטען. עס ליגט אין דעם רשות פון דער רעגירונג, דאָס הייסט פּאַקטיש פון דער הערשענדער פּאַרטיי, ווער עס זאָל קריגען די קאָנטראַקטען. דאָס האָט צוגעצויגען אין די רייען פון אַקטיווע פּאַרטיי־לייט אַלערליי קאָנטראַקטאָרס (פּאַדראַדטשיקעס) און ליפעראַנטען. די קאָנצעסיעס אויף צו בויען אייזענבאַנען מיט דער הילף פון דער רעגירונג*) האָבען מיט פופציג יאָר צוריק געעפענט א ברייטער פעלד פאַר אַלערליי ספּעקולאַנטען. די שווינדלען, וואָס זיינען דערביי באַגאַנגען געוואָרען, זיינען

*) די רעגירונג האָט געשאָנקען די אייזענבאַנען גרויסע שטרעקען לאַנד, וועלכע זיי האָבען דערנאָך פאַרקויפט פאַר א גוטען פּרייז צו די פאַרמערס. די קאָמפּאַניעס וואָס האָבען געבויט די אייזענבאַנען צו דעם פּאַסיפישען ים האָבען געקראָגען א גאַראַנטיע פון דער רעגירונג פאַר די צינזען אויף זייערע באָנדס (חובות).

שפּעטער דורכגעלויפּטערט געוואָרען אין דער עפענטליכקייט. שפּעטער זיינען געקומען שטאָט־באַנען, גאַז און עלעקטרישע באַלייכטונג, טע־לעפאָנען א. אז. וו. דער פּראָטעקציאָניסטישער טאַריף אויף אויס־לענדישע וואַרען האָט אויך געשאַפען א סך גבירים. כדי צוצוקומען צו די שמאַלץ־גריבער האָבען די פאַרטרעטער פון קאַפּיטאַל געדאַרפט פאַרבינדען זיך מיט די פּאָליטישע פּאַרטייען. אין די פּאַרטיי־אָרגאַני־זאַציעס האָבען זיך די קאַפּיטאַליסטען צעמישט מיט די פּאָליטישענס. מיליאָנערען זיינען צוליב ביזנעס געוואָרען פּאָליטישענס, פּאָליטישענס זיינען פון אָרימעלייט געוואָרען מיליאָנערען. נאָר אויף דעם אינדי־רעקטען אופן איז דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס געוואָרען דער הער־שענדער קלאַס. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס הערשט אָבער נאָר דורך די פּאָליטישענס. די אָרגאַניזאַציע, דורך וועלכער דאָס ווערט געטאָן, איז די פּאָליטישע פּאַרטיי.

געוועהנליך אָנערקענען די פּאָליטישענס און זייערע שותפים פון דער געשעפטס־וועלט נאָר „הערען־מאָראַל“. יעדער סאָרט שווינ־דעל און כאַבאַר אין די לעדזשיסלעיטשורס, אין קאָנגרעס, אין די קאָורטס, ביי די וואַלען, זיינען געוואָרען וואָכעדיגע זאַכען אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער „פּאָליטיקס“. אַלע זיינען אַזוי צוגעוואוינט געוואָרען דערצו, אַז קיינער וואונדערט זיך גאָר ניט, ווען דאָס ווערט אויפגעדעקט. האָבענדיג אין אירע הענט די גאַנצע מאַשינעריע פון דער רעגירונג, קען די הערשענדע פּאַרטיי טאָן וואָס זי וויל. צו פאַר־שטאָפען די מיילער פון דער געגנערישער פּאַרטיי, גיט מען איר אויך א חלק. פאַרשטעהט זיך, אַזוי גלאַט געהט דאָס ניט אימער, פון צייט צו צייט ברעכט אויס אַן עפּידעמיע פון חטאים־זוכעריי, און עטליכע „גראַפטערס“ (כאַבאַרניקעס) ווערען פאַר׳משפּט צו זיצען. אָבער דער־מיט ווערט ניט אויסגעוואָרצעלט דער סיסטעם פון „גראַפט“. דער אָנפאַל פון „רעפאָרם“ געהט אריבער, און אין א פּאָר יאָר אַרום געהט אַלצדינג ווידער, אַזוי ווי אין די גוטע אַלטע צייטען פאַר דער „רע־פאָרם“־באַוועגונג.

דער פּלאַן, אויף וועלכען די פּאָליטישע פּאַרטייען זיינען אָרגאַ־ניזירט, איז בעצם ענליך צו דער פּאָליטישער איינריכטונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, וואָס וואוי־נען אין דעם קלענסטען וואַל־דיסטריקט („עלעקשאָן־דיסטריקט“ אָדער „פּריסינקט“), קלייבען אויס א פאַרטרעטער („קעפּטען, אָדער „לידער“)

אדער א קאמיטע פון זייער דיסטריקט; די לידערס אדער די קאמי־
טעס פון די דיסטריקטען קלייבען אויס אויף א „קאנווענשאן" (צו־
זאמענפאר) א צענטראל־קאמיטע. אויף דעם אופן ווערען אויסגעקלי־
בען צענטראלע קאמיטעס פון דער שטאט, פון דער קאונטי און פון דעם
שטאט. די „נעשאנאל קאמיטע", ד. ה. די צענטראל־קאמיטע פאר'ן
גאנצען לאנד, ווערט אויסגעקליבען אויף אן אלגעמיינעם צוזאמענפאר
פון פארטרעטער פון אלע שטאטען, וועלכער ווערט אפגעהאלטען איין
מאל אין פיר יאר, ווען מען דארף ארויסשטעלען א קאנדידאט פאר
פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. דאס זיינען די פונדא־
מענטאלע אינסטיטוציעס פון דער פארטיי־פארוואלטונג. אחוץ זיי
עקזיסטירט נאך א גאנצע רייע דיסטריקטען פאר אלערליי וואלען:
די שטאט איז איינגעטיילט אין באזונדערע דיסטריקטען פאר די וואַ־
לען פון פארטרעטער אין דעם שטאט־ראט („אלדערמען" אדער „קאונ־
סילמען"), און ווידער אין באזונדערע דיסטריקטען פאר די וואלען
פון שטאט־דזשאדזשעס (ריכטער); דער שטאט איז איינגעטיילט אין
באזונדערע דיסטריקטען פאר די וואלען פון דעפּוטאטען פון דער אונ־
טערהויז פון דעם פארלאמענט פון שטאט („אסעמבלימען") און ווי־
דער אין אנדערע דיסטריקטען פאר די וואלען פון סענאטארען פון דעם
סענאט פון דעם שטאט; פאר די וואלען פון קאנגרעסלייט איז דער
שטאט איינגעטיילט ווידער אין אנדערע דיסטריקטען. די גרע־
ניצען פון די אלע דיסטריקטען זיינען געוועהנליך פארשידען.
פאר יעדען פון די דאזיגע דיסטריקטען ווערט אויף דער צייט
פון די וואלען אויסגעקליבען א ספעציעלע צייטווייליגע קאמי־
טע. דאס איז דער אלגעמיינער פלאן פאר די ארגאניזאציע
פון די פאליטישע פארטייען. נאטירליך, אין איינצעלהייטען אונ־
טערשיידעט זיך אמאל איין שטאט פון דעם אנדערען. יער פעדע־
ראליסטישער אידעאל (אין דעם אייראפעאישען זין פון ווארט) איז
מקוים געווארען אין דער ארגאניזאציע פון פאליטישע פארטייען.
אפיציעל האט יעדער דיסטריקט פולע אויטאנאמיע אין זיינע עסקים.
די גאנצע ארגאניזאציע איז אויפגעבויט פון אונטען ארויף. די פארטיי־
ארגאניזאציע פון יעדען וואל־דיסטריקט באשליסט אליין, וועמען
ארויסצושטעלען פאר קאנדידאטען פון דעם דיסטריקט, און דער מנהג
איז, אז דער קאנדידאט דארף זיין אן איינוואוינער פון דעם דיסט־
ריקט. יעדער איינער, ווער עס וויל, קען ווערען א פארטיי־מיטגליד,

— ארייגצוטרעטען אין א פארטיי דארף מען קיין שום רעקאמענדאַציעס ניט. א מיטגליד פון דער פארטיי איז ניט מחויב צו געבען צו שטייער אויף אויסצוהאלטען די פארטיי און טראגט קיין פליכטען ניט בנוגע צו דער פארטיי, אחוץ וואס ער נעמט אויף זיך פרייוויליג.*) יעדער פארטיי־מיטגליד האט א דעה אין אלע פארטיי־עסקים.

אין דער פראקטיקע אבער איז דער גאנצער דעמאקראטישער אפאראט ניט מעהר ווי א פארמע. דער ערפאלג פון א פארטיי ביי די וואלען, העגנט אפ זעהר פיל פון די פארטיי־פינאנסען אויף צו פירען דעם קאמפיין, ניט אימער מיט כשר'ע מיטלען אליין. מיט עטליכע יאר צוריק איז באוויזען געווארען אין די געריכטען, אז גאנצע קאונטיס אין דעם שטאט אהייא, זיינען הורטאם געקויפט געווארען צו שטימען פאר געוויסע קאנדידאטען. דאס איז גאר קיין אויסנאם ניט, אזעלכע פראצעסען זיינען פארגעקומען אין די געריכטען פון פארשיידענע שטאטען, און א סך פאלשקייטען דערגרייכען קיינמאל ניט די געריכטען. פארשטעהט זיך, אז וואס מעהר געלט א פארטיי האט, רס מעהר שטימען קען זי קויפען אין צווייפעלהאפטע דיסטריקטען. איינע פון די וויכטיגסטע קוועלען פון די פארטיי־פינאנסען, זיינען די נדבות פון קארפאריישאנס (אקציען־געזעלשאפטען) אדער זייערע הויפט־מאכערס, וואס זוכען צו קריגען פעטע קאנצעסיעס אדער קאנטראקטען פון דער שטאט־אדמיניסטראציע, אדער וואס ווילען, אז די רעגירונג זאל ניט צו שטרענג אכטונג געבען אויף דעם געזעץ. איידער עס איז איינגעפירט געווארען פראהיבישאן, איז א וויכטיגער קוואל פון הכנסה באשטאנען פון איינצאלונגען פון סאלונס (שענקען), צו

*) די סאציאליסטישע פארטייען זיינען אן אויסנאם. ניט יעדער איינער קען ווערען א מיטגליד פון א סאציאליסטישער פארטיי, נאר יענער וועמען די פארטיי נעמט אריין. יעדער מיטגליד פון איינער פון די סאציאליסטישע פארטייען דארף רעגעלמעסיג צאלען א באשטימטע סומע אין די פארטיי־קאסע. די לאקאלע פארטיי־קאמיטעס זיינען ניט אויטאנאם, ווי אין די אלטע פארטייען, די צענטראל־קאמיטעס האבען דאס רעכט צו זאגען א דעה אויך אין אזעלכע עסקים, וואס אין די אלטע פארטייען ווערען זיי באטראכט פאר לאקאלע אנגעלעגענהייטען. צום ביישפיל, אויסקלייבען א קאנדידאט פאר'ן קאנגרעס פון דער סאציאליסטישער פארטיי העגנט ניט אפ אין גאנצען פון די מיטגלידער פון דער פארטיי־ארגאניזאציע פון דעם דיסטריקט, נאר די צענטראל־קאמיטעס פון דער גאנצער שטאט קענען זיך אין דערין אריינמישען. די אורזאכע איז, וואס אין א פארטיי מיט א קליינער צאל פארטרעטער, ווי די סאציאליסטישע, רעפרעזענטירען אירע פארטרעטער באמת ניט דעם דיסטריקט אליין, נאר די פארטיי פון גאנצען לאנד. און די מיטלען פאר דעם קאמפיין, ווערען אויך געליפערט, ניט אויסשליסליך פון דעם דיסטריקט, נאר פון די פארטיי־ארגאניזאציעס פון אנדערע דיסטריקטען.

דערזעלביגער קאטעגאריע געהערען איינצאלונגען פון געמבלערס (שור־לערס), באָרדעלען און גנבים*). די טעטיגקייט פון דער פּאַרטיי מיז דעריבער אַנגעהן אויף אַ שטרענג־קאָנספּיראַטיווען אופן, און קאָנס־פּיראַציע נויטיגט זיך אין אַ צענטראַליזירטער מאַכט.

אין יעדער סאָציאַלער גרופּע, וואָס פּאַר אַ נאָמען זי זאָל ניט טראַגען, איז געוועהנליך פאַראַן אַ נאַטירליכער פירער, וועמען די אַנדערע מיטגלידער פון דער גרופּע פאָלגען מיט זייער אייגענעם ווי־לען. צו אַזאַ פירער אין די הענט גיט מען געוועהנליך איבער אין די אינטערעסען פון דער פּאַרטיי דעם באַלעבאָטעווען איבער די פינאַנסען פון דער פּאַרטיי. דערצו דאַרף מען גאָרניט קיין אָפיציעלע באַשלו־סען: דער פירער פון דער פּאַרטיי פאַרנעמט זעהר אָפט גאַר קיין אַמט ניט אין דער פּאַרטיי־אַדמיניסטראַציע, — אַלע עמטער לאָזט ער אי־בער פּאַר זיינע לייט. ווען דער פּאַרטיי־פירער האָט געקראָגען אַ היבשע מטבעה פון אַ קאַפּיטאַליסטישער קאָרפּאָריישאָן, מוז ער האָ־בען די מאַכט אויסצופירען דעם אָפּמאַך, פאַר וועלכען ער האָט גע־קראָגען באַצאָלט. דערצו איז נויטיג, אַז אַלע קאַנדידאַטען פאַר די שטאַט־פאַרוואַלטונג, פאַר די לעדזשיסלעטשור, א. א. וו., זאָלען זיין מענשען, וואָס וועלען אים פאָלגען. די קאַנדידאַטען פאַר די וויכטיג־סטע עמטער קען ער אליין אויסקלייבען, אָבער די צאָל לאָקאַלע קאַנ־דידאַטען איז צו גרויס און דעריבער מוז ער זיי איבערלאָזען פאַר די לאָקאַלע לידערס. פאַרשטעהט זיך, מוזען עס זיין מענשען, אויף וועלכע דער פּאַרטיי־דיקטאַטאָר זאָל זיך קענען פאַרלאָזען. דער לאָ־קאַלער לידער מוז שוין אכטונג געבען, אַז די פאַרזאַמלונג פון די פּאַרטיי־מיטגלידער פון זיין דיסטריקט זאָל אויסקלייבען דעם ריכטיגען קאַנדידאַט. יעדער מיטגליד פון דער פּאַרטיי האָט דאָס רעכט אָפּצו־געבען זיין שטימע אין אַ פּאַרטיי־קאָנווענשאָן פאַר וועמען ער וויל. אָבער די לייט וואָס טרעטען אריין אין גרויסע פּאַרטייען זוכען אַ תכלית פאַר זיך — איינצעלנע אויסנאַמען האָבען קיין ממשות ניט. דער איינציגער מיטעל צו דערשלאָגען זיך צו עפּעס, איז צו פאָלגען דער לאָקאַלער פּאַרטיי־נאַטשאַלסטווע, וועלכע פאַרגעסט ניט אירע

*) גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק, אין 1914, איז אין ניו יאָרק פאַר'משפּט געוואָרען צום טויט אַ הויכער פּאָליציי־באַאַמטער, וועלכער איז געווען פאַר־בונדען מיט אָרגאַניזירטע באַנדעס פון געמבלערס און איז פאַרמישט געוואָ־רען אין אַ מאָרד.

פריינט, ווען עס קומט אוים צו געבען א „דזשאב" (א שטעלע ביי דער רעגירונג, אדער א קאנטראקטעל).

אויף דעם אופן איז די גאנצע דעמאקראטישע ארגאניזאציע פון דער פארטיי געווארען א געצייג אין די הענט פון דעם פארטיי־דיקטאטאר. אויף דעם אמעריקאנער פארטיי־לשון רופט מען טאקע די פארטיי־ארגאניזאציע — „מאשין" — און דעם פארטיי־דיקטאטאר — „באס" (באלעבאס). די פאליטישע מאשין איז די פארמע, אין וועלכער עס האט זיך אין דער פראקטיקע פארווירקליכט דער פרינציפ פון אויטאקראטיע (סאמאדערזשאוויע) אונטער א דעמאקראטישען מאנטעל. דער פאליטישער באס פון ניו יארק איז א ריכטיגער סאמאדערזשעץ, און יעדער פון זיינע אונטערהעלפערס איז א קלייניקער סאמאדערזשעץ אויף זיין געביט.

אין יעדער פאליטישער פארטיי זיינען שטענדיג פאראן אומצופרידענע, וואס זיינען געקריוודעט געווארען ביי דער צוטיילונג פון דעם „רויב", אויף דעם אמעריקאנער פאליטישען זשארגאן („ספאילז"). אמאל ווערט די אומצופידענהייט אזוי שטארק, אז עס קומט צו אן אפענעם בונט. די בונטאווטשיקעס (אינסורגענטען) שטעלען ארוים אייגענע קאנדידאטען, מיט דעם צוועק אפצוציען שטימען פון די אפיציעלע קאנדידאטען פון דער פארטיי, כדי זיי זאלען דורכפאלען ביי די וואלען. אבער דאס איז געוועהנליך ניט קיין בונט געגען דעם פרינציפ פון דער אויטאקראטישער מאכט אין דער פארטיי־פארוואלטונג, נאר געגען דער פערזאן פון דעם פארטיי־אויטאקראט און זיין קליקע. די אפאזיציע גופא האט אויך אן אייגענעם אויטאקראט מיט אן אייגענער מאשין. אויב דער בונט געלינגט, זעצט זיך ארויף אויפ'ן טראן פון איין אויטאקראט אן אנדערער, אדער די מחלוקה ענדיגט זיך מיט א קאמפראמיס צווישען די צוויי פיינדליכע פראקציעס, אבער דער פרינציפ פון אויטאקראטיע בלייבט אומבארירט.

די מלוכה פון א פאליטישען באס איז געוועהנליך באגרעניצט אויף איין שטאט, עס זיינען אבער פאראן באסעס, וואס רעגירען איבער א גאנצען שטאט. קיין פאליטישען באס איבער גאנץ אמעריקע האט נאך קיינע פון די גרויסע פארטייען ניט ארויסגעבראכט. אין דער צייט פון פרעזידענט מאק־קינלי (1897—1901) האט א גרויסע דעה איבער אים געהאט מארק האננא, א גרויסער קאפיטאליסט און פאליטישען אין אהייא, וועלכער האט אים געמאכט פאר פרעזידענט.

אבער ער איז פּאַרט געווען נאָר „דער ערסטער צווישן גלייכע" אין דער חברותא פון די רעפּובליקאַנישע פּאָליטישע באָסעס.

די איינציגע פּאַרטיי, וואָס האָט שוין געהאַט אַ „נאַציאָנאַ־לען" באָס (ס'הייסט איבער די פאַראייניגטע שטאַטן אינגאַנצן) איז געווען די סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי („סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי", פאַרקירצט — ס. ל. פּ.). דאָס איז געווען דעניעל דעליאָן. ער האָט געקענט ווערן דער באָס פון דער פּאַרטיי איבער גאַנץ אַמע־ריקע מחמת די פּאַרטיי איז געווען קליין און צאָל מיטגלידער און דאָס רוב פון זיי זיינען געווען קאָנצענטרירט אין ניו יאָרק און אַרום ניו יאָרק. אָבער מיט דער אויסברייטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־באַוועגונג האָט דעליאָנ'ס דיקטאַטור געבראַכט צו אַ גאַנצער רייע שפּאַלטונגען און עס האָט זיך אויסגעלאָזן דערמיט, אַז די פּאַר־טיי איז אַראָפּ פון דער פּאָליטישער סצענע.

אין די גרעניצען פון זיין טעריטאָריע איז יעדער באָס גאַנץ אויי־טאָנאָם; אין אַזעלכע עסקים, וואָס זיינען נוגע צו אַ גרעסערער טערי־טאָריע, ווערט די האַרמאָנישע צוזאַמענווירקונג פון אַלע פאַראינטערע־סירטע באָסעס דערגרייכט דורך אַ קאָנווענשאַן, אויף וועלכער עס טרעפן זיך צוזאַמען די באָסעס מיט זייערע משרתים. די דעלעגאַטן אויף די קאָנווענשאַנס זיינען איינפאַכע סטאַטיסטען. אַלע פראַגן ווערן אַנטשידן אויף געהיימע באַראַטונגען („קאָקוסען") צווישן די וויכטיגערע באָסעס, וואָס האָבן אונטער זיך די גרעסטע צאָל דעלע־גאַטן. אויף די דאָזיגע קאָקוסען שטעלט מען צוזאַמען אַ צעטל פון קאַנדידאַטן („סלעיט") און מען באַשטימט אין פאָראויס די גאַנצע פּראָצעדור פון דער קאָנווענשאַן. יעדער דעלעגאַט שטימט אַזוי, ווי זיין באָס הייסט. די עפענטליכע זיצונגען זיינען ניט מעהר ווי אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג.

פאַר דעם וואָטער בלייבט נאָר די ברירה: וועלכער פון די צוויי פּאָליטישע מאַשינען זאָל ער אָפּגעבן זיין שטימע. אין איין דיסט־ריקט געווינט איין פּאַרטיי, אין אַן אַנדער דיסטריקט די אַנדערע, אָבער וועלכע פּאַרטיי עס זאָל ניט געווינען, באַשטעהן די ערוועהלטע שטאַט־אַדמיניסטראַציע, די לעדזשיסלעיטשור, דער קאָנגרעס, די עק־זעקוטיווע באַאַמטע און די ריכטער פון מענשען, וואָס די פּאָליטישע באָסעס האָבן אויסגעקליבן. דער פּערסאָנאַל פון דער אַדמיניסט־ראַטיווער מאַשין ווערט אָפיציעל אַנגעשטעלט פון דעם מעיאָר, אָדער

פון דעם גאווערנאר, אדער פון דעם פרעזידענט. פאקטיש אבער איז על פי רוב דא אויך די דעה פון די פאליטישע באסעס. אין דער שטאט־אדמיניסטראציע גרייט צו דער באס פון שטאט א צעטעל פון קאנדידאטען אויף די וואקאנטע שטעלען און דער מעיאר שטעלט זיי אן. אין דער אדמיניסטראציע פון דער סטעיט מוז זיך דער גאווער־נאר רעכענען מיט די באסעס פון די גרעסטע דיסטריקטען. אין אזא סטעיט ווי ניו יארק, איז דער באס פון דער שטאט ניו יארק אויך פאקטיש דער באס איבער דעם גאנצען סטעיט.

אויב א מעיאר אדער א גאווערנאר זאל ניט פאלגען דעם באס פון זיין פארטיי, וועט דאס אים דער באס דערמאנען, ווען עס וועט קומען דער יום־הדין. — ער וועט שוין זעהן, אז דער מעיאר אדער דער גאווערנאר זאל א צווייטען מאל ניט ארויסגעשטעלט ווערען אויף דעם צעטעל פון פארטיי־קאנדידאטען.

וואס עס פאסירט מיט א גאווערנאר, ווען ער פאר'עקשנ'ט זיך און וויל ניט פאלגען דעם באס, ווייזט דער ביישפיל פון וויליאם סול־צער'ן. ער איז געווען א געוועהנליכער טעמעני פאליטישען און איז מיט דער הילף פון טעמעני־האל ערוועהלט געווארען עטליכע מאל פאר'ן קאנגרעס און צולעצט פאר דעם אמט פון גאווערנאר פון דעם סטעיט ניו יארק. ווען ער האט דערגרייכט דעם הויכען אמט פון גא־ווערנאר, האט ער געוואלט ווערען אן אנשטענדיגער כלל־טוער (א „רעפארמער") און האט זיך אנטזאגט צו פאלגען דעם דעמאקראטישען באס פון דער שטאט ניו יארק, טשארלז מוירפי. אבער מוירפי האט געהאט אונטער זיין קאמאנדע די אסעמבלי פון דעם סטעיט ניו יארק און ער האט איר געהייסען שטעלען גאווערנאר סולצער'ן אונטער אן אנקלאגע („אימפיטשמענט"). געפינען עבירות אויף א פאליטישען איז ניט שווער, און ווער ווייס נאך אזוי גוט די עבירות פון א פאלי־טישען, ווי דער פארטיי־באס ? דער רעזולטאט איז געווען, אז גא־ווערנאר סולצער איז מיט חרפה ארונטערגעזעצט געווארען פון זיין אמט. דאס איז געווען זיין פאליטישער טויט.

דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען איז מעהר אומ־אפהענגיג, ווי א גאווערנאר. אבער זייענדיג א פארטיי־מאן, מוז ער זיך אויך רעכענען מיט די פארטיי־פירערס. „מיטגלידער פון דעם קאבינעט (מיניסטארען) קלייבט דער פרעזידענט געוועהנליך אויס אליין, הגם ער איז אפט אין דעריין געבונדען דורך זיינע הבטחות פאר

דער וואַל, וואָס ער האָט געמאַכט, צו געווינען די אַקטיווע אונטער־שטיצונג פון געוויסע פּראָמינענטע לייט אין זיין פּאַרטיי".*) וואָס איז שייך די קלענערע עמטער, האָט יעדער קאָנגרעסמאַן און יעדער סענאַטאָר זיין חלק „פּאַטראָנידזש", דאָס הייסט אַ באַשטימטע צאָל עמטער, אויף וועלכע ער מעג רעקאָמענדירען זיינע קאַנדידאַטען דעם פּרעזידענט, און אויף דעם אופן מוז דער פּרעזידענט פּאַקטיש אויס־קלייבען די קאַנדידאַטען, וואָס זיינען רעקאָמענדירט געוואָרען פון זייערע פּאָליטישע באָסעס.

זעהר אַ כאַראַקטעריסטישע געשיכטע וועגען דעם דערצעהלט דער באַרימטער זשורנאַליסט טשאַרלז אַ. דײַנאַ אין זיינע עראינערונגען איבער פּרעזידענט לינקאָלן. אין 1864, ווען דער בירגער־קריג האָט שוין געדויערט גאַנצע דריי יאָר, איז לינקאָלן געקומען צו דער איבער־ציינונג, אַז מען מוז אָפּשאַפען די שקלאַפעריי. דאָס איז געווען „אַ העכסט וויכטיגער קריעגס־מיטעל", זאָגט דײַנאַ. די אַלגעמיינע מיינונג איז געווען, אַז דאָס האָט געהאַט אַזאַ ווערט, ווי אַ מיליאָן סאָלדאַטען אין פעלד. אָבער דערצו איז נויטיג געווען צו אַמענדירען די קאָנסטיטושאַן, און צו די דריי פערטעל פון דער צאָל סטעיטס, וואָס דאַרפען גוטהייסען דעם אַמענדמענט, האָט געפעלט איין סטעיט. מען האָט דעריבער באַשלאָסען צו שאַפען אַ נייעם סטעיט — נעוואַדאַ. אָבער דאָס איז געווען אין יענער צייט אַ ווילדערניס: ביי דער פאָלקס־צעהלונג פון 1860 איז די גאַנצע באַפעלקערונג פון נעוואַדאַ באַשטאַנען פון 6,857 נפשות. נאַטירליך זיינען אין דעם קאָנגרעס געווען אַ סך געגנער פון דעם פּראָיעקט צו מאַכען אַזאַ ניטבאַפעלקערטע טע־ריטאָריע פאַר אַ סטעיט. צום סוף, איין וואָך פאַר דער אָפּשטי־מונג, האָט לינקאָלן געשיקט נאָך דײַנאַ'ן, וועלכער איז דעמאָלט גע־ווען אַ געהילף־קריגס־מיניסטער, און האָט אים געזאָגט, אַז עס איז נויטיג צו האָבען די וואָטעס פון געוויסע דריי קאָנגרעסלייט, כדי דער ביל, צו מאַכען נעוואַדאַ פאַר אַ סטעיט, זאָל אָנגענומען ווערען. ער האָט דעריבער געשיקט דײַנאַ'ן דורכריידען זיך מיט זיי. וואָס איז ווייטער געווען, דערצעהלט דײַנאַ אַזוי:

„וואָס ווילען זיי פאַרלאַנגען?" האָב איך געפרעגט.
„איך ווייס ניט", האָט געענטפערט דער פּרעזידענט. „עס מאַכט ניט אויס, וואָס זיי ווילען פאַרלאַנגען. די ברירה איז צו געווינען ביי

*) Charles A. Beard; American Government and Politics, p. 190. 177.

דער אָפּשטימונג, אָדער צו זיין געצוואונגען צו שאַפען נאָך א מי־ליאָן מענשען, און איך וויים ניט וויפיל נאָך, און פירען א קאַמף ווער וויים ווי לאַנג. די פראגע איז: דריי וואָוטס, אדער נייע אר־מעען."

„מילא, וואָס זאָל איך זאָגען?" האָב איך געזאָגט.

„איך וויים ניט", האָט ער געענטפערט, „אָבער וואָס איהר וועט זיי צוזאָגען, וועל איך טאָן."

דעינא האָט זיך מיט זיי געזעהן. אַלע דריי האָבען געוואָלט שטע־לען פאַר זייערע פּאָליטישע פריינט. דעינא האָט עס זיי צוגעזאָגט, און זיי האָבען געשטימט צו מאַכען נעוואַדאַ פאַר א סטעיט.

„דעם פאָלגענדען פעברואר (1865) איז נעוואַדאַ געוואָרען איי־נער פון די סטעיטס, וואָס האָבען ראַטיפיצירט דעם דריייצענטען אַמענד־מענט, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט די שקלאַפעריי דורך א קאָנסטיטוציאָ־נעלען פאַרבאָט איבער'ן גאַנצען לאַנד."*)

*) Charles A. Dana, "Recollections of the Civil War," pp. 174-177.

## ניינטער קאפיטעל

# די ווירקונג פון דעם פּאַרטיי־סיסטעם אויף די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען.

אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג דאַרף מען אונטערשיידען צוויי גרונט־פּרינציפּען: דעם פעדעראַליסטישען (אין דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם זין) און דעם צענטראַליסטישען. די פּאַר־אייניגטע שטאַטען זיינען אַ פעדעראַציע פון „סאָווערענע" שטאַטען, ד.ה. אומאָפּהענגיגע מלוכות. די פעדעראַלע רעגירונג האָט אין איר רשות נאָר אַזעלכע עסקים, וואָס אין די אויגען פון דעם געזעץ זיינען זיי נוגע די אינטערעסען פון דעם גאַנצען לאַנד. פּאַרקערט, אין דער רעגירונג פון דעם סטעיט גופא הערשט דיזעלבע צענטראַליזאַציע, ווי אין רוסלאַנד פאַר דער רעוואָלוציע.

פולע אויטאָנאָמיע („האָום רול") געניסט נאָר די „טאַון" (די דאָרפישע קהלה) אין ניו־אינגלאַנד, וועלכע האָט עקזיסטירט נאָך איי־סטעיט). די טאַון איז אַ פאַראיין פון יחידים, וועלכע באַטייליגען זיך דער עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען די קאָלאָניע (שפּעטער — דער סטעיט). די טאַון איז אַ פאַראיין פון יחידים, וועלכע באַטייליגען פערזענליך אין אַלע קהל'שע עסקים, וואָס זיינען נוגע צו יעדען איי־נעם פון זיי. פּאַרקערט, די פאַרוואַלטונג פון די שטעט, איז געבויט אויף דעם רעפּרעזענטאַטיווען פּרינציפּ. דער כח פון די פּאַרטרעטער דאַרף באַשטימט ווערען דורך דעם געזעצגעבער. בשעת די קאָלאָניעס האָבען זיך ערקלערט אומאָפּהענגיג זיינען אין די דרייצען קאָלאָניעס כּל־הכּל געווען פינף שטעט, און יעדע פון זיי איז געווען פאַרוואַלטעט אויף דעם סמך פון אַ ספּעציעלען קעניגליכען טשאַרטער. פון אַן אַלגעמיינעם געזעץ בנוגע צו דער פאַרוואַלטונג פון שטעט, האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין, מחמת אין קיין איינציגער קאָלאָניע איז

ניט געווען מעהר ווי איין שטאט. ווען די קעניגליכע מאכט איז אפ־
געשאפט געווארען, איז דאס רעכט ארויסצוגעבען טשארטערס צו די
שטעט איבערגעגאנגען צו דער לעדזשיסלעיטשור. אזוי האט זיך גע־
בילדעט די יוריסטישע טעאריע, אז „די שטאט איז א באשעפעניש
פון דער לעדזשיסלעיטשור". היות ווי די לעדזשיסלעיטשור בא־
שטימט דעם רשות פון דער שטאט־פארוואלטונג, האט זי באהאלטען
פאר זיך דאס רעכט אויסצובערייטען אדער צו פארשמעלערן דעם
דאזיגען רשות.

די באפעסטיגונג פון דעם פארטיי־סיסטעם אין דער שטאט־
פארוואלטונג האט באפעסטיגט די דאזיגע טעאריע איבער די באצי־
אונגען פון דער שטאט צו דעם סטעיט. די רעפארמערס, וואס פלע־
גען זיך פון צייט צו צייט אויפכאפען פון זייער כראנישען שלאף,
האבען געזוכט אפצושאפען די מיסברויכען פון דער שטאטישער פא־
ליטישער מאשין דורך דער באשרענקונג פון די רעכטען פון זעלבסט־
פארוואלטונג. די רעזולטאטען זיינען געווען פונקט דער היפוך פון
דעם, אויף וואס די רעפארמערס האבען געהאפט. אום אפצוטאן
זייערע לינקע ביזנעס, האבען די שטאטישע פאליטישענס נאר גע־
מוזט געבען א חלק די ישב'ניקעס אין דער לעדזשיסלעיטשור. דער־
מיט איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט פאר פאליטישע מאשינען,
וואס זייער מאכט איז פארברייט איבער'ן גאנצען סטעיט.

זייענדיג די בעל־הבית'טע איבער דער פארוואלטונג פון די שטעט,
איז די לעדזשיסלעיטשור אזוי ווי א פעסטונג, וואס באשיצט די
פאליטישע מאשין געגען די אטאקעס פון דער לאקאלער אפאזיציע.
ווען א מאכערייי אין דער שטאט־פארוואלטונג באגעגענט אן אפאזיציע
מצד דער מאיאריטעט פון די וואוטערס פון דער שטאט, דעמאלט קע־
נען די פאליטישענס ארויפווארפען די שוהל אויף די לעדזשיסט־
לעיטשור. דער וואוטער איז ניט באקאנט מיט די עסקים פון אן
אנדער שטאט און עס איז גאר ניט זיין דאגה, ווי זיין פארטרעטער
אין דער לעדזשיסלעיטשור וועט שטימען איבער די דאזיגע עסקים.
אויב עס איז נויטיג פאר די אינטערעסען פון דער מאשין, קען די
לעדזשיסלעיטשור ארויסנעמען פון דעם רשות פון דער שטאט־פאר־
וואלטונג א גאנצען קלאס שטאטישע עסקים און איבערגעבען זיי צו
א ספעציעלער קאמיסיע, וואס ווערט באשטימט פון דעם גאווערנאר
אדער פון דער לעדזשיסלעיטשור גופא. א ביישפיל איז די „פאבליק

סוירוויס קאַמישאַן" פון ניו יאָרק, וועמעס מיטגלידער פאַר דער שטאָט ניו יאָרק ווערען באַשטימט פון דעם גאָווערנאָר. עס האָט זיך גע־טראָפען, אז די גאַנצע זעלבסטפאַרוואַלטונג פון א שטאָט איז אָפּגע־שאַפט געוואָרען און דעם גובערנאַטאָר פון דעם סטעיט איז איבער־געגעבען געוואָרען די מאַכט אַנצושטעלען אויף איר אָרט א ספּעציעלע קאָמיסיע פון באַאַמטע (טשינאָווניקעס). אַזאַ קאָמיסיע האָט איין צייט רעגירט איבער דער שטאָט פּיטסבורג.

א דאַנק אָט דער צענטראַליזאַציע, איז די גאַנצע צייט פון דער לעדזשיסלעיטשור פאַרנומען מיט טויזענטער ריין לאָקאַלע בילס, וואָס קיין מיטגליד, ווי געוויסענהאַפט ער זאָל נים זיין, קען פּשוט נים באַקענען זיך אפילו מיט די קעפּלעך זייערע. וועגען דעבאַטען קען אונטער אַזעלכע אומשטענדען נאַטירליך גאָר קיין רייד נים זיין.

די בילס פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער ווערען באַטראַכט אין קאָמיטעס, די מאַיאָריטעט אין יעדער קאָמיטע געהערט אימער צו דער הערשענדער פּאַרטיי. יעדער מיטגליד פון דעם דאָזיגען פאַר־לאַמענט פון דעם סטעיט שטימט געוועהנליך אַזוי ווי זיין פּאַרטיי הייסט אים. אין ריין לאָקאַלע אַנגעלעגענהייטען איז איינגעפירט דער סיסטעם פון „געגענזייטיגער הילף", אַזוי צו זאָגען.*) יעדער געזעצגעבער, וועלכער איז פאַראינטערעסירט אין ערגעץ א לאָקאַלען ביל, קומט דורך מיט די מיטגלידער פון דער נויטיגער קאָמיטע און זיין ביל ווערט אָנגענומען בלינדערהייט, אָהן דעבאַטען, קיינער לייענט אים אפילו נים. אַזוי ווי יעדער געזעצגעבער איז א מיטגליד פון ערגעץ א קאָמיטע, טאָ פירט מען זיך נאָך דעם מנהג: „דו קראַץ מיך, איך קראַץ דיך".

צוליב דעם קאַמף פון די דערפער געגען די שטעט אין דעם אָנ־פאַנג פון דער אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיגקייט, וואָס איז אַרויסגע־קומען פון דעם קאַמף צווישען די פאַרמערס און די מלוים, געפינט זיך

*) אויף ענגליש הייסט דאָס „לאָג ראָולינג" — בוכשטעבליך: קאַטשע־נען קלעצער. דער אויסדרוק שטאַמט פון דעם פּאַרציוטיגען מנהג ביי די קאָלאָניסטען אין אַמעריקע, אַז ווען איינער פלעגט דאַרפען בויען א הויז פאַר זיך, פלעגט ער פאַרבעטען צו זיך זיינע שכנים אויף א סעודה, און יעדער פון די געסט פלעגט קומען מיט א וואָגען און העלפען דעם בעל הבית ברענגען צו פירען די קלעצער פון וואַלד. דער בעל־הבית איז געווען מאָראַליש פאַר־פליכטעט צו העלפען זיינע געסט, ווען זיי האָבען אים שפּעטער איינגעלאַדען צו זיך פאַר דעמזעלבען צוועק. אַזאַ מנהג האָט נאָך אין אונזער צייט עקזיס־טירט צווישען די רוסישע פּויערים, — מען רופט עס „פּאָמאָטש".

די הויפטשטאט פון דעם סטעיט ערגעץ אין א פארלעגענער קליין שטעטעל, ווייט פון דעם אמת'ן צענטער פון דעם סאציאלען לעבען פון דעם סטעיט. די מאגערע באריכטען איבער די זיצונגען פון דער לעדזשיסלעטשור, וואס ווערען געדרוקט אלס לאקאלע נייעס אין די צייטונגען פון דער שטעטעל, ווערען ניט איבערגעדרוקט אין דער פרעסע פון די גרויסע שטעט, וואס ווערט געלעזען פון דעם גרויסען עולם, סיידען עס ווערט אויפגעדעקט א קאלאסאלער שווינדעל, אדער אן אנדער סענסאציאנעלע פאסירונג. די גאנצע ארבייט פון דער לעדזשיסלעטשור ווערט אויף דעם אופן פאקטיש אפגעטאן בסוד, און דאס איז ווי געוואונשען פאר לינקע ביזנעס. עקס־פרעזידענט רוזוועלט, וועלכער האט אנגעהויבען זיין פאליטישע קאריערע אלס אסעמבלימאן אין דער לעדזשיסלעטשור פון דעם ניו יארקער סטעיט, האט וועגען דעם געשריבען אזוי:

„אז אלבאני*) איז פול מיט פאליטישער אומערליכקייט, מיט מאראלישער פייגהייט און כאבאר, וועט קיינער ניט צווייפלען, וואס האט נאר געהאט פערזענליכע ערפארונג אין דער לעדזשיסלעטשור".

לויט דער מיינונג פון לארד ברייס, דעם מחבר פון א בארימטען בוך איבער דער אמעריקאנער רעפובליק און שפעטער אמבאסאדאר פון ענגלאנד אין די פאראייניגטע שטאטען, הערשט אין דער לעדזשיסלעטשור פון ניו יארק און פענסילווייניא „אזא ארגיע פון באשטעכונג, גנבה און פראסטיטוציע פון דער געזעצגעבונג פאר פריוואטע אינטערעסען, וועלכע די וועלט האט זעלטען ווען געזעהן"**). ווער עס לעזט נאר די אמעריקאנער צייטונגען ווייס גאנץ גוט, אז ניו יארק און פענסילוועניא זיינען בשום אופן ניט קיין אויסנאמען, דאס איז אן אלגעמיינע ער־שיינונג אין דעם אמעריקאנער פאליטישען לעבען.

קיין אלגעמיינע פאליטישע מאשין, וואס איר מאכט זאל ארייננעמען אלע סטעיטס, איז נאך אין קיינער פון די גרויסע פאליטישע פארטייען ניטא. די סענאטארען און די קאנגרעסלייט זיינען אפהענגיג נאר פון זייערע לאקאלע פארטיי־ארגאניזאציעס. די אייניגקייט פון דער פארטיי־טעטיגקייט אויף דעם געביט פון פעדעראלער געזעצגעבונג ווערט דערגרייכט דורך דער ארגאניזאציע פון דעם קאנגרעס.

*) „אלבאני", די הויפט־שטאט פון דעם סטייט, ווערט דא געברויכט ווי א פיגור, אנשטאט דער לעדזשיסלעטשור.

**) Bryce, "The American Commonwealth," Vol. I, p. 450.

ביי דער ערעפענונג פון דער ערסטער סעסיע פון א נייעם קאנגרעס קלייבט די רעפרעזענטאנטען־הויז א נייעם פארזיצענדען — מען רופט אים נאך דער אלטער ענגלישער פארלאמענטארישער טראדיציע „ספיקער".*) לויט די כללים פון דער רעפרעזענטאנטען־הויז איז ער כמעט אן אומבאשרענקטער מאנארך.**) די גאנצע ארבייט פון דער הויז ווערט פאקטיש געטאן אין די פארשיידענע קאמיטעס, וואס גרייטען צו די בילס. ביז 1910 האט דער ספיקער אליין געהאט די מאכט צוזאמענשטעלען אלע קאמיטעס. דער ספיקער קען געבען דאס ווארט וועמען ער וויל. א מיטגליר קען אמאל אפזיין דעם גאנצען טערמין און קיינמאל ניט האבען קיין געלעגענהייט צו ריידען, אויב דער ספיקער געפינט ניט פאר נויטיג אים צו געבען דאס ווארט. ער פסק'ענט אלע שאלות בנוגע צו דער פארלאמענטארישער ארדענונג. געגען זיינעם א באשלוס קען מען פאקטיש ניט אפעלירען. אמת, על פי דין, לויט די פארלאמענטארישע „רולז" (כללים), מעג מען יע אפעלירען פון דעם ספיקער'ס באשטימונג צו דער גאנצער הויז, היות אבער ווי דער ספיקער האט הינטער זיך די מאיאריטעט פון די מיטגלידער, וואלט אן אפעלאציע צו דער הויז דעם אומצופרידענעם ניט געהאלפען.

אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז, וואס איז אויסגעקליבען געווארען אין 1908, האט אויסגעבראכען א בונט געגען דער אויטאקראטישער מאכט פון דעם ספיקער. די מאיאריטעט אין רעפרעזענטאנטען־הויז האט זינט 1895 געהערט צו דער רעפובליקאנער פארטיי און דער פירער פון דעם רעאקציאנערען פליגעל פון דער פארטיי דזשאזעף קעננאן איז געוועזן דער ספיקער זינט 1903. די „אינסורגענטען" זיינען געוועזן פראגרעסיווע רעפובליקאנער, זיי האבען געוואלט מאכען א סוף

---

*) דער נאמען „ספיקער" שטאמט פון דעם פערצענטען יארהונדערט. אין יענער צייט איז דער ענגלישער קעניג נאך געוועזן אן אמת'ער הערשער איבער דער מלכוה, און די אונטערהויז פון דעם פארלאמענט („האוס או קאמאנז") האט געהאט אן ערך אזא פלאץ אין דער רעגירונג, ווי ד ירוסישע דומא אונטער ניקאלאי דעם צווייטען. דער פארזיצענדער פון דער האוס או קאמאנז" איז געוועזן איר פארטרעטער, וואס האט גערעדט אין איר נאמען מיט דעם קעניג און מיט אנדערע פארטרעטער פון דער רעגירונג. דעריבער האט ער געקראגען דעם נאמען „רעדנער". אין פארלאמענט גופא רעדט ער גאר ניט. אין דעם אמעריקאנער קאנגרעס רעדט דער ספיקער אויך נאר אלס אן אויסנאם, און ווען ער וויל נעמען דאס ווארט, גיט ער איבער דעם פארזיץ צו אן אנדער מיטגליד פון דער „הויז", ד. ה. בעת ער האנדעלט אלס ספיקער, האלט ער קיין רעדעס ניט.

**) טאמאס ב. ריד, וועלכער איז געוועזן ספיקער פון 1889 ביז 1891 און פון 1895 ביז 1899, האט טאקע געקראגען דעם שפיצנאמען „צאר ריד".

צו דער אויטאקראטיע פון דעם ספּיקער. אין מערץ 1910 האבן זיי אריינגעבראכט א פארשלאג, אז די וויכטיגסטע קאמיטע — די „קאַ־מיטע אַן רולז" (די קאמיטע איבער דער געשעפטס־פירונג), זאל באַ־שטעהן פון ערוועהלטע פארטרעטער פון יעדער פּארטיי און דער ספּי־קער זאל אין איר ניט זיין קיין מיטגליד. נאך א ביטערן קאמף האבן די פּראגרעסיווע רעפּובליקאנער מיט דער שטיצע פון די דע־מאקראטען אויסגעפירט. דאס האט באשרענקט די מאכט פון דעם ספּיקער. צו זיין אבער זיכער מיט דעם זיג, האבן די „אינסורגענ־טען" געמאכט א פארשלאג צו ערוועהלען אויף דעם פּלאץ פון קענאָנ'ען א נייעם ספּיקער, יואס זאל זיין פארפּליכטעט איינצופירען פרייהייט פון דעבאטען. די אינסורגענטען האבן גערעכענט אויף דער אונ־טערשטיצונג פון דער דעמאקראטישער פּארטיי, וועלכע איז דעמאלט געווען אין דער אָפּאָזיציע. ווען די גאַנצע דעמאקראטישע פּארטיי אין דעם קאנגרעס וואלט געשטימט צוזאמען מיט די אינסורגענטען, וואלטען זיי געהאט א מאיאריטעט און וואלטען געקענט אויסקלייבען אן אייגענעם קאנדידאט פאר ספּיקער. אבער אין דעם קריטישען מאָ־מענט האט זיך די הערשענדע רעפּובליקאנער קליקע געווענדעט נאך הילף צו טעמעני האל, און אלע דעמאקראטישע קאנגרעסלייט פון ניו יארק האבן געקראגען אַן אָרדער צו שטימען פאר קענאָנ'ען אלס ספּיקער.*) אויף דעם אופן האבן זיך די מאשין־פּאליטישענס פון ביידע פּארטייען פאראייניגט, אום אויפצוהאלטען די אויטאקראטיע פון דעם ספּיקער אין קאנגרעס.

אלס רעזולטאט פון דעם קאמף פון די רעפּובליקאנער אינסורי־גענטען געגען די רעאקציאנערע רעפּובליקאנער האט ביי די וואלען אין נאוועמבער פון דעמזעלביגען יאר די רעפּובליקאנער פּארטיי, דעם ערסטען מאל זינט 1894, פארלארען די מאיאריטעט אין רעפּרעזענ־טאנטען־הויז. ווען די דעמאקראטישע פּארטיי איז געווארען די בעל־הבית'טע איבער דער רעפּרעזענטאנטען־הויז, האט זי ביי דער ערסטער סעסיע אין 1911 איינגעפירט, אז אלע קאמיטעס זאלען באשטעהן פון ערוועהלטע פארטרעטער פון די פּארטייען. דאס האט פארקלע־נערט די מאכט פון דעם ספּיקער, אבער פאקטיש איז דערמיט זיין

*) נאר איין איינציגער דעמאקראטישער קאנגרעסמאן פון ניו יארק האט ניט געפאלגט דעם באפעל און האט געשטימט פאר דעם קאנדידאט פון דער פאראייניגטער אפאזיציע.

דעה איבער דער צוזאמענשטעלונג פון די קאמיטעס נאך איבעריגע גאנגען צו דעם פארזיצענדען פון דער „קאמיטע אן וועיז ענד מינז“ — ווארט פאר ווארט מיינט דאס: קאמיטע איבער מעטאדען און מיטלען. אין אלע אנדערע הינזיכטען איז די מאכט פון דעם ספיקער געבליבען אזוי אומבאשרענקט ווי פריער.

די געזעצגעבערישע טעטיגקייט פון דעם קאנגרעס ליידט פון דער זעלבער צרה, ווי די טעטיגקייט פון די לעדזשיסלעיטשורס פון די איינצעלנע סטעיטס, — דאס איז דער פרינציפ פון צענטראליזאציע. די גרעניץ צווישען דעם רשות פון קאנגרעס און פון די לעדזשיסט־לעיטשורס פון די סטעיטס איז ניט באשטימט אזוי, אז דער קאנגרעס זאל זיך פארנעמען מיט די עסקים וואס זיינען נוגע צו דעם גאנצען לאנד און די סטעיטס זאלען זיין די בעלי־בתים איבער אלע לאקאלע עסקים. די גאנצע געזעצגעבערישע טעטיגקייט איז איינגעטיילט אין צוויי באזונדערע געביטען, איינער געהערט צו דעם קאנגרעס, דער אנדערער צו דער לעדזשיסלעיטשור. אויף דעם אופן האט דער קאנגרעס צו טאן מיט א סך לאקאלע עסקים. אחוץ דעם האט דער קאנגרעס די דעה איבער א סך ריין־אדמיניסטראטיווע פרטים, וואס וואלטען געקענט באזארגט ווערען פון דער אדמיניסטראציע לויט אן אלגעמיינעם געזעץ.*) דער רעזולטאט פון אזא צענטראליזאציע איז, וואס אין יעדער סעסיע פון דעם קאנגרעס ווערען אריינגעטראגען טויזענדער בילס.**) יעדער ביל ווערט איבערגעגעבען צו דער באַטרעפענדער קאמיטע, און עס הענגט אינגאנצען אפ פון איר צו באַטראכטען דעם ביל און אריינברייגען אים פאר די באטראכטונג פון דער גאנצער רעפרעזענטאנטען־הויז, אדער „באגראבען אים אין דער קאמיטע“, אויף דעם אמעריקאנער פארלאמענטארישען לשון. א סך בילס ווערען אריינגעבראכט אין דעם קאנגרעס צוליב צו טאן די

*) צום ביישפיל פענסיעס פאר וועטעראנען פון די פארשיידענע מלחמות און זייערע אלמנות און יתומים ווערען באוויליגט אין יעדען איינצעלנעם פאל פון דעם קאנגרעס. מען וואלט דאך געקענט מאכען אן אלגעמיינעם געזעץ און איבערלאזען די אנווענדונג פון דעם געזעץ אויף יעדע איינציגע פערזאן צו דער ביורא איבער פענסיעס.

**) אין דער סעסיע פון 1889—1891 זיינען אין רעפרעזענטאנטען־הויז אריינגעבראכט געווארען 14,382 בילס, ד. ה. דורכשניטליך 7,164 א יאר. אין דעם ענגלישען פארלאמענט זיינען ארום דערזעלבער צייט, אין 1885, אריינגעבראכט געווארען סך־הכל 481 בילס, ד. ה. דער אמעריקאנער קאנגרעס האט געהאט פופצען מאל מעהר בילס איידער דער ענגלישער פארלאמענט.

וואָוטערס, הגם דער אויטאָר פון דעם ביל וויים אין פאָראויס, אַז ער וועט באַגראָבען ווערען אין דער קאָמיטע. אין יעדער קאָמיטע גע־הערט די מאַיאָריטעט צו דער פּאַרטיי, וואָס הערשט אין רעפּרעזענ־טאַנטען־הויז. דעריבער שפּיגעלט אָפּ דער באַשלוס פון דער קאָמיטע די שטעלונג פון דער הערשענדער פּאַרטיי אין דער הויז. ווען אַ קאָ־מיטע ברענגט אריין אַ ביל אין הויז, ווערט ער על פּי רוב אָנגענומען אָהן דעבאַטען. די מערצאָל פון די קאָנגרעסלייט שטימען פאַר דעם ביל ניט וויסענדיג אפילו זיין אינהאַלט, ווייל עס איז פּשוט איבער די מענשליכע קרעפטען צו באַקענען זיך מיט אַלע בילס. פילע בילס ווערען אפילו ניט געשריבען פון די קאָנגרעסלייט אַליין, זיי קריגען די בילס פאַרטיגע פון די אַדוואָקאַטען פון די פּאַראינטערעסירטע קאָרפּאָ־ריישאָנס. יעדע קאָרפּאָריישאָן האַלט אויף אין וואַשינגטאָן אַן איי־גענע דעלעגאַציע צו אונטערהאַנדלען מיט די נויטיגע לייט אין קאָנ־גרעס. דער ביל, אין וועלכען די קאָרפּאָריישאָן איז פּאַראינטערעסירט ווערט אריינגעטראָגען אין דעם קאָנגרעס פון ערגעץ אַ קאָנגרעסמאַן אין זיין אייגענעם נאָמען און ווערט אָנגענומען, ווי אַ רוטין־געשעפט. די דאָזיגע כאַדאַטאַיעס זיינען באַקאַנט אויף דעם אמעריקאַנער פּאַר־לאַמענטאַרישען לשון אונטער דעם נאָמען „לאָבבי“ (פּירהויז). די לאָבבי איז באַצייכענט געוואָרען פון אַ וויצלער אלס „די דריטע קאַמער פון דעם קאָנגרעס“.

די אָרגאַניזאַציע און די געשעפטספירונג פון דער רעפּרעזענטאַנ־טען־הויז האָבען געבראַכט דערצו, אַז זי האָט אינגאַנצען פאַרלאָרען דעם כאַראַקטער פון אַ באַראַטענדער קערפּערשאַפט. זי איז אויך ניט קיין עפענטליכע פּלאַטפאָרמע, פון וועלכער די דעפּוטאַטען זאָלען קענען „ריידען צום פאָלק איבער די קעפּ פון זייערע קאָלעגען“, ווי די ערסטע דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטען האָבען זיך אויסגעדריקט מיט פופציג יאָר צוריק, בשעת ליבקנעכט און בעבעל זיינען צום ערסטען מאָל ערוועהלט געוואָרען פאַר דעם דייטשען פּאַרלאַמענט. ווי גע־זאָגט, האָט דער איינצעלנער קאָנגרעסמאַן ניט דאָס רעכט צו קריי־גען דאָס וואָרט, ווען ער פאַרלאַנגט, עס העגגט אָפּ פון דער לאַסקע פון דעם ספּיקער אים צו „אנערקענען“ (ד. ה. געבען אים דאָס וואָרט), אָדער ניט. די דעבאַטען איבער יעדער פראַגע קענען געשלאָסען ווע־רען צו יעדער צייט, ווען די מאַיאָריטעט באַשטימט. די דעבאַטען אין דער אונטערהויז, ווי דער באַקאַנטער צייטונגס־אַרויסגעבער

הווירסט האט זיך אמאל אויסגעדריקט אין קאנגרעס, בשעת ער איז געווען א קאנגרעסמאן, זיינען ניט מעהר ווי אן „ארויסבלאזונג פון געקייטען ווינט“. קיינער הערט זיך געוועהנליך ניט צו צו די רעדעס, ווייל דער רעזולטאט פון די דעבאטען הענגט ניט אפ פון די ארגו־מענטען פון די רעדנער, נאר פון דער איינטיילונג פון די שטימען צווישען די פארטייען, אדער, אויב עס איז ניט קיין פארטיי־פראגע, איז פון די אפמאכען הינטער די קוליסען צווישען פאראינטערעסירטע קאנגרעסלייט אויף דעמזעלביגען שטייגער ווי אין די לעדזשיסלעיט־שור פון די סטעיטס. אפילו די אקוסטישע איינריכטונג פון דער רעפ־רעזענטאנטען־הויז איז אזא, אז מען קאן גאר קוים הערען די רעדעס. דעריבער איז אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז געווארען א מנהג, אנ־שטאט צו האלטען רעדעס, זיי אנצושרייבען און אפצודרוקען דירעקט אין דעם טעגליכען אפיציעלען באריכט פון די פארהאנדלונגען, דעם „קאנגרעשאנאל רעקארד“. די עקזעמפלארען פון דעם „קאנגרעשאנאל רעקארד“ מיט דער אפגעדרוקטער רעדע, וואס דער קאנגרעסמאן האט ניט געהאלטען, ווערען פאנאנדערגעשיקט פון דעם אפיס פון דעם שווייגעדיגען אראטאר צו אלע וואוטערס פון זיין דיסטריקט, און דאס רוב פון זיי ווייסען גאר ניט, אז די דאזיגע רעדע איז קיינמאל ניט געהאלטען געווארען.*) זעהר אפט ווערען די דאזיגע רעדעס געשריבען פון דעם קאנגרעסמאנ׳ס סעקרעטער. אין וואשינגטאן זיינען פאראן ספעציעלע ליטערארישע ביוראס, וואס נעמען אן באשטעלונגען אויף רעדעס פון יעדער פארטיי אדער ריכטונג און איבער יעדער פראגע.

בעת אין ענגלאנד האט די אונטערהויז פון פארלאמענט געוואונען די גאנצע פארלאמענטארישע מאכט און די אויבערסטע קאמער — „דהי האוס אוו לאדז“ — האט פארלארען יעדע באדייטונג, איז די אנטוויקלונג פון דעם קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאטען געגאנגען

---

*) אסטראגארסקי, אין זיין בארימטען בוך איבער „די דעמאקראטיע און די ארגאניזאציע פון פאליטישע פארטייען“, דערצעהלט דעם פאלגענדען אינ־צידענט:

„אין דער צייט פון די בארימטע דעבאטען איבער דעם קאמפראמיס פון מיסורי, דורך וועלכען עס איז באשטימט געווארען די צוקונפט פון שקלא־פעריי אין די טעריטאריעס, האט א קאנגרעסמאן פון א דיסטריקט אין נארטה קאראליינא, וועלכער האט ארייגענומען די קאונטי פון באנקאם, דוקא גע־וואלט ריידען, כאטש זיינע פריינד האבען אים געזאגט, אז ער דארף ניט. „צוליב באנקאם מוז איך ריידען“, האט ער געענטפערט. זינט יענער צייט איז דער אויסדרוק „באנקאם“ אריין אין דעם פארלאמענטארישען לשון, צו באצייכענען אזעלכע רעדעס, וואס האבען ניט דעם צוועק צו באאיינפלוסען די צוהערער“.

פונקט פארקערט. די אויטאקראטיע פון דעם ספיקער צוזאמען מיט דער מאשינאווער געשעפטספירונג האבען געבראכט צו א פאליטישער דעגענעראציע פון דער רעפרעזענטאנטען־הויז, דער סענאט, פארקערט, האט פארנומען דעם אויבענאן.

די פארשער פון דער אמעריקאנער פאליטישער געשיכטע ערקלע־רען די דערהויבונג פון דעם סענאט איבער דער רעפרעזענטאנטען־הויז אויף פארשיידענע אופנים. איין ערקלערונג באשטעהט אין דעם, וואס דער סענאט איז אן עכטע פארלאמענטארישע קערפערשאפט. די צאל סענאטארען איז געוואקסען אין דער צייט פון דער אמעריקאנער גע־שיכטע פון זעקס און צוואנציג סך־הכל ביז זעקס און נייני. די צאל איז אפילו איצטער נאך קליין און גיט יעדערען די מעגליכ־קייט צו רעדען וויפיל ער וויל. אין 1806, ווען עס זיינען אויס־געארבייט געווארען די „רולז" (די כללים) פון דעם סענאט, איז אפגעשאפט געווארען דאס רעכט צו פאדערען „שלוס פון די דעבאַ־טען". דאס האט נאטירליך געגעבען דער מינאריטעט א ברייטע מעג־ליכקייט צו מאכען אבסטרוקציע. ביי פארשידענע געלעגענהייטען, ווען די מינאריטעט האט זיך באנוצט מיט אירע מיטלען פון אב־סטרוקציע, איז פארגעשלאגען געווארען איינצופירען געוויסע באשרענ־קונגען פון דער פרייהייט פון דעבאטען, אבער ביז דער איצטיגער מלחמה זיינען אלע פארזוכען דורכגעפאלען, ווייל די וואגשאל צווישען די צוויי גרויסע פארטייען האט זיך אימער געשאקעלט אין דער גע־שיכטע פון דעם סענאט, און די הערשענדע פארטיי פון היינט קען זיך אימער ריכטען צו ווערען די אפאזיציע ביי א צוקונפטיגער וואל. די אבסטרוקציע, וואס עלף סענאטארען האבען געמאכט ביי דער ספע־ציעלער סעסיע פון דעם קאנגרעס אין 1917 צו דער ערקלערונג פון קריג מיט דייטשלאנד, האט צום ערסטען מאל געבראכט דערצו, אז „שלוס פון די דעבאטען" איז אויך איינגעפירט געווארען אין סענאט.

די פרייהייט פון די דעבאטען און די מעגליכקייט צו מאכען אבסטרוקציעס האבען געגעבען דעם סענאט א מאכט איבער דער רעפרעזענטאנטען־הויז: ווען א ביל איז דורכגעגאנגען אין דער רעפ־רעזענטאנטען־הויז, קען ער אפגעהאלטען ווערען אין סענאט, אויב געוויסע פונקטען רופען דארטען ארויס אן אפאזיציע, וואס איז שטארק גענוג דעם ביל צו באגראבען ביז נאך דער קומענדער וואל. דעריבער

מוז די רעפרעזענטאנטען־הויז נאכגעבען דעם סענאט. אויף דעם אופן איז די באדייטונג פון דעם סענאט געוואקסען.

דאס איז אבער א ריין אידעאליסטישע ערקלערונג פין דעם וואק־סענדען איינפלוס פון דעם סענאט. עס זיינען פאראן טיפערע מאטע־ריעלע אורזאכען דערצו. ביז דער רעפארמע פון די וואלען פאר סע־נאטארען דורך דעם אמענדמענט צו דער אמעריקאנער קאנסטיטושאן, וואס איז אנגענומען געווארען אין 1913, האט דער סענאט געקראגען דעם שם פון „א קלוב פון מיליאנערען". א טייל פון די סענאטארען זיינען געווען די פאליטישע באסעס פון זייערע סטעיטס, וואס זיינען רייך געווארען פון „פאליטיקס". אנדערע האבען געקויפט זייער זיץ אין דעם סענאט פאר מזומנ'ע געלט. אין דער צייט, ווען מאקקינלי איז געווען פרעזידענט, איז דער רעפובליקאנער סענאטאר, מארק האנא, פון אהייא, אנגעקלאגט געווארען, אז ער האט אונטער־געקויפט די מאיאריטעט פון דער לעדזשיסלעיטשור פון זיין סטעיט און איז אויף דעם אופן ערוועהלט געווארען פאר דעם סענאט. עס איז געמאכט געווארען אן אונטערזוכונג, אבער די רעפובליקאנישע מאיא־ריטעט פון דער קאמיסיע, וואס האט אונטערזוכט די קלאגען, האט זיי צוריקגעוויזען; די דעמאקראטישע מינאריטעט אבער, וואס איז בא־שטאנען פון די אונטערשטיצער פון זיין רעפובליקאנער געגנער און פון דעמאקראטען, האט זיך אויסגעשפראכען, אז די באשולדיגונג איז בא־וויזען געווארען. די אומאפהענגיגע עפענטליכע מיינונג האט בשעת־מעשה געהאלטען מיט דער מינאריטעט. אן אנדער ביישפיעל איז די געשיכטע מיט דעם קופער־קעניג קלארק, פון מאנטאנא. ער איז ערוועהלט געווארען, און דעם מאל האט מען אים שוין געלאזען צורוה אויך אנגעקלאגט געווארען, אז ער האט אונטערגעקויפט די לעדזשיסט־לעיטשור. די אונטערזוכונגס־קאמיטע פון דעם סענאט האט אים גע־פונען שולדיג און האט אים צוריקגעוויזען. אבער ביי דער נעקסטער סעסיע פון דער לעדזשיסלעיטשור פון מאנטאנא איז ער ווידער ערוועהלט געווארען, און דאס מאל האט מען אים שוין געלאזען צורו. אזוי לאנג, ווי די סענאטארען פלעגען ערוועהלט ווערען פון די לעד־זשיסלעיטשורס, איז לייכט געווען צו קויפען א זיץ אין סענאט. גע־וועהנליך פלעגען אזעלכע זאכען אפגעהן גלאט, סיידען ווען עס איז פארגעקומען א מחלוקת אין דער אייגענער פארטיי פון דעם קאנדי־דאט, און זיינע געגנער האבען אויסגעזאגט פון חדר.

דער נייער וואל־געזעץ פאר דעם סענאט, האט קיין ענדערונג אין זיין צוזאמענשטעלונג ניט געמאכט, אזוי ווי אונטער דעם אלטען וואל־געזעץ ווערען נאך אלץ דיזעלבע סענאטארען ווידער ערוועהלט איין טערמין נאך דעם אנדערען, און קיין גרויסע ראדיקאלע ענדערונגען אין דעם גאנצען פערסאנאל פון דעם סענאט קענען ניט פארקומען אהן אן אלגעמיינער ענדערונג אין דעם פאליטישען פנים פון לאנד. אין דעם סענאט זיינען פאראן דירעקטארען פון אייזענבאן־קאמפאניעס און אנדערע גרויסע קאפיטאליסטישע קארפאריישאנס, וועלכע זיינען פאראינטערעסירט אין דער געזעצגעבונג. אויף דעם אופן איז דער סענאט געווארען דער דירעקטער פארטרעטער פון קאפיטאל. „דער סענאט האט מקיים געווען אין א גרעסערער מאס ווי ערגעץ אן אנדער צווייג פון דער רעגירונג די ערווארטונגען פון די גרינדערס” (פון דער קאנסטיטושאן), זאגט פראפעסאר סמיט. „ער איז געפלאנעוועט געווען צו זיין דער פארטרעטער פון קאנסערוואטיזם און רייכטום, און א סאלידע און דויערענדע פעסטונג געגען דעמאקראטיע. אז ער האט ערפילט דעם צוועק פון די גרינדער, קען קוים אפגעלייקענט ווערען”.*)

*) J. Allen Smith, “The Spirit of American Government,” p. 337.

## צענטער קאַפּיטעל

# אַנטי־דעמאָקראַטישע כחות.

דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי־סיסטעם, ווי מיר האָבען געזעהן, איז די רעגירונגס־פאָרמע, דורך וועלכער די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס זיינען צוגעפּאַסט געוואָרען צו דער פּאַקטישער הערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָליגאַרכיע. אָבער די דעמאָקראַטישע פאָרמען אַנטהאַלטען אין זיך פּאָרט די מעגליכקייט פון א באַשרענקונג פון דער מאַכט פון די הערשענדע קלאַסען. דאַריבער גראָבען זיי זיך פאַמעלאַך אונטער דעם פונדאַמענט פון דעמאָקראַטיע.

דער פּרוכטבאַרסטער גרונט פאַר דער אַנטי־דעמאָקראַטישער מלאכה איז די ראַסען־פראַגע. אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען זיינען פאַראַן, נאָך דער לעצטער פאָלקס־צעהלונג (1920), מער ווי צעהן מיליאָן שוואַרצע און געמישטע פאַרביגע, דאָס הייסט קינדער און קינד׳ס־קינדער פון שוואַרצע און ווייסע. די ווייסע באַהאַנדלען די פאַרביגע מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג.

ווי מיר ווייסען, איז דער צוועק פון דעם בירגער־קריג ניט געווען די אָפּשאַפונג פון דער שקלאַפעריי, נאָר די גאַנצקייט פון דעם אמע־ריקאַנער שטאַאַטען־בונד. דאָס ערקלערט, פאַרוואָס אזעלכע לייט ווי האָראַס גרילי, איינער פון די פּיאָנערען פון דעם אַמעריקאַנער סאָצי־אַליזם, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער ניו יאָרקער „טריביון,“*) וועלכע איז געווען דער הויפּט־אָרגאַן פון די „אַבאָלישאָ־ניסטען“, אָדער ווי פּרודאָן, דער באַגרינדער פון דעם פראַנצויזישען אַנאַרכיזם, זיינען געווען געגען גוואַלד־מיטלען צו צווינגען די דרום־

*) קאַרל מאַרקס איז געווען דער איירָאָפּעאישער קאָרעספּאָנדענט פון גרילי׳ס „טריביון“.

סטעיטס צו פארבלייבן א טייל פון די פאראייניגטע שטאטן. די אפשאפונג פון דער שקלאפעריי איז געווען נאר א קריגס־מיטעל אויס־צומאטערן דעם געגנער עקאנאמיש, ער זאל זיך מוזן אונטערגעבן. אבער די באפרייאונג פון די שקלאפן האט געשטעלט די פראגע פון זייערע פאליטישע רעכטן.

אין די צפון־סטעיטס זיינען פאר דעם בירגער־קריג געווען מעהר ווי הונדערט טויזענט באפרייטע שקלאפן מיט זייערע קינדער און קינד'ס־קינדער. דער געזעץ האט זיי באהאנדעלט ווי א נידעריגע קאסטע. אפילו אין יענע סטעיטס, וואו דער אייגענטומס־צענז איז שוין געווען אפגעשאפט פאר די ווייסע וואוטערס, איז ער נאך פאר־בליבן פאר די פארביגע, אין אנדערע סטעיטס האבן זיי גאר קיין שטימרעכט ניט געהאט. זייערע קינדער פלעגט מען ניט אריינעמען אין די אלגעמיינע סקולס. אפילו די אבאלישאניסטען, וועלכע האבן זיך פארנומען מיט דעם אריבערטראנספארטירען פון אנטלאפענע שקלאפן קיין קענעדע,*) זיינען געווען דאגעגען, אז זייערע קינדער זאלען זיך לערנען צוזאמען מיט די פארביגע אין דיזעלבע סקולס.

אזוי לאנג ווי עס האט געדויערט די מיליטערישע אקופאציע פון דער סאוטה, זיינען די ציווילרעכטע פון די באפרייטע שקלאפן גע־ווען אונטער דעם שוץ פון דער מיליטערישער אדמיניסטראציע. אבער אזא צושטאנד האט געקענט זיין נאר א צייטווייליגער. אזוי גיך ווי עס וואלט ווידער איינגעשטעלט געווארען א נארמאלע ציווילע רע־גירונג אין די דרום־סטעיטס, וואלט קיין זאך ניט געקענט אפהאלטען פון איינפירען די שקלאפעריי פון דאס ניי. אין די ערשטע קאנסטי־טושאנס, וואס זיינען אנגענומען געווארען אין די דרום־סטעיטס באלד נאך דעם בירגער־קריג, זיינען טאקע געווען פונקטען, וואס זיינען גע־צילט געווען פאר דעם צוועק איינצופירען אין א קוים פארמאסקירטער פארמע די געצוואונגענע ארבייט פון די שווארצע. דער קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאטן, וואס האט געדארפט גוטהייסען די קאנ־סטיטושאנס פון די רעבעלישע סטעיטס, איידער זיי זיינען ווידער אריינגענומען געווארען אין דעם פארבאנד, האט די דאזיגע קאנסטי־טושאנס פארווארפען. אבער זיי האבען גאנץ קלאר געוויזען, אז כל־

*) מען האט זיי גערופען „קאנדוקטארס” פון דער „אונטערערדישער אייזענבאהן”.

זמן די שטאטסמאכט אין דער סאוטה וועט פארבלייבען אין די הענט פון דער ווייסער ראסע, וועט די פערזענליכע פרייהייט פון די שווארצע זיין אין געפאר. דער איינציגער מיטעל צו מאכען די איינפירונג פון דער שקלאפעריי אוממעגליך איז געווען צו געבען די באפרייטע שקלאפען פאליטישע גלייכבארעכטיגונג מיט זייערע געוועזענע הארען. דאס איז דערגרייכט געווארען דורך דעם פערצענטען און פופצענטען אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן פון די פאראייניגטע שטאטען.

אין דעם בירגער־קריג האבען זיך געהאט באטייליגט אין די דרום־סטעיטס ארום ניין־צענטעל פון אלע ווייסע זכרים, אנהויבענדיג פון פופצען יאר. ביי זיי אלעמען, אלס געוועזענע בונטאוושטשיקעס, האט דער געזעץ אוועקגענומען דאס שטימרעכט. אויף דעם אופן איז די מאיאריטעט פון די וואוטערס באשטאנען פון באפרייטע שקלאפען. צווישען זיי זיינען כמעט ניט געווען קיין מענשען, וואס זאלען קענען לעזען און שרייבען, ווייל פאר דעם בירגער־קריג איז עס געווען א פארברעכען אין די שקלאפען־שטאטען צו לערנען א שקלאף לעזען. די דאזיגע אומוויסענדע מאסע איז געווען אן אויסגעצייכנעטער פעלד פאר אלערליי ווייסע פאליטישע אוואנטוריסטען.

ניט האבענדיג קיין פאליטישע ערפארונג, זיינען די נעגערס אליין אומפעהיג געווען צו זעלבסטפארוואלטונג אהן זייטיגער הילף. אין די אויגען פון דער פראסטער און לייכטגלויביגער מאסע האט די רעפובליקאנער פארטיי געלייכטען מיט דעם גלאנץ פון איר „באפרייערין". גאנץ נאטירליך האבען די וואוטס פון די נעגערס איבערגעגעבען אין די הענט פון די אנגעלאפענע רעפובליקאנער קאריעריסטען פון די צפון־סטעיטס די העכסטע שטעלען אין דער רעגירונג. די קלענערע שטעלען זיינען איינגעטיילט געווארען צווישען די שווארצע. עס איז געווארען אן אמת'ער יום־טוב פאר פאליטישע גנבים, — וואס מען רופט היינט אויף דעם איידעלען לשון „גראפטערס". אין א קורצער צייט איז דער שטאט־חוב אין די דרום־סטעיטס געוואקסען אומגעהייער. דאס האט געגעבען דער דעמאקראטישער פארטיי מאטעריאל פאר א געשריי געגען „נעגערשער הערשאפט."*) אז דאס איז ניט שייך געווען צו דער ראסע פון די וואוטערס, באווייזט דער פארגלייך פון דער רעפובליקאנישער סאוטה מיט דער דעמאקראטישער שטאט ניו־יארק, אין וועלכער עס האט גראד אין יענער צייט באלעבאטעוועט

*) Negro Domination.

די בארימטע שייקע פון דעם טעמעני־פירער טוויד („טוויד־גענג").
וועלכע האט באַ'גנב'עט די שטאַט־קאסע אויף צוויי הונדערט מיליאן
דאלער. אין ניו־יארק זיינען די שווארצע גאר אן אומבאדייטענדער
טייל פון די וואוטערס, און טוויד'ס באנדע איז געווען די בעל־הבית'־
טע פון דער דעמאקראטישער פארטיי. דאס ווייזט אז די דעמאראלי־
זאציע פון דער אמעריקאנער פאליטיק הענגט ניט אפ פון דער ראסע
פון די וואוטערס, אדער פון די פארטיי־פלאטפארמעס.

עס זיינען אוועק עטליכע יאר נאך דעם בירגער־קריג, און די
געוועזענע אינסורגענטען פון דער „קאנפעדעראציע" פון די דרום־
סטעיטס האבען געקראגען א פאליטישע אמנעסטיע, וואס האט זיי
צוריקגעגעבען די פאליטישע רעכטען. די היימישע פאליטישענס פון
יענע סטעיטס, וועמען די אנגעפארענע רעפובליקאנער און זייערע אונ־
טערשטופערס פון דעם היימישען „ווייסען טינוף,"*) דאס הייסט פון
די ארימע ווייסע, האבען אוועקגעשטופט פון דער קהל'שער שיסעל,
האבען ווידער איינגעהויבען די קעפ. אזוי ווי די פארביגע וואוטערס
זיינען געווען די ציטאדעל פון דער רעפובליקאנער פארטיי, איז אום
איר צו שלאגען נויטיג געווען צו באזייטיגען די שווארצע פון די וואַ־
לען. מיט געזעצליכע מיטלען איז דאס אוממעגליך געווען צו דער־
גרייכען. האבען זיך ארגאניזירט געהיימע שייקעס פון דעמזעלבען
סארט, ווי די רוסישע שווארצע מאות, וואס האבען גענומען טעראריְ־
זירען די פארביגע וואוטערס. מארד, שרפות, פאגראמען זיינען געווען
די געוועהנליכע קאמפסמיטלען פון די מיטגלידער פון דעם „קלאן".
די פארברעכער האבען געהאט די סימפאטיע פון דער ווייסער באפעל־
קערונג און זיינען דעריבער געווען ביי זיך גאנץ זיכער, אז קיין האר
וועט זיי ניט געקרימט ווערען. אין די זעלטענע פאלען, ווען עס פלעגט
שוין יע געלינגען צו פאקען די פארברעכער, האבען זיי געהאט גאנצע
מחנות פאלשע עדות, און ווען עס איז נאר געווען איין ווייסער צווי־
שען די געשווארענע, איז דער אנגעקלאגטער ארויסגעגאנגען ריין.
דער איינציגער שוץ פון די פארביגע איז געווען די פעדעראלע ארמעע,
וועלכע איז נאך פארבליבען אין די דרום־סטעיטס זינט דעם בירגער־
קריג. אבער דער שטענדיגער אריינמישען זיך פון דער ארמעע אין דעם
וואל־קאמף, צוזאמען מיט די קלאגען פון די „דעמאקראטען" פון די

*) "White Thrash."

דרום־סטעיטס אויף דער קארופציאן און די גנבות פון די רעפובליי־קאנער פאליטישע באסעס, האט ארויסגערופען א רעאקציע אין דער עפענטליכער מיינונג פון די אנדערע סטעיטס געגען דער רעפובליקא־נער פאליטיק בנוגע צו די דרום־סטעיטס. אין 1876 איז די ארמעע צוריקגעצויגען געווארען פון יענע סטעיטס. פון יענעם מאמענט הויבט זיך אן אפענער קאמף פאר דער „הערשאפט פון דער ווייסער ראסע".

פון דעם מאמענט, ווען די פעדעראלע ארמעע איז צוריקגעצויגען געווארען פון די דרום־סטעיטס, האט זיך אנגעהויבען אן ארגאניזיר־טער קאמף מיט טעראריסטישע מיטלען געגען די פארבינע וואוטערס. וואו דאס האט ניט געהאלפען, האט די דעמאקראטישע פארטיי פאר־זיכערט פאר זיך די מאיאריטעט מיט אלערליי פארמען פון שווינדעל און פאלשקייטען ביי די וואלען.

די היימישע ווייסע רעפובליקאנער פאליטישענס האבען איינגיכען אויסגעפונען, אז עס לוינט זיך בעסער פאר זיי צוצושטעהן צו דער דעמאקראטישער פארטיי. ארום איר האט זיך אויף דעם אופן צו־זאמענגעשארט די גאנצע ווייסע באפעלקערונג פון די דרום־סטעיטס, ניט אכטענדיג אויף דעם אונטערשייד פון קלאסען־אינטערעסען. אנ־הויבענדיג מיט די נייינציגער יארען פון דעם פארגאנגענעם יארהונדערט זיינען צוזאמענגערופען געווארען אין איין דרום־סטעיט נאך דעם אנ־דערען „קאנסטיטושאנאל קאנוועגשאנס" („אוטשרעדיטעלנע סאבראַ־ניעס", אויף רוסיש־אידיש) צו ענדערען די קאנסטיטושאנס, מיט דעם צוועק איינגאנצען אוועקצונעמען ביי די פארבינע די שטיקעל דעה, וואס זיי האבען נאך געהאט אין דער רעגירונג. די פעדעראלע קאנ־סטיטושאן ערלויבט ניט אוועקצונעמען ביי די פארבינע דאס שטימ־רעכט אפען. האט מען דערגרייכט דעמזעלבען צוועק דורך א „צענז" פאר די וואוטערס: מען האט באשטימט, אז נאר יענער קאן זיין א וואוטער, וואס קען לעזען און שרייבען, אדער וואס פארמאגט אן אייי־גענס פון א געוויסען ווערט. נאך דער פאלקסצעהלונג פון 1910 האט א דריטעל פון די דערוואקסענע נעגערס אין די דרום־סטעיטס ניט געקענט לעזען. דערמיט איז שוין געזיכערט געווארען פאר די ווייסע א מאיאריטעט ביי די וואלען. פון דער אנדער זייט אבער זיינען פא־ראן אין יענע סטעיטס א סך ווייסע, וואס קענען אויך ניט לעזען. האט מען פאר זיי געמאכט אן אויסנאם: עס איז באשטימט געווארען, אז די קינדער פון פאטערס, וואס האבען געהאט דאס שטימרעכט

„פאר 1868", דאס הייסט איידער די שווארצע האבען געקראגען פא־
ליטישע גלייכבארעכטיגונג, געניסען אויך דאס שטימרעכט, אפילו אויב
זיי אליין קאנען ניט לעזען און האבען קיין אייגענטום ניט.

אין 1915 האט די יונייטעד סטעיטס סופרים קאורט (דאס העכס־
טע געריכט פון די פאראייניגטע שטאטען) גע'פסק'ענט, אז א וואל־
געזעץ מיט אזא אויסנאם איז ניט גילטיג, ווייל ער איז געגען דער
קאנסטיטושאן פון די פאראייניגטע שטאטען. מען קען זיך אבער געבען
אן עצה. אין עטליכע סטעיטס האט מען באשטימט דורך דעם געזעץ,
אז א וואוטער מוז „פארשטעהן" די קאנסטיטושאן פון די פאראיי־
ניגטע שטאטען. צי ער פארשטעהט, אדער ניט, דאס באשטימט דער
וואל־באאמטער פון זיין דיסטריקט. דער רעזולטאט איז געווען, אז
שווארצע, וואס האבען אויסגעשטודירט אן אוניווערזיטעט, זיינען ניט
צוגעלאזען געווארען צום שטימען ביי די וואלען, בעת ווייסע, וואס
קענען ניט לעזען, האבען יע אויסגעהאלטען דעם עקזאמען אין דער
אמעריקאנער קאנסטיטושאן.

די אנטשיידונג פון סופרים קאורט קען ניט שטערען די דרום־
סטעיטס איינצופירען אן אלגעמיינעם געזעץ, וואס זאל ניט צולאזען
צום שטימקאסטען קיין בירגער, וועלכער קען ניט לעזען, אהן קיין
אויסנאמען. די צאל ווייסע, וואס וועלען דורך דעם פארלירען דאס
שטימרעכט, איז צו קליין, אז עס זאל דערפון ארויסקומען א געפאר
פאר דער פאליטישער הערשאפט פון דער ווייסער ראסע.

אז די באשרענקונג פון די פאליטישע רעכטע פון די נעגערס איז
אין ווידערשפרוך מיט דעם גייסט פון דער פעדעראלער קאנסטיטושאן,
וועגען דעם קען נאטירליך קיין צוויי מיינונגען ניט זיין; דאס גיבען
צו גאנץ אפען די קעמפער פאר דער הערשאפט פון דער ווייסער
ראסע. אבער די דרום־סטעיטס פיהלען זיך איצטער גאנץ זיכער געגען
דער אריינמישונג פון „זייטיגע לייט" אין זייער „היימישער פאליטיק"
בנוגע צו דער ראסען־פראגע. די דעמאקראטישע פארטיי נויטיגט זיך
אין די שטימען פון יענע סטעיטס ביי די וואלען פאר פרעזידענט,
און דעריבער שטעהט זי אויף זייער זייט אין דער ראסען־פראגע.
אפילו די ראדיקאלע דעמאקראטען — ווי ברייאן, בשעת ער האט נאך
געהאט אן איינפלוס אין דער דעמאקראטישער פארטיי — האבען אי־
מער געפאדערט, אז די צפון־ און מערב־סטעיטס זאלען זיך ניט מי־

שען אין די „היימישע עסקים“ פון די דרום־סטעיטס, און זיי חור'ן איבער די טענות וועגן דער „נים־רייפקייט“ פון דער שווארצער ראסע. אבער די רעפובליקאנער פארטיי איז איצטער אויך מסכים אויף דעם. לויט דעם פערצענטען אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן, וועט די פארטרעטערשאפט אין דער רעפרעזענטאנטען־הויז פון דעם קאנגרעס איינגעטיילט אין פראפארציע צו זייער באפעלקערונג. אבער, אויב א סטעיט באשרענקט דאס שטימרעכט פון זכרים, וואס זיינען עלטער ווי איין און צוואנציג יאר, מעג דער קאנגרעס באשרענקען די פארטרעטערשאפט פון אזא סטעיט אין פראפארציע צו דער באשרענקונג פון דער צאל וואוטערס. אויף דעם גרונד האט דער קאנגרעס, נאך דער פאקסצעהלונגען פון 1900 און 1910 געהאט די געלעגענהייט צו באשרענקען די צאל קאנגרעסלייט פון די דרום־סטעיטס, — אין יענער צייט איז די מאיאריטעט איןביידע קאמערען פון דעם קאנגרעס געווען א רעפובליקאנישע און דער פרעזידענט איז אויך געווען א רעפובליקאנישער, זיי האבען דאס אלזא געקענט דורכפירען געגען דער אפאזיציע פון דער דעמאקראטישער פארטיי. דאס וואלט געמאכט אוממעגליך די ערוועהלונג פון א דעמאקראטישען פרעזידענט געגען א פאראייניגטער רעפובליקאנער פארטיי.*) אבער ווי פראפעסאר בויידזשעס זאגט, „די רעפובליקאנער פארטיי, האבענדיג געשטעלט זיך די אויפגאבע צו מאכען אכט מיליאן אזיאטען אונטערטעניג צו דער אויבערהערשאפט פון די פאראייניגטע שטאטען, האט איבערגעביטען איר בליק אויף די באציהונגען פון די ראסען און האט פאקטיש אנגענומען די אידעען פון דער סאוטה אין דער פראגע. די ווייסע באפעלקערונג פון דער סאוטה האט מעהר ניט וואס צו דאגה׳־

---

*) אין 1916 האט פרעזידענט ווילסאן געקראגען 43 עלעקטארס, פון די פיר שטאטען — סאוטה־קאראליינא, דזשארדזשיא, לואיזיאנא און מיסיסיפי, וואו עס זיינען צוזאמען אפגעגעבען געווארען 404,703 שטימען, דאס האט אויסגעמאכט ווייניגער ווי 10,000 שטימען פאר איין עלעקטאר, בעת אין אלע אנדערע שטאטען, האט די דורכשניטליכע צאל שטימען פאר יעדען עלעקטאר אויסגעמאכט כמעט פיר מאל אזוי פיל, — 18 133,545 אויף 488 עלעקטארס. די צאל עלעקטארס איז גלייך צו דער צאל קאנגרעסלייט און סענאטארס פון יעדען שטאט. ווען דער קאנגרעס וואלט זיך באנוצט מיט דעם פערצענטען אמענדמענט צו דער קאנסטיטושאן, וואלטען יענע פיר שטאטען צוזאמען געהאט העכסטענס אכטצען עלעקטארס. די גאנצע מערהייט פאר פרעזידענט ווילסאן האט באטראפען 23 שטימען פון עלעקטארס. ווען די פארטרעטערשאפט פון די דרום־שטאטען וואלט באשטימט געווארען אין פראפארציע צו דער צאל וואוטערס, וואלט פרעזידענט ווילסאן ניט ערוועהלט געווארען אויף א צווייטען טערמין.

גען, אז די רעפובליקאנער פארטיי, אדער א רעפובליקאנער רעגירונג וועט זיך ווען עס איז נאך אמאל באגייסטערען פאר דעם פוסטען חלום פון דער פאליטישער גלייכהייט פון די מענשען.*)

אז פראפעסאר בוירדזשעס איז געווען גערעכט, האט זיך בולט ארויסגעוויזען אין 1912, ווען עס האט זיך פון דער רעפובליקאנער פארטיי אפגעשפאלטען איר פראגרעסיווער פליגעל, וועלכער האט גע־וואלט נאמינירען רוזוועלט'ן פאר פרעזידענט.

קורץ פאר דעם צוזאמענפאר, ביי וועלכען עס האט זיך ארגאני־זירט די פראגרעסיווע פארטיי, האט רוזוועלט זיך געווענדעט צו א פאליטישען אין אטלאנטא, דזשארדזשיא, מיט א בריף, אין וועלכען ער האט געזאגט, אז נאך זיין מיינונג דארף די גאנצע רעגירונג אין דער סאוטה ליגען אין די הענט פון די ווייסע, און די שווארצע דארפען זיך פארלאזען אויף דער לאסקע פון זייערע ווייסע שכנים: ווען די שווארצע וועלען זיך שעהן אויפפירען, וועלען די ווייסע פאר זיי מוזען האבען דרך־ארץ, און דעמאלט וועלען די שווארצע אויך קריגען א שטימע. ביז יענער צייט אבער וועט די פראגרעסיווע פארטיי זיך שטיצען נאר אויף דער ווייסער ראסע אין דער סאוטה, און די שווארצע וועט זי ניט צולאזען.

די פראגע האט געדארפט פארקומען פאר דער קאנווענשאן. ווען עס האבען זיך געמעלדעט שווארצע דעלעגאטען פון דער סאוטה, האט רוזוועלט געפאדערט אז זיי זאלען אויסגעשלאסען ווערען, אויף דעם גרונד, וואס זיי רעפרעזענטירען ניט קיין וואוטערס. עס האט וועגען דעם אויסגעבראכען א שטארקער סכסוך ביי דער קאנווענשאן, און ווי רוזוועלט אליין דערצעהלט, איז שיעור ניט געקומען צו א שפאלטונג מאקע ביי דער גרינדונג פון דער נייער פארטיי. איינערזייטס זיינען צווישען די דעלעגאטען געווען קאנגרעסלייט פון דער וועסט, וואס אין זייערע דיסטריקטען וואוינען א סך שווארצע וואוטערס, אהן וועלכע זיי האבען ניט געקאנט ווידערערוועהלט ווערען. צווייטענס, זיינען אויך געווען ערליכע אידעאליסטען, ווי צום ביישפיל מיס דזשיין אדאמס, פרעזידענט פון דעם פארבאנד פאר די גלייכבארעכטיגונג פון די נעגערס, — זי האט געהאלטען א הייסע רעדע געגען דעם פארש־

---

*) Burges: Reconstruction and the Constitution, p. 298.

לאַנ, אויסצושליסען די שוואַרצע. ווען עס איז געקומען צו אַ וואָוט, האָט רוזוועלט אויסגעפירט מיט אַ קליינער מאַיאָריטעט.

עס איז דאָ נויטיג צו באַמערקען, אַז אַפילו אין דער אַמעריי־קאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז פאַראַן אַ שטאַרקע אָפּאָרטוניס־טישע שטימונג, וואָס וויל, אַז די פּאַרטיי זאָל זיך ניט מישען אין די ראַסען־פראַגע אין דער סאַוטה.*)

די באַשרענקונג פון דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט פון דער פאַר־ביגער ראַסע האָט געשאַפען אַ רעאַקציע געגען דעם אַלגעמיינעם שטימ־רעכט אויך אין די צפון־סטעיטס. די קאָנסערוואַטיווע „רעפאָרמערס", וואָס שטעלען אַרויס אַלס זייער אידעאַל אַ „גוטע רעגירונג", זעהען איין די אורזאַך פון דער אַלגעמיינער פּאָליטישער דעמאָראַליזאַציע אין דעריין, וואָס דאָס שטימרעכט איז געגעבען געוואָרען דער אומ־וויסענדער מאַסע, וואָס האָט ניט קיין שום באַגריף איבער די אויפ־גאַבען פון דעם שטאַט, וואָס איז גאַנץ גלייכגילטיג צו אירע אייגענע פּאָליטישע אינטערעסען, און וואָס מ'קען לייכט אונטערקויפען. די דאָזיגע רעפאָרמערס באַגריסען די באַשרענקונג פון דעם שטימרעכט אין די דרום־סטעיטס אַלס אַ שריט אויף דעם ריכטיגען וועג, און זיי פאַרדאַמען נאָר די אויסנאַמען, וואָס ווערען געמאַכט לטובת די ווייסע. די דאָזיגע טענות געפינען אימער אַ סימפּאַטישען אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע, וועלכע דריקט אימער אויס די שטימונג פון דעם קאַפּיטאַ־ליסטישען קלאַס און זיינע נאָכשלעפּער.

דער איינציגער פּראַקטישער אויסדרוק, וואָס די דאָזיגע טענדענץ האָט ביז אַהער געפונען, איז דער געזעץ וועגען נאַטוראַליזאַציע, וועל־כער איז אָנגענומען געוואָרען אין 1906. עס האָט געהייסען, אַז דער קאָנגרעס איז אויסען מיט דעם געזעץ אויסצוקלייבען דעם בעסערען סאָרט אימיגראַנטען פאַר בירגער. אין דער פּראַקטיקע אָבער האָט דער געזעץ געמאַכט אַלערליי שוועריגקייטען פאַר אימיגראַנטען, וואָס ווילען ווערען בירגער, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אַ גרויסע צאָל איינגעוואַנדערטע האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט צו ווערען

*) אַ גענויערע אָפּהאַנדלונג איבער די „סאָציאַליסטישע פּאָליטיק און די ניגערס" קען דער לעזער געפינען אין מיינע „שטרייטפראַגען פון סאָצי־אַליזם", צווייטער טייל, צוואַנציגסטער קאַפּיטעל („אויסגעוועהלטע שריפטען", פערטער באַנד), ז. ז. 181—196.

בירגער. דאס זיינען מערסטענס געווען ארבייטער, וואס קענען ניט פארלירען די צייט צו שטעהן און ווארטען אין דער רייע אין די פאר־שידענע קאנצעלאריעס און האבען ניט די מיטלען צו באצאלען זייערע עדות פאר דעם צייט־פארלוסט. ווי מען האט זיך געקענט ריכטען, האבען די אלע שוועריגקייטען אפגעהאלטען פון נאטוראליזאציע דאס רוב ארבייטער. אויף דעם אופן איז געוואקסען דער פראצענט אר־בייטער, וואס האבען ניט קיין פאליטישע רעכטען.

אין די סטעיטס פון דער סויטה, וואו די צאל אימיגראנטען איז זעהר קליין און די שווארצע האבען שוין פאקטיש ניט קיין שטימ־רעכט, ווערט דאס שטימרעכט פון די ווייסע פראלעטאריער באשרענקט דורך א „פאלל־טעקס" (א קאפ־שטייער). געוועהנליך מאנט מען די שטייער ניט און עס קלייבט זיך אן אויף דעם ארימאן א חוב פאר עטליכע יאר. ווען אבער ער מעלדעט זיך צו וואוטען, מוז ער איינ־צאלען די שטייערען פאר דער גאנצער צייט. דאס האלט אפ א גרויסען פראצענט פון די בירגער פון באטייליגען זיך אין די וואלען.

דער פאליטישער אידעאל פון דער אמעריקאנער בורזשואזיע איז די מוניציפיאלע פארוואלטונג פון דער שטאט וואשינגטאן. די שטיק לאנד, אויף וועלכער עס איז אויסגעבויט געווארען די הויפטשטאט פון די פאראייניגטע שטאטען, געפינט זיך אונטער דעם רשות פון דעם קאנגרעס. די שטאט־פארוואלטונג איז געשאפען געווארען אין דעם יאר 1802 און איז באשטאנען פון א שטאט־ראט, וואס איז ער־וועהלט געווארען פון די איינוואוינער, און א מעיאר, וואס איז נעווען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. אין 1812 האט דער קאנגרעס אנגענומען א נייעם געזעץ, וואס האט איי־בערגעגעבען דעם שטאט־ראט דאס רעכט צו ערוועהלען א מעיאר, און אין 1820 האט דער געזעץ נאך ווייטער רעקאמענדירט די שטאט־פארוואלטונג און האט איבערגעגעבען די וואל פון דעם מעיאר דירעקט צו די וואוטערס. אין 1871 איז וואשינגטאן רעארגאניזירט געווא־רען פון א שטאט אין א טעריטאריע. ביז א געוויסער מאס איז דער־מיט אויסגעברייטערט געווארען דער פרינציפ פון זעלבסטפארוואלטונג, ווייל די שטאט וואשינגטאן האט געקראגען אן אייגענע לעדזשיסט־לעיטשור, — א פארלאמענט, וואס האט געהאט דאס רעכט צו מאכען געזעצען. די אונטער־הויז איז באשטאנען פון פארטרעטער פון פאלק,

וואס זיינען געווען ערוועהלט דורך דאס אלגעמיינע שטימרעכט. די אונטער־הויז האט געהאט א גאנצע דעה איבער דעם בודזשעט. א חוץ דעם האט וואשינגטאן, אלס טעריטאריע, געקראגען דאס רעכט צו ערוועהלען א דעלעגאט צום קאנגרעס. פון דער אנדערער זייט אבער איז געשאפען געווארען אן אויבער־הויז, וועלכע איז באשטאנען פון באאמטע, וואס זיינען געווען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט, און אנשטאט דעם ערוועהלטען מעיאר האט די שטאט געקראגען א גובער־נאטאר, וואס איז אויך געווען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט. דער גובערנאטאר האט ביי זיך געהאט א „באארד" (קאמיטע) איבער עפענטליכע ארבייטען, וועלכע איז אויך באשטאנען פון באאמטע, וואס זיינען געווען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט. אבער די דא־זיגע רעפארמע האט געהאט גאר קורצע יארען.

די באפרייאונג פון די שווארצע שקלאפען האט געשאפען א פרא־לעטאריאט פון פיר מיליאן נפשות. דער חורבן פון דער לאנדווירט־שאפט אין די דרום־סטעיטס נאך דעם בירגער־קריג האט געטריבען די באפרייטע שקלאפען אין די שטעט. אין וואשינגטאן האט זייער צאל דערגרייכט א פערטעל פון דער גאנצער באפעלקערונג. דאס אליין האט זיי שוין געגעבען א שטארקען איינפלוס ביי די וואלען. דערצו נאך זיינען א היבשע טייל פון די דערוואקסענע מאנסבילען באאמטע פון דער פעדעראלער רעגירונג, וואס קומען פון אלע עקען פון לאנד און בלייבען פארבונדען מיט זייערע היימישע וואל־דיסטריקטען. זיי האבען דעריבער ניט געהאט קיין שטימרעכט אין וואשינגטאן. די שווארצע זיינען געווען פאראינטערעסירט אין דעם, אז די שטאט זאל אונטערנעמען וואס מעהרער עפענטליכע ארבייטען. און די נייע פארוואלטונג האט טאקע אין דער צייט פון דריי יאר אויסגעגעבען מיליאנען דאלארס אויף פארשיידענע פארבעסערונגען: וואסערלייי־טונג, קאנאליזאציע, ברוקירטע גאסען א. אז. וו. „וואשינגטאן, וואס איז ביז דאמאלס געווען א בלאטיגע שטעטעל, איז פארוואנדעלט גע־ווארען אין א שעהנער שטאט", שרייבט פראפעסאר ווילאובי.

עס פארשטעהט זיך, אז די אלע פארבעסערונגען האבען פאר־גרעסערט די באשטייערונג פון לאנד־אייגענטום. די הויז־אייגענטימער האבען אפען באשולדיגט דעם גובערנאטאר, אז ער האט געהאלפען די קאנטראקטארס (די „פאדראטשיקעס") מעלקען די קהל'שע בהמה. צו

דער זעלבער צייט האט מען ביי די וואלען גאר אפען געקויפט די שטימען פון די שווארצע. די באזיצער פון אייגענטום האבן דאַריבער געפאדערט, אז דער קאנגרעס זאל אפשאפען די זעלבסט־פאַרוואלטונג פון דער שטאט וואשינגטאן, און זיי האבן אויסגעפירט. אין 1874 האט דער קאנגרעס אפגעשאפט די טעריטאריעלע רעגירונג פון וואשינגטאן און האט אנגעשטעלט א פראוויזארישע קאמיסיע צו פארוואלטען די שטאט. אין 1878 איז די קאמיסיע געמאכט געווארען פאר א שטענדיגער אינסטיטוציע.

די גאנצע אדמיניסטראציע ליגט אין די הענט פון דריי קאמי־שיאנערס, וועלכע ווערען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. זיי שטעלען צו דעם סעקרעטערי אוו דהי טרעזשורי (דעם פינאנץ־מיניסטער) א חשבון פון אלע הוצאות, וואס די שטאט דארף מאכען דעם קומענדען יאר, און ער לייגט דאס פאר צוזאמען מיט דעם גאנצען בודזשעט פאר דעם קאנגרעס, וועלכער באווילינגט די סומע אלס א טייל פון די הוצאות פון דער גאנצער מלוכה. די געזעצען פאר דער שטאט וואשינגטאן מאכט דער קאנג־רעס. די דזשאדזשעס (ריכטער) ווערען אנגעשטעלט פון דעם פרע־זידענט פון די פאראייניגטע שטאטען, די איינוואוינער האבען ניט קיין שטימרעכט און האבען ניט קיין שום דעה אין דער רעגירונג.

די גאנצע פרעסע לויבט די דאזיגע אומדעמאקראטישע פארמע פון דער רעגירונג. די שטאט וואשינגטאן האט געקראגען א שם, אז זי האט די בעסטע פארוואלטונג פון אלע אמעריקאנער שטעט. קיין וואלען זיינען ניטא, עס איז אלזא ניטא קיין קאמף פון פאלי־טישע פארטייען און קיינער איז ניט פאראינטערעסירט אין אויפ־דעקען חסרונות אין דער אדמיניסטראציע. די וואשינגטאנער פרעסע האלט אימער מיט דער אדמיניסטראציע, צו וואס פאר א פארטיי זי זאל ניט באלאנגען, ווייל די אדמיניסטראציע האט א סך אפי־ציעלע אדווערטייזמענטס צו פארטיילען.

די אפיציעלע אמעריקאנער וויסענשאפט האלט אויך זעהר שטארק פון דעם אויטאקראטיש־ביוראקראטישען סיסטעם פון דער שטאט־פארוואלטונג, וואס עקזיסטירט אין דער שטאט וואשינגטאן. „אונטער דער היינטיגער פירונג פון די געשעפטען“, שרייבט אן אמעריקאנער פראפעסאר, „איז די פארוואלטונג פון וואשינגטאן בלי־ספק נעהענטער

צום אידעאל פון א סך מוניציפאלע רעפארמערס, — אז די שטאט־באלעבאטישקייט זאל געפירט ווערען אויף דעם זעלבען אופן, ווי א פריוואטע ביזנעס, — איידער די פארוואלטונג פון ערגעץ אן אנדער שטאט פון דער זעלבער גרוים אין די פאראייניגטע שטאטען“.*)

אין דער צייט פון פרעזידענט טאפט'ס אדמיניסטראציע איז אין דער פרעסע ערשינען א גאנצע רייע ארטיקלען, אין וועלכע די וואשינגטאנער שטאט־פארוואלטונג איז געווען באשולדיגט אין דעם, אז זי דינט די אינטערעסען פון די לאנד־ספעקולאנטען, אז פארבעסערונגען ווערען געמאכט אין יענע טיילען פון דער שטאט, וואו עס זיינען פאראן זעהר ווייניג איינוואוינער, כדי צו העכערען דעם ווערט פון לאנד. דאס איז געווען א טייל פון דעם קאמף געגען פרעזידענט טאפט. מיט דער ענדערונג אין דער פעדעראלער אדמיניסטראציע האבען זיך געביטען די פערזאנען אין דער פארוואלטונג פון דער שטאט וואשינגטאן, אבער דער סיסטעם איז געבליבען דער זעלבער.

דער פאקט, וואס די פאלשטענדיגע אפשאפונג פון דעמאקראטיע אין דער פארוואלטונג פון דער הויפטשטאט פון דער אמעריקאנער רעפובליק און די איינפירונג פון א ביוראקראטיע אויף דער שטעל פון זעלבסט־פארוואלטונג איז באגעגענט געווארען גאר גלייכגילטיג פון די איינוואוינער און האט אין דער צייט פון מעהר ווי פערציג יאר ניט ארויסגערופען קיין ערנסטען פראטעסט, נאר פארקערט, אז דער דאזיגער סיסטעם ווערט געלויבט אלס אידעאל, איז א סימן פון דער פאליטישער געזינונג פון דעם אמעריקאנער פאלק.

*) Willoughby, “Territories and Dependencies of the U. S.,” p. 318.

## עלפטער קאפיטעל.

# די אמעריקאנער קאלאניעס.

די פאליטישע שטרעבונגען פון די הערשענדע קלאסען ביים ענדע פון דעם ניינצענטען יארהונדערט האבען געפונען א פרייען אויסדרוק אין די קאלאניעס, וואס די פאראייניגטע שטאטען האבען געוואונען דורך דעם קריג מיט שפאניען.

די אנעקסיעס פון פרעמדע טעריטאריעס, אנהויבענדיג מיט לואיזיאנא, וועלכע איז געקויפט געווארען אין 1803, ביז יוטא, נעווארא, אריזאנא און קאליפארניא זיינען אנגעשלאסען געווארען אן די פאראייניגטע שטאטען נאך דעם קריג מיט מעקסיקא אין 1848, האבען געהאט דעם צוועק די בילדונג פון אומאפהענגיגע סטעיטס. אין דער איבערגאנגס־צייט האט מען געגרינדעט אין די אנעקטירטע לענדער א טעריטאריעלע רעגירונג, וואס האט געגעבען די איינוואוינער די גאנצע דעה איבער דער געזעצגעבונג און דער לאקאלער זעלבסט־פארוואלטונג, איבערלאזענדיג פאר דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען נאר דאס רעכט אנצושטעלען דעם גובערנאטאר און דעם פערסאנאל פון די געריכטען. א טעריטאריע איז געווען א נייע שטיק לאנד מיט א שיטערער באפעלקערונג, וואס האט ניט געקענט פרעטענדירען אויסצוקלייבען צוויי פארטרעטער אין סענאט צוגלייך מיט אנדערע סטעיטס, וואס האבען א גרויסע באפעלקערונג*). אבער יעדע טעריטאריע האט געהאט די אויסזיכט, אז ווען איר באפעלקערונג וועט אויסוואקסען, וועט זי אויך אנערקענט ווערען פאר

*) דאס, וואס א קליינער שטאט, ווי דעלאווער, האט א גלייכע דעה אין דעם סענאט מיט א גרויסען סטייט, ווי ניו־יארק, האט זיך ארויסגעוויזען אין דער פראקטיקע פאר א קוואל פון קארופציאן: אין א קליינעם שטאט איז לייכט אונטערצוקויפען א מערהייט פון די וואוטערס, און צוויי וואוטס אין סענאט האבען אמאל זעהר פיל צו זאגען אין דער אלגעמיינער פאליטיק פון לאנד.

א סטעיט. די פארוואלטונג פון די פיליפינער אינזלען, מיט זייערע אכט מיליאנען איינוואוינער, איז א ראדיקאלער ברוך מיט אלע אמע־ריקאנער טראדיציעס. זיי זיינען ניט קיין טייל פון די פאראייניגטע שטאטען, נאר קאלאניעס פון דער אמעריקאנער מלוכה, אויף דעם זעלבען סמך, ווי די קאלאניעס פון דער בריטישער קרוין. עס איז גאר קיין נפקא־מינה ניט, וואס אין די פאראייניגטע שטאטען איז ניטא קיין פערזענליכער קעניג, ווי אין ענגלאנד. דער ענגלישער קעניג איז היינט צוטאג ניט מעהר ווי די פארקערפערונג פון דער ענגלישער מלוכה אין אירע באציהונגען מיט פרעמדע מלוכות, און אין די פאראייניגטע שטאטען ווערט דאס גאנצע פאלק באטראכט פון דעם געזעץ אלס דער „סאווערען" (קיסר). די באפעלקערונג פון די פיליפינער אינזלען זיינען די אונטערטאנען פון אט דעם מיליאנען־קעפיגען קיסר.

ביז דעם שפאניש־אמעריקאנישען קריג פון 1898 זיינען די פי־ליפינער אינזלען געווען א שפאנישע קאלאניע. מיט דעם אויסברוך פון דעם קריג האבען די פיליפינער אונטער דעם שוץ פון דער אמע־ריקאנער ארמיי זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיג פון שפאניען און האבען געגרינדעט אן אייגענע פראוויזארישע רעוואלוציאנערע רעגי־רונג, אנגענומען א רעפובליקאנישע קאנסטיטוציע און ערוועהלט אן אייגענעם פארלאמענט. אבער לויט דעם פאריזער שלום־אפמאך צווישען די פאראייניגטע שטאטען און שפאניען האט שפאניען אפ־געטראטען איר סאווערעניטעט איבער די פיליפינער אינזלען צו די פאראייניגטע שטאטען. די פיליפינער רעגירונג האט דעם אפמאך ניט געוואלט אנערקענען. זי האט גע'טענה'ט, אז בשעת שפאניען האט אפגעטראטען איר סאווערעניטעט איבער די פיליפניען צו די פאראייניגטע שטאטען, האט זי שוין דעם דאזיגען סאווערעניטעט געהאט פארלארען דורך דער ערפאלגרייכער רעוואלוציע, וואס האט ארויסגעטריבען די שפאנישע באאמטע פון די פיליפינען. דאס האט געפירט צו א קריג, אין וועלכען די פאראייניגטע שטאטען האבען גע־זיגט. די פיליפינער רעגירונג איז ארונטערגעזעצט געווארען און אויף איר שטעל האט דער קאנגרעס פון די פאראייניגטע שטאטען, דורך דעם געזעץ פון 1902, געשאפען א קאלאניאלע רעגירונג.

לויט יענעם געזעץ איז די גאנצע רעגירונג פון די פיליפינען גע־לעגען אין די הענט פון א גובערנאטאר („סיוויל גאווערנאר"), וועל־

כער איז געווען אנגעשטעלט אין זיין אמט דורך דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. ע ר האט געהאט די זעלבע מאכט, ווי דער וויצע־קעניג פון אינדיע. ער איז געווען דער העכסטער עקזע־קוטיוו־באאמטער; אונטער זיין קאמאנדע זיינען געשטאנען די ארמיי און די פאליציי איבער'ן גאנצען לאנד. ער איז אויך געווען דער פארזיצענדער פון דער „פיליפין קאמישאן". וועלכע איז געווען די געזעצגעבענדע קערפערשאפט. די קאמיסיע איז באשטאנען פון בא־אמטע, וואס זיינען אנגעשטעלט געווארען פון דער רעגירונג אין וואַ־שינגטאן. זי האט ניט געהאט דאס רעכט אליין פארצושלאגען נייע געזעצען. דאס רעכט פון איניציאטיווע אין דער געזעצגעבונג האט געהערט דעם גובערנאטאר און ער האט אויך געהאט דאס רעכט איר אנצואווייזען, ווי זי זאל פארהאנדלען אירע געשעפטען. יעדער פרא־יעקט פון א געזעץ פלעגט צוויי מאל געלעזען ווערען אין דער קא־מיסיע הינטער פארשלאסענע טירען. דערנאך פלעגט אפגעהאלטען ווערען אן עפענטליכער פארהער, צו וועלכען יעדער האט געמעגט קומען און אויסשפרעכען זיין מיינונג וועגען דעם ביל. אין דער פראקטיקע איז עס געווען ניט מעהר ווי א פארמע. די קאמיסיע האט זיך קיינמאל ניט צוגעהערט צו דעם, וואס א פריוואט מענש האט גערעדט, — אויף די פיליפינער האט זי געקוקט פון אויבען אראפ, ווי אלע ביוראקראטען קוקען אויף געוועהנליכע בירגער. עס האט זיך זעהר זעלטען געטראפען, אז זי זאל ענדערען א ביל צוליב די טענות, וואס זיינען אויסגעשפראכען געווארען ביי דעם פארהער. איבערהויפט איז די קאמיסיע גאר קיינעם ניט מחויב געווען אויס־צוהערען אפילו פון יוצא וועגען: אויב זי האט געפונען פאר נויטיג, האט זי געמעגט פראקלאמירען א געזעץ גאר אהן פארהער.

פאקטיש איז די פיליפין קאמישאן געווען ניט מעהר ווי א גו־בערנאטארסקע קאנצעלאריע. אירע מיטגלידער זיינען געווען קליינע פאליטישענס, וואס עס וואלט זיי קיינמאל ניט איינגעפאלען צו אמ־פערען זיך מיט דעם גובערנאטאר צוליב א פרינציפיעלער פראגע. אלע געזעצע פלעגען דעריבער איז דער קאמיסיע אנגענומען ווערען איינ־שטימיג: ווען יעדערער פון די מיטגלידער, וואס האט געוואלט, האט ארויסגעזאגט זיין מיינונג, פלעגט דער גובערנאטאר מאכען דעם סך־הכל, וואס עס איז די מיינונג פון דער קאמיסיע, און קיינער האט ניט געזאגט קיין ווארט דאגעגען.

די קאָמיסיע פלעגט פאַבריצירען דורכשניטליך א גענעץ א טאָג. דאָס זיינען ניט געווען קיין רוטינע זאַכען, — פאַקטיש האָט זי געטאָן די אַרבייט פון א גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. זי האָט אויסגעאַרבייט געזעצען וועגען דער פאַרוואַלטונג פון פראָווינצען און שטעדט, וועגען פּאָליציי, וועגען שטאַטס־באַאַמטע, וועגען געריכטען, וועגען בילדונג, שטייערען, לאַנד־אייגענטום און דערגלייכען. און אַזעלכע אַקטען פלעגען אויסגעאַרבייט און אַנגענומען ווערען אין איין טאָג. פאַר־שטעהט זיך, פּאַקטיש פלעגען די בילס צוגעגרייט ווערען פון קליינע באַאַמטע (פון קלוירקס), די קאָמיסיע פלעגט זיי קריגען פאַרטיגער־הייט און פלעגט זיי נאָר דאַרפען אונטערשרייבען. נאַטירליך האָט זיך אויסגעלאָזען אויף יעדען שריט און טריט, אַז די געזעצען, וואָס זיינען אויף אַזאַ אופן געמאַכט געוואָרען, האָבען ניט געטויגט. א העלפט פון די געזעצען זיינען אין דער צייט פון א פּאָר יאָר אַמענ־דירט געוואָרען, אָדער אינגאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען.

ווער עס האָט געהאַט א „פול" (ווער עס איז געווען א תקיף ביים גובערנאַטאָר, ווי מען פלעגט אַמאָל זאָגען אין רוסלאַנד), יענער האָט געקענט אויספירען, אַז די קאָמיסיע זאָל איבערמאַכען, אָדער אָפּשאַ־פען א געזעץ*).

די אַדמיניסטראַציע איז באַשטאַנען אויף העלפט פון אמעריקאַ־נער, אויף העלפט פון פיליפינער. די אמעריקאַנער האָבען פאַרנומען אַלע בעסערע שטעלען, די פיליפינער האָבען פאַרנומען די קלענערע שטעלען, וועלכע האָבען זיך באַצאָהלט אַזוי נידעריג, אַז מען האָט פון אמעריקא אויף זיי קיינעם ניט געקענט אריבערברענגען. עס זיינען אויך געווען א קליינע צאָל פיליפינער, וואָס האָבען געקראָגען הויכע שטעלען, דערפאַר וואָס זיי האָבען געהאַלטען מיט דער אמעריקאַנער רעגירונג.

לויט דעם געזעץ האָבען דאָס רוב פון די באַאַמטע געדאַרפט אויסהאַלטען אַן עקזאַמען, — יענער וואָס האָט אויסגעהאַלטען בע־

*) א כאַראַקטעריסטישען ביישפּיל האָט איבערגעגעבען א מיסיאָנער, וואָס זיין קירכע האָט געוואָלט דורכפירען א וויכטיגען געזעץ בנוגע צו דער לאַנדפראַגע. ער איז געקומען צום גובערנאַטאָר — דער גובערנאַטאָר איז דעמאָלט געווען טאַפט — זיי האָבען זיך צווישען זיך דורכגערעדט אין עטליכע מינוטען, דער גובערנאַטאָר האָט אריינגערופען זיין סטענאָגראַפיסט, האָט אים דיקטירט דעם געזעץ און האָט אים געהייסען עס פאַרטיג מאַכען צו דער נעקסטער זיצונג פון דער קאָמיסיע. אויף מאָרגען פאַר צוועלף א זייגער ביטאָג איז דער געזעץ שוין געווען אָנגענומען.

סער דעם עקזאמען, האט געקראגען די שטעלע. אין דער פראקטיקע אבער האט מען דעם געזעץ ניט אזוי שטרענג אפגעהיט. די אמעריקאנער באאמטע זיינען געווען פון זעהר א נידריגען סארט. זיי זיינען גרעסטענטיילס געווען אומוויסענד, זיי האבען ניט פארשטאנען קיין איינציגע פון די שפראכען, וואס די פיליפינער ריידען, זיי האבען געקוקט אויף די פיליפינער מיט פאראכטונג. זיי האבען געלעבט איבער זייערע מיטלען, זיי פלעגען מאכען חובות און האבען ניט געהאט מיט וואס צו באצאלען. אויסגעהאלפען האט זיי די געוועהנליכע ביוראקראטישע „רעד טעיפ" (קאנצעלארשטשינע). קויפלייט האבען זיך באקלאגט, אז עס איז איינפאך אוממעגליך געווען צו אימפארטירען ווארע צוליב די פארשיידענע פארמאלנאסטען און דעם צייטפארלוסט, וואס איז מיט זיי געווען פארבונדען. דאס אבער האט געגעבען די באאמטע א געלעגנהייט צו נעמען לאפקע־געלט. מיט דעם געזעץ האט מען זיך זעהר ווייניג גערעכענט. ווען דער געזעץ האט זיך ניט געפאסט פאר א באאמטען, האט ער געטאן אזוי ווי עס איז אים געפעלען. פראפעסאר ווילים, וועלכער האט פארבראכט א יאר אויף די פיליפינער אינזלען אין אן אויספארשונג פון דער פירונג פון דער אדמיניסטראציע, דערצעהלט אין זיין בוך*) אז ער האט זעהר אפט געשטעלט פארשידענע באאמטע די פראגע, צי זיי האלטען זייערע האנדלונגען פאר געזעצליך. דער ענטפער איז אימער געווען דערזעלבער: „עס איז טאקע געגען דעם געזעץ, אבער די קאמישאן וועט אים מסתמא מבטל זיין סיי ווי סיי, און דערווייל איז צופיל טראבעל אים צו פאלגען".

דער געזעץ פון 1902 האט אויך געשאפען א סארט לאקאלע זעלבסטפארוואלטונג פאר די פיליפינעס.

די שטאדט פארוואלטונג באשטעהט פון א פרעזידענט און א פראווינציאל־ראט, וואס ווערען ערוועהלט פון דער באפעלקערונג. צו זיין א וואוטער, מוז מען ענטוועדער קענען לעזען און שרייבען ענגליש אדער שפאניש, אדער מען דארף באזיצען לאנד, וואס איז ווערט ניט ווייניגער ווי פינף הונדערט פעסאס ($250), אדער מען דארף צאהלען ניט ווייניגער ווי דרייסיג פעסאס ($15) א יאהר שטייערען. אחוץ דעם האט מען געגעבען דאס שטימרעכט אלע גע־

*) Our Philippine Problem. A study of American Colonial Policy, by Henry Parker Willis.

ווענע טשינאַווניקעס פון דער אונטערגעוואָרפענער שפּאַנישער רעגירונג. אויף דעם אופן האָבען, לויט אַ אָפּיציעלען באַריכט, גע־קראָגען דאָס שטימרעכט ווענינער ווי צוויי פּראָצענט פון דער גאַנ־צער באַפעלקערונג, ד. ה. אַן ערך איינער פון יעדע אַכט דערוואַקסענע מאַנזבילען. דער צוועק פון די אַלע באַשרענקונגען איז געווען צו שאַפען אַ קאָנסערוואַטיווען קלאַס וואָוטערס. מען האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָזען אויף די וואָוטערס אַליין — די „פּראָווינשאַל באָרד" (גובערנסקע פּראַוולעניע) אין וועלכער די מאַיאָריטעט באַשטעהט פון אַמעריקאַנער טשינאַווניקעס, מעג פּסל'ען יעדען ערוועהלטען מיטגליד פון דער מוניציפּאַלער פאַרוואַלטונג. יעדער באַאַמטער פון דער לאָ־קאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג קען אונטערגעזעצט ווערען פון אַמט דורך אַ פּריקאַז פון דער פיליפּין קאָמישאָן און זי קען אויף זיין שטעל נאַזנאַטשען אַן אַנדערען.

דער טרעזשורער (שטאַט־קאַסיר) און דער טעקס־קאָלעקטאָר (סבאָרשטשיק) ווערען נאַזנאַטשעט פון דעם טרעזשורער פון דער פּראָווינץ (גובערנסקי קאַזנאַטשעי), וועלכער ווערט אַליין נאַזנאַטשעט פון דער פיליפּין קאָמישאָן. דאָס הייסט, די פינאַנסען פון יעדער מוניציפּאַליטעט געפינען זיך אין די הענט פון באַאַמטע פון דער צענטראַלער רעגירונג. אַלע הכנסות און הוצאות פון דער מוניצי־פּאַלער פאַרוואַלטונג מוזען אויף פריער קריגען די הסכמה פון דעם טרעזשורער פון דער פּראָווינץ. דער גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ קען מבטל זיין יעדען באַשלוס פון דעם מוניציפּאַל־ראַט „כמעט אויף יעדען שריט ווייזט זיך אַרויס אין דער פּראַקטיקע" — זאָגט פּראָפע־סאָר ווילאָובי, וועלכער איז אין אַלגעמיין צופרידען מיט דעם סיסטעם פון דער פיליפּינער אַדמיניסטראַציע — „אַז די פּראָווינציעלע אַדמי־ניסטראַציע האָט די מאַכט אַנצואַווייזען דער מוניציפּאַלער פאַרוואַל־טונג און ענדערען אָדער מבטל צו זיין אירע באַשלוסען".*)

דער העכסטער אָרגאַן פון דער פּראָווינציעלער אַדמיניסטראַציע איז די „פּראָווינשאַל באָרד" (גובערנסקע פּראַוולעניע), וועלכע באַ־שטעהט פון אַ גובערנאַטאָר, אַ טרעזשורער (קאַזנאַטשעי) און אַ סופּערווייזאָר (אויפזעהער). דער גובערנאַטאָר ווערט ערוועהלט אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די מוניציפּאַל־ראַטען. אָבער די פיליפּין קאָמישאָן

*) Willoughby, "Territories and Dependencies of the U. S." p. 278.

מעג פסל'ען די וואל, „אויב עס איז פאראן א באגרינדעטער חשד, אז ער איז ניט לאיאל („ניע־בלאגאנאדיאזשנע“.*) אין אזא פאל מעג דער גובערנאטאר פון די פיליפינעס צוזאמען מיט דער פיליפינער קאמיסיע נאזנאטשען אנאנדערען אויף דעם פלאץ פון דעם גע'פסל'טען קאנדידאט, וואס איז ערוועהלט געווארען ביי דעם צוזאמענפאר פון די מוניציפאל־ראטען. די אנדערע צוויי מיטגלידער פון דער פראווינ־שאל בארד ווערען נאזנאטשעט פון דער פיליפין קאמישאן און קענען צו יעדער צייט אראפגעזעצט ווערען, גאר אהן א פארוואס. דורך די צוויי טשינאווניקעס האט די צענטראלע רעגירונג פון די פיליפינעס די גאנצע דעה איבער דער פראווינשאל בארד, אויב עס זאל פאסירען, אז דער ערוועהלטער גובערנאטאר זאל זיך שטעלען אין אפאזיציע צו דער צענטראלער רעגירונג, מיט זיין אייגענער מאכט, אהן דער צו־שטימונג פון דער פראווינשאל בארד, קען ער כמעט גארנישט ניט טאן. ער איז נאר דער בעל הבית איבער אלע טורמעס, און אויב עס טרעפט זיך אן אומארדנונג, מיט וועלכער די פאליציע קען זיך ניט איספראווען, מעג ער זיך אליין ווענדען צו דעם גובערנאטאר פון די פיליפינעס נאך סאלדאטען איינצושטילען דעם המון.

די פאליציי געפינט זיך ניט אין דעם רשות פון דער שטאט־פארוואלטונג, ווי אין אמעריקע, נאר פון דער פראווינשאל־בארד.**)

די קאורטס זיינען, לויט דעם געזעץ פון 1902, געווען אין גאנצען אונטער דער מאכט פון דער אדמיניסטראציע. דאס העכסטע געריכט — די סופרים קאורט — ווערט צוזאמענגעשטעלט אזוי ווי די פעדע־ראלע קאורטס אין די פאראייניגטע שטאטען, פון דזשאדזשעס, וואס ווערען אנגעשטעלט פון דעם פרעזידענט מיט דער הסכמה פון דעם סענאט. אלע אנדערע דזשאדזשעס ווערען נאזנאטשעט פון דער פיליפין קאמישאן און קענען אראפגעזעצט ווערען צו יעדער צייט. קיין דזשורי איז אין די פיליפינעס ניטא. אין דער שפאנישער פרא־צעדור האט יעדער צד געהאט דאס רעכט צו פארלאנגען, אז זיין פראצעס זאל איבערגעגעבען ווערען צו אנאנדער ריכטער, אויב ער

---

*) Willoughby, l. c., p. 228.

**) ווי פארקער ווילים דערצעהלט אין זיין בוך, האט זיך די פא־ליציי אין דער צייט פון טאפט'ס אדמיניסטראציע געפירט אזוי ווי די רוסישע פאליציי אין סטאליפין'ס צייטען. פארקער ווילים איז געווען א הויכער באאמטער אין פרעזידענט ווילסאן'ס אדמיניסטראציע.

האט געקענט ווייזען דערצו אן אורזאכע — אזוי ווי ביי דעם אויס־קלייבען פון געשווארענע אין די אמעריקאנער קאורטס. דער געזעץ פון 1902 האט דאס אפגעשאפט. פארשטעהט זיך, זיינען די דזשאד־זשעס אין גאנצען אפהענגיג פון דער אדמיניסטראציע און אין קרי־מינאל־פראצעסען פאלגען זיי אימער דעם אנקלעגער (דעם אטוירני־דזשענעראל און זיינע געהילפען).*) אחוץ דעם אבער, אויב די רעגי־רונג קען זיך ניט פארלאזען אויף א דזשאדזש, אז ער וועט פאר־משפט'ען דעם אנגעקלאגטען אויף א לאנגען טערמין, טו קען דער אטוירני־דזשענעראל איבערגעבען דעם פראצעס צו אנאנדער דזשאדזש, מיט וועלכען ער איז זיכער.

די אדמיניסטראציע פון די פיליפינעס האט דארטען איינגע־פירט א צענזור פון דער פרעסע און א טעאטראלישע צענזור. דאס איז נאטירליך געווען אין ווידערשפרוך מיט דער קאנסטיטושאן פון די פאראייניגטע שטאטען. די פראגע איז פארגעבראכט געווארען פאר דער סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען, און דאס העכסטע געריכט האט גע'פסק'ענט, אז די קאנסטיטושאן „פאלגט ניט דעם פלאג", דאס הייסט, זי איז גילטיג נאר אין די סטעיטס און טע־ריטאריעס, אבער ניט אין די קאלאניעס. דורך דער אויסטייטשונג פון דער אמעריקאנער קאנסטיטושאן איז אין דעם אמעריקאנער גע־זעץ אריינגעבראכט געווארען א גאר נייער אונטערשייד צווישען די פאראייניגטע שטאטען גופא און די קאלאניעס, — „דעפענדענסיז" (אפהענגיגע לענדער).

דער סיסטעם פון אדמיניסטראציע, וואס איך האב דא באשריבען, האט געדויערט ביז 1908, ווען עס איז, לויט דעמזעלביגען געזעץ פון 1902, געעפענט געווארען א פיליפינער פארלאמענט. ער איז באשטא־נען פון צוויי קאמערן: די אונטערסטע (די „אסעמבלי") איז ער־וועהלט געווארען פון די איינוואוינער אויף דעם גרונט פון דעמזעל־ביגען צענז, וואס איז איינגעפירט געווארען פאר מוניציפאלע וואלען; אלס די אויבערשטע קאמער האט געדינט די פיליפין קאמישאן. וועלכע האט געהאט דיזעלבע באציהונג צו דער אסעמבלי, ווי דער גאסודאר־סטווענני סאוועט צו דער דומא. פאקטיש האט אלזא די אסעמבלי

*) עס האבען זיך געטראפען עטליכע אויסנאמען צווישען די דזשאד־זשעס, אבער ווי פראפעסאר ווילים דערצעהלט, האבען זיי אלע געהאט קורצע יארען.

געהאַט נאָר אַ באַראַטענדע שטימע. אמת, זי האָט געהאַט דאָס רעכט ניט צו באַוויליגן דעם ביודזשעט, אָבער געגן דעם האָט מען זיך באַוואָרנט ,ווי שפּעטער אין רוסלאַנד: אויב די אַסעמבלי נעמט ניט אָן דעם נייעם ביודזשעט, בלייבט אין קראַפט דער אַלטער. דער טרעזשורער מעג אין אַזאַ פאַל אַרויסגעבן געלט אויף די הוצאות פון דער רעגירונג אָהן דער הסכּמה פון דער אַסעמבלי, ער דאַרף נאָר וועגן דעם מעלדען דעם ציווילען גובערנאַטאָר פון די פיליפּינעס.

הגם די קאָלאָניאַלע אַדמיניסטראַציע האָט פאַרפאָלגט יעדע אָפּאָזיציע פון די פיליפּינער מיט דיזעלביגע מיטלען, ווי די צאַרישע רעגירונג, האָט פונדעסטוועגן די וואַל פאַר דער ערשטער אַסעמבלי געגעבן אַ מאַיאָריטעט דער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט פאַרלאַנגט אומאָפּהענגיגקייט. אָבער אין דער צייט פון רוזוועלט'ס און טאַפט'ס אַדמיניסטראַציע איז די רעגירונג פון די פיליפּינעס געבליבן אַ סאַמאָדערזשאַווגע ביוראָקראַטיע אונטער אַ סאָרט „פּראָקאָנסול", ווי אין דעם אַלטען רוים. ביי דער וואַל פאַר פּרעזידענט אין 1912 איז די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אַרויס מיט אַן ערקלערונג צו גונסטען פון דער אומאָפּהענגיגקייט פון די פיליפּינעס. ווען ווילסאָן איז געוואָרען פּרעזידענט האָט ער באַלד באַזעצט אַ מאַיאָריטעט פון די שטעלען אין דער פיליפּין קאָמישאָן מיט געבאָרענע פיליפּינער, און אין זיין ערשטער רעדע פאַר'ן קאָנגרעס, דעם 2טען דעצעמבער 1913, האָט ער געמאַכט אַן ערקלערונג, אַז „אַזוי גיך ווי מען קען אָפּרייניגען דעם וועג און גוט באַטראַכטען און לעגען אַ שטענדיגען פונדאַמענט", דאַרף מען געבען די פיליפּינער אומאָפּהענגיגקייט. דער געוועזענער פּרעזידענט טאַפט און אַנדערע רעפּובּליקאַנער פירער האָבען אָבער אַטאַקירט די דאָזיגע ערקלערונג, אַלס „צו ראַדיקאַל". נאָך זייער מיינונג דאַרף נאָך אַוועקגעהן אַ גאַנצער דור, איידער די פיליפּינער וועלען זיין רייף פאַר אומאָפּהענגיגקייט. אַ ביל וועגן פּאָליטישע רעפאָרמען פאַר די פיליפּינעס איז אָנגענומען געוואָרען אין סענאַט אין פעברואַר 1916. אין יענעם ביל איז געווען אַ פּונקט, אַז די פיליפּינעס מוזען קריגען פולע אומאָפּהענגיגקייט ניט שפּעטער ווי אין פיר יאָר אַרום. וועגען דעם פּונקט האָבען זיך די שטימען אין סענאַט צוטיילט אויף גלייך, דאָס הייסט, אַז אַ טייל פון די דעמאָקראַטען האָבען געשטימט דאַגעגען. ער איז דורכגעגאַנגען נאָר מיט דער שטימע פון דעם וויצע־פּרעזידענט. אין דער רעפּרעזענטאַנ־

טען־הויז איז דער פונקט דורכגעפאלען, און אנשטאט דעם איז אנגענומען געווארען אן אומבאשטימטע ערקלערונג, אז עס איז דער צוועק פון די פאראייניגטע שטאטען אנצוערקענען די אומאפהענגיגקייט פון די פיליפינעס אזוי גיך, ווי עס וועט דארטען איינגעפירט ווערען א פעסטע רעגירונג. ווען דאס וועט זיין, קען קיינער ניט וויסען. אין דער פארמע איז דער ביל אנגענומען געווארען. די רעפארמע באשטעהט אין דעם, וואס אנשטאט דער פיליפין קאמישאן איז געשאפען געווארען א סענאט פון צוויי און צוואנציג ערוועהלטע מיטגלידער. דער העכסטער עקזעקוטיווער באאמטער איז דער גענעראל־גובערנאטאר, וועלכער האט דאס רעכט ארויפצולעגען זיין וועטא אויף יעדען געזעץ.

די אנדערע שפאנישע קאלאניע, וואס איז איבערגעגאנגען צו די פאראייניגטע שטאטען נאך דער מלחמה מיט שפאניען, איז פארטא־ריקא. דער אונטערשייד צווישען פארטא־ריקא און די פיליפינעס איז אבער באשטאנען אין דעם, וואס פארטא־ריקא האט זיך ניט ערקלערט פאר אומאפהענגיג פון שפאניען און האט ניט געהאט קיין רעוואלוציאנערע רעגירונג, ווי די פיליפינעס, זי איז פראסט פארנומען געווארען פון דעם אמעריקאנער חיל אין דער צייט פון דעם שפאניש־אמעריקאנישען קריג און איז פארבליבען אין די הענט פון דער אמעריקאנער רעגירונג. די איינוואוינער זיינען מיט דער ענדערונג געווען צופרידען, ווייל די שפאנישע אדמיניסטראציע פון די קאלאניעס איז אומעטום געווען דעספאטיש. לכל־הפחות האט די באפעלקערונג פון פארטא־ריקא ניט ארויסגעוויזען קיין אומצופרידענהייט דערמיט, וואס די שפאנישע אדמיניסטראציע האט געמוזט אפטרעטען דעם פלאץ דער אמעריקאנישער. לויט די אפיציעלע ידיעות איז די אמעריקאנער הערשאפט „באמת אויפגענומען געווארען מיט מעהר אדער ווייניגער ענטוזיאזם“, ווי עס דערצעהלט מר. ווילאובי, א געוועזענער הויכער אמעריקאנער באאמטער אין דער קאלאניאלער אדמיניסטראציע פון פארטא־ריקא. ווייטער, זיינען צוויי דריטעל פון דער באפעלקערונג פון פארטא־ריקא ווייסע, מען קען זיך אלזא געגען זיי ניט באנוצען מיט דעם זעלבען תירוץ, ווי געגען די פיליפינער, אז זיי באלאנגען צו א ראסע, וואס איז נאך ניט אנטוויקעלט גענוג פאר זעלבסטפארוואלטונג. פונדעסטוועגען האט דער אמעריקאנער קאנגרעס אנגעווענדעט אויף פארטא־ריקא דעם זעלבען סיסטעם פון קאלאניאלער

אדמיניסטראציע, וועלכער איז שפעטער איינגעפירט געווארען אין די פיליפינעס.

לויט'ן געזעץ פון 1900 איז די רעגירונג פון פארטא־ריקא באַשטאנען פון א גובערנאטאר און א געזעצגעבענדער פארזאמלונג פון צוויי קאמערן: די אויבערשטע איז דער „עקזעקוטיוו־קאונסיל“ (עקזעקוטיוו־ראט) און די אונטערשטע — די דעלעגאטען־הויז.

דער גובערנאטאר און דער עקזעקוטיוו־קאונסיל ווערען נאזנאטשעט פון דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. דער עקזעקוטיוו־קאונסיל באשטעהט פון עלף מיטגלידער, פון וועלכע פינף מוזען זיין געבארענע פארטא־ריקער, — אין דער פראקטיקע זיינען די אנדערע זעקס אימער געווען אמעריקאנער טשינאווניקעס. פון די עלף פארנעמען זעקס די שטעלען פון מיניסטארען איבער די זעקס דעפארטמענטס פון דער אדמיניסטראציע, — אין דער פראקטיקע זיינען די זעקס אימער געווען אמעריקאנער. אויף דעם אופן האט די אמעריקאנער אדמיניסטראציע אימער געהאט א מאיאריטעט אין דער אויבערשטער קאמער פון דעם פארלאמענט פון פארטא־ריקא. היות אבער, ווי די זעקס מיניסטארען ווערען נאזנאטשעט דירעקט פון דעם פרעזידענט און זיינען דאריבער טעארעטיש אומאפהענגיג פון דעם גאווערנאר, טו קען מען זיך דאך פארשטעלען, אז עס זאל זיך טרעפען, אז איינער פון זיי זאל ניט זיין איינשטימיג מיט דעם גאווערנאר און זאל צוזאמען מיט די פארטא־ריקאנער מיטגלידער בילדען א מאיאריטעט אין דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל געגען דעם גאווערנאר. — האט דער גאווערנאר דאס רעכט ארויסצולייגען זיין וועטא אויף יעדען אקט פון דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל. עס פארשטעהט זיך, אז אין דער פראקטיקע איז די דאזיגע באווארעניש קיינמאל גארניט נויטיג געווען.

אין יעדען פארלאמענט, וואס באשטעהט פון צוויי קאמערן, מוז יעדער געזעץ האבען די צושטימונג פון ביידע. אויף דעם אופן האט דער גרונד־געזעץ פון פארטא־ריקא אין פאראויס געמאכט צו נישט יעדען פארזוך פון דער אונטערשטער קאמער דורכצופירען ערגעץ א געזעץ, וואס זאל געהן להיפך צו די פלענער פון דער וואשינגטאנער אדמיניסטראציע. אחוץ דעם האט דער עקזעקוטיוו־קאונסיל געקראגען דאס אויסשליסליכע רעכט ארויסצוגעבען יעדען סארט פון קאנצעסיעס און פריווילעגיעס. עס האנדעלט זיך דא וועגען קאפיטאליסטישע מאנאפאליעס אויף אייזענבאנען, אויף מינעראל־לענדערייען און

דערגלייבען. די ערוועהלטע פאלקס־פארטרעטער האבען אין דעריין גאר קיין דעה ניט.

די אונטער־הויז באשטעהט פון פינף און דרייסיג ערוועהלטע דעלעגאטען. לויט דעם ערשטען וואל־געזעץ האט יעדער מאנזביל, וואס איז געווארען איין און צוואנציג יאר, געהאט דאס רעכט צו וואוטען, אויב ער האט געקענט לעזען און שרייבען שפאניש, אדער אויב ער האט פארמאגט אן אייגענס פון פינף און צוואנציג (25) דאלאר. דער לאקאלער פארלאמענט האט אין 1904 אפגעשאפט די אלע באשרענקונגען און איינגעפירט דאס אלגעמיינע שטימרעכט פאר מאנזבילען, מיט דער אויסנאם, אז אין צוויי יאר ארום וועלען אלע נייע וואוטערס מוזען קענען לעזען און שרייבען שפאניש. דערמיט האט מען די יונגעלייט געגעבען צוויי יאר צייט אויסצולערנען זיך לעזען און שרייבען.

די וואלען פאר די דעלעגאטען־הויז ליגען אין גאנצען אין די הענט פון דער אויבערשטער קאמער. די מאכט פון ־ער ערוועהלטער אונטערהויז איז זעהר באשרענקט. די מאכט פון יעדען פארלאמענט באשטעהט אין דעם, וואס ער האט די דעה איבער דעם בודזשעט: אהן דער צושטימונג פון די פאלקס־פארטרעטער קען די רעגירונג ניט אויסגעבען קיין געלט. אויב א רעגירונג האט ניט מיט וואס צו באצאלען אירע באמטע און דינער, קען זי ניט עקזיסטירען. אבער לויט דעם גרונט־געזעץ פון פארטא־ריקא, איז די גאנצע דעה איבער די געהאלטען פון די שטאטס־באמטע און די ארבייטער ביי שטאטס־אונטערנעמונגען ביי דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל. דאס האט באלד פון אנהויב געפירט צו סכסוכים צווישען דער אמעריקאנער און דער דעלעגאטען־הויז. אט וואס עס שרייבט וועגען דעם מר. ווילאובי אין זיין בוך, וועלכען איך האב שוין פריער דערמאנט:

„פון אנהויב האבען זיך די פארטא־ריקאנער זעהר געפרעהט דערמיט, וואס עס איז אנגענומען געווארען דער ארגאנישער געזעץ ווייל עס האט איינגעפירט א ציווילע רעגירונג אנשטאט דער מיליטערישער רעגירונג, וואס האט דאמאלט עקזיסטירט. אבער ווען די באשטימונגען פון דעם געזעץ זיינען בעסער באקאנט געווארען און מען האט דערזעהען, ווי ווייט די מאכט איז קאנצענטרירט אין די הענט פון די אמעריקאנער „אפאינטיז" (נאזנאטשעטע טשינאווניקעס) האט זיך אנגעהויבען ארויסצואווייזען מיט א וואקסענדער קראפט די

אומצופריעדנהייט מיט דעם, ווי די אינזעל ווערט באהאנדעלט. עס איז געווארען קענטיג, אז אויב די קעפ פון דער אדמיניסטראציע ווע־לען באשטעהן אויף א שטרענגער אויסטייטשונג פון דער מאכט, וואס דער געזעץ האט זיי געגעבען, און וועלען ניט געבען דער דעלעגאטען־הויז קיין שטימע אין דער ארגאניזאציע פון די עקזעקוטיוו־דעפּארט־מענטס און פון די געהאלטען פון די באאמטע, וועט די אומצופרידענ־הייט ווערען א סך שטארקער. די דעלעגאטען־הויז האט גע'טענה'ט, אז אויב זי האט ניט קיין חלק ביי דער אפשטימונג איבער הוצאות, וואס איז געוועהנליך איינע פון די וויכטיגסטע פונקציעס פון א גע־זעצגעבענדער קערפּערשאפט, הייסט דאס, אז מען נעמט ביי איר אוועק יעדען רעאלען קאנטראל איבער דער פארוואלטונג פון קהל'שע עסקים, און עס איז אין גאנצען ניטא קיין בארעכטיגונג פאר איר עקזיסטענץ" (ז. 104).

די אדמיניסטראציע האט מורא געהאט, „אז די דעלעגאטען־הויז זאל זיך ניט ענטזאגען אין גאנצען צו טאן איר ארבייט", און אז דאס קען שאפען „זעהר א גרויסע אומצופרידענהייט", דאריבער איז מען איינגעגאנגען אויף א פשרה. די אדמיניסטראציע האט ארייננעשיקט דעם בודזשעט צו דער דעלעגאטען־הויז, און מען האט זיך געאייניגט אויף א בודזשעט. אזוי איז עס געגאנגען ביי די ווייטערע סעסיעס אויך. אבער „מען האט גוט פארשטאנען, אז אויב די דעלעגאטען־הויז זאל דוקא וועלען אזוי ענדערען דעם בודזשעט, אז דער קאונסיל זאל דערצו ניט קענען צושטימען, וועט די דאזיגע קערפּערשאפט... בא־נוצען זיך מיט איר רעכט צו האנדלען אומאפּהענגיג און אהן דער מיטווירקונג פון דער דעלעגאטען־הויז" (ז. 105).

דאס האט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר א קנאפּע סגולה. „די איינוואוינער פון דער אינזעל זיינען געווארען אומרוהיג. די אומצו־פרידענהייט האט געפונען אן אויסדרוק אין אן אבסטרוקציאניסטישער טאקטיק אין דער דעלעגאטען־הויז... די דאזיגע קערפּערשאפט האט גענומען אפּלייגען די אפּשטימונג פון דעם בודזשעט"*). מען האט אבער געפונען א מיטעל צו מאכען א סוף צו דער אבסטרוקציע. דעם 15טען יולי 1909 האט פּרעזידענט טאפּט אונטערגעשריבען א געזעץ, דורך וועלכען דער קאנגרעס האט אנגעווענדעט אויף פּארטא־ריקא

*) The American Nation: A History, vol. 27. **National Progress, 1907-1917. By Frederic Austin Ogg, p. 241.**

דעם פונקט פון דעם פיליפינער געזעץ, וואס באשטימט, אז אויב די דעלעגאטען־הויז שטימט ניט פאר דעם בודזשעט, בלייבט אין קראפט דער פאראיארעדיגער בודזשעט. אויב מען וויל, קען מען דאס אנ־נעמען פאר א ליבעראלע רעפארמע, וואס האט ביז א געוויסער מאס באשרענקט די מאכט פון דער אמעריקאנער ביוראקראטיע. נאך דעם נעזעץ פון 1900 האט די אדמיניסטראציע אין גאנצען ניט געדארפט פרעגען קיין דעה ביי די ערוועהלטע פארטרעטער פון פאלק און האט גענמעגט באשטימען אויף הוצאות וויפיעל זי האט געפונען פאר נויטיג. נאך דעם געזעץ פון 1909 מוז זי אין אזא פאל זיך באנוגענען מיט דעם פאראיאריגען בודזשעט; קיין גרעסערע הוצאות טאר זי אהן דער צושטימונג פון דער דעלעגאטען־הויז ניט מאכען.

די יוסטיץ איז אויך אפהענגיג פון דער אמעריקאנער אדמיניסט־ראציע. נאר די דזשאדזשעס פון די קלענערע געריכטען (די מיוני־סיפאל־קאורטס) ווערען ערוועהלט פון די איינוואוינער. די ערשטע אינסטאנץ פון די געריכטען מיט אלגעמיינער יוריסדיקציע (ווי דער אקרוזשנאי סוד אין דער צארישער רוסלאנד) איז די דיסטריקט־קאורט, וואס באשטעהט פון איין דזשאדזש, וועלכער ווערט נאזנאט־שעט פון דעם גובערנאטאר מיט דער צושטימונג פון דעם עקזעקוטיוו־קאונסיל, אויף פיר יאר; ער קען אבער ארונטערגעזעצט ווערען פאר דער צייט, אויב ער פירט זיך ניט אויף גוט. דאס העכסטע געריכט (די סופרים קאורט), צו וועלכער מען קען אפעלירען פון די נידערי־גערע געריכטען, באשטעהט פון פינף דזשאדזשעס, וואס ווערען נאז־נאטשעט פון דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען, און קענען אויך צו יעדער צייט ארונטערגעזעצט ווערען, אויב זיי פירען זיך ניט אויף גוט.

די לאקאלע פארוואלטונג שטעהט אויך אונטער דער השגחה פון דער קאלאניאלער אדמיניסטראציע. דער גובערנאטאר קען צו יעדער צייט ארונטערזעצען יעדען מוניציפאלען באאמטען, סיי איינעם, וואס איז ערוועהלט געווארען פון די איינוואוינער, סיי איינעם, וואס איז אנגעשטעלט געווארען פון די ערוועהלטע באאמטע. עס פארשטעהט זיך, אז ער דארף אנווייזען ערגעץ אן אורזאכע דערצו, אבער אויב דער ארונטערגעזעצטער באאמטער דענקט, אז ער איז אומשולדיג, האט ער ניט פאר ווועמען צו קלאגען. אויף דער שטעלע פון דעם ארינטערגע־זעצטען באאמטען מעג דער גאווערנאר נאזנאטשען אן אנדערען. וויי־

טער, מעג דער שטאַטס־סעקרעטער (דער מיניסטער פון אינערליכע אנגעלעגענהייטען) מבטל זיין יעדען באַשלוס פון דער מוניציפּאַלער פאַרוואַלטונג. אַפּעלירען קעגען זיין באַשטימונג קען מען נאָר צו די קאָורטס, אבער די קאָורטס, ווי מיר האָבען געזעהן, זיינען אין גאַנצען אָפּהענגיג פון דער קאָלאָניאַלער אדמיניסטראַציע. אַפּעלירען צו די קאָורטס געגען אַ באַשטימונג פון דעם שטאַטס־סעקרעטער איז דעריבער קיין פּעולה ניט.

צו אַלעם דעם האָבען די איינוואוינער פון פּאָרטאָ־ריקאָ ניט געקראָגען דאָס רעכט פון אמעריקאַנער בירגערטום, און לויט דער אויסטייטשונג פון דעם העכסטען געריכט פון די פאַראייניגטע שטאַטען באַציט זיך ניט די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען אויף די אמעריקאַנער קאָלאָניעס. דאָס הייסט, זיי געניסען ניט די גאַראַנטיעס פון פּאָליטישער און בירגערליכער פרייהייט, וועלכע געפינען זיך אין איר.

„דאָס פאָלק פון פּאָרטאָ־ריקאָ האָט אויפגענומען די אמעריקאַנער אויבערהערשאַפט מיט פרייד, האָפענדיג אויף גרעסערע פרייהייט אונטער דער געגנאַדיגער ממשלה פון אַ רעפּובליק", זאָגט פּראָפעסאָר אַנג אין זיין איבערזיכט פון דער אמעריקאַנער געשיכטע פאַר די לעצטע יאָרען (ז. 241). אבער דער סיסטעם פון דער קאָלאָניאַלער רעגירונג האָט געבראַכט ענטוישונג און אומצופרידענהייט. אַן ענדערונג איז געקומען, ווען ווילסאָן איז געוואָרען פּרעזידענט. ער האָט אָנגעהויבען דערמיט, וואָס איז געווען אין זיין מאַכט: אין 1914 האָט ער איבערגעביטען דעם פּערסאָנאַל פון דעם עקזעקוטיוו־קאָונסיל, אַזוי דאָס די געבאָרענע פּאָרטאָ־ריקאַנער זאָלען האָבען אַ מאַיאָריטעט. צום סוף פון זיין ערסטען טערמין האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אַ נייעם געזעץ פאַר די אדמיניסטראַציע פון פּאָרטאָ־ריקאָ, וואָס איז אריין אין קראַפט דעם 2טען מערץ 1917. דער נייער געזעץ האָט געמאַכט אַלע פּאָרטאָ־ריקאַנער פאַר אמעריקאַנער בירגער און האָט אָפּגעשאַפט אַלע באַשרענקונגען פון דעם אַלגעמיינעם שטימרעכט פאַר מאַנסבילען; ער האָט איינגעפירט פאַר פּאָרטאָ־ריקאָ די זעלבע גאַראַנטיעס פון פּאָליטישער און בירגערליכער פרייהייט, וואָס געפינען זיך אין דער אמעריקאַנער קאָנסטיטושאָן; דער עקזעקוטיוו־קאָונסיל איז אָפּגעשאַפט געוואָרען און אויף זיין שטעל איז איינגעפירט געוואָרען אַ סענאַט, וואָס ווערט ערוועהלט פון די איינוואוינער אַליין. דער גאָווערנאָר

ווערט באשטימט פון דעם פרעזידענט, אזוי ווי אין די אמעריקאנער טעריטאריעס.

מאכענדיג א סך־הכל צו דער קאלאניאלער פאליטיק פון די פאר־איינינגטע שטאטען, קען מען זי צוטיילען אויף צוויי פעריאדען: דער ערסטער הויבט זיך אן מיט דעם שפאניש־אמעריקאנישען קריג און ענדיגט זיך מיט דער רעפובליקאנישער אדמיניסטראציע פון פרעזידענט טאפט, דער צווייטער הויבט זיך אן מיט ווילסאן'ס אדמיניסטראציע, ווען די דעמאקראטישע פארטיי האט געקראגען א מאיאריטעט אין ביידע הייזער פון דעם קאנגרעס. די אנעקסיע פון די פיליפינעס און פון פארטא־ריקא האט ארייגעטראגען אין דאס אמעריקאנער קאנסטי־טוציאנעלען רעכט אן אונטערשייד צווישען די סטעיטס און טעריטא־ריעס פון איין זייט און די קאלאניעס פון דער אנדערער זייט. די אונטערטאנען פון די קאלאניעס געניסען ניט די רעכטע פון אמערי־קאנער בירגער. אויף דעם אופן איז אין דעם אמעריקאנער געזעצליכען סיסטעם אריינגעבראכט געווארען אן איינטיילונג אין קלאסען, וואס האט פריהער געפונען אן אויסדרוק נאר אין די ווערק פון די טעארע־טיקער פון דעם אמעריקאנער אימפעריאליזם. פראפעסאר בוירדזשעס, מאכענדיג דעם סך־הכל פון דעם פעריאד פון „ריקאנסטראקשאן" נאך דעם בירגער־קריג, האט געזאגט בפירוש, „אז עס עקזיסטירען גרויסע אונטערשידען אין די פאליטישע פעהיגקייטען פון פארשידענע ראסען, און אז עס איז די שליחות פון דעם ווייסען מענשען, זיין רעכט און זיין פליכט — צו האלטען די לייצעס פון דער פאליטישער מאכט אין זיינע אייגענע הענט, אין די אינטערעסען פון דער אלוועלטליכער ציוויליזאציע און לטובת דער מענשהייט".*)

אין דעם צווייטען פעריאד האט זיך די געזעצגעבונג פארקירע־ווערט צוריק אויף דעם אלטען וועג, אויף וועלכען זי איז געגאנגען פאר דעם שפאניש־אמעריקאנער קריג. צו דער זעלבער צייט אבער הויבען אן די פאראייניגטע שטאטען אויסצוברייטען זייער „פראטעקטאראט" איבער די קליינע רעפובליקען פון וועסט־אינדיע און צענטראל אמע־ריקע. דאס ווערען מיר באטראכטען אין דעם נעקסטען קאפיטעל.

*) Burgess, "Reconstruction and the Constitution," p.p. VIII—IX.

צוועלפטער קאפיטעל

# דער פראטעקטאראט איבער וועסט־אינדיע און צענטראל־אמעריקע.

די שפאניש־אמעריקאנישע מלחמה האט געלעגט דעם פונדאמענט פאר די אויבערהערשאפט — דעם „פראטעקטאראט" — פון די פאר־איינעגטע שטאטען איבער די קליינע שפאניש־אמעריקאנישע רעפוב־ליקען.

דער אונטערשיד פון א פראטעקטאראט צו א קאלאניע באשטעהט אין דעם, וואס די פרעמדע מלוכה בלייבט אפיציעל ביי איר אייגענער אומאפהענגיגער רעגירונג, אבער וואס דער דיפלאמאטישער פארטרע־טער פון די פאראייניגטע שטאטען הייסט איר מ'זו זי פאלגען, און געוועהנליך, הייסט ער דאס, וואס די גרויסע אמעריקאנער באנקירען ווילען. ס'איז א סך בעסער ווי א קאלאניע, ווארים דער גובערנאטאר פון א קאלאניע דארף פארט אפגעבען דין וחשבון דעם קאנגרעס, אויב די פארטיי וואס איז אין דער אפאזיציע שטעלט קשיות, — פארקערט, אז א פרעמדע רעגירונג פאלגט די פריינדליכע עצות וואס דער שליח פון וואשינגטאן גיט איר, וועמעס דאגה איז דאס?

אייגענטליך איז די פראבע נאך געמאכט געווארען אין 1851 אויף די אינזלען פון האוואייאי, וועלכע זיינען דאמאלס געווען א מאנארכיע. אמעריקאנער קאפיטאליסטען האבען זיך גענומען באזעצען דארטען נאך ארום יענער צייט און האבען אין גיכען באקומען א שטאר־קען איינפלוס אויף די איינגעבארענע קעניגליכע רעגירונג. אין זייערע באציהונגען צו דער באפעלקערונג און צו דער רעגירונג האבען זיך די אמעריקאנער קאפיטאליסטען געשטיצט אויף דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען. אין 1874 און אין 1889 האט די אמעריקאנער רעגירונג אהין געשיקט סאלדאטען אויפצוהאלטען דארטען „ארדנונג"

גענען די אפאזיציע. דעם 1טען פעברואר, 1893, ווען עס איז דאר־
טען געשטאנען אן אמעריקאנער קריעגס־שיף, האבען די דארטיגע
אמעריקאנער קאפיטאליסטען מיט דער הילף פון דעם אמעריקאנער
געזאנדטען און פון די אמעריקאנער סאלדאטען ארונטערגעזעצט די
קעניגין ליליואקאלאני און אויפגעהויבען דארטען דעם אמעריקאנער
פלאג. די פראוויזארישע רעגירונג האט געשיקט א דעלעגאציע אין די
פאראייניגטע שטאטען מיט א בקשה, אז זיי זאלען אנעקסירען די
אינזלען. דער רעפובליקאנער פרעזידענט, העריסאן, האט דעם 15טען
פעברואר אריינגעשיקט א טראקטאט צו דעם צוועק אין דעם סענאט,
און אין צוויי טעג ארום האט שוין די קאמיטע איבער אויסלענדישע
אנגעלעגענהייטען אריינגעבראכט א גינסטיגען באריכט וועגען דעם.
אבער די צייט איז געווען צו קורץ: דעם 4טען מערץ האט געזאלט
אריינטרעטען אין אמט דער דעמאקראטישער פרעזידענט, קליוולענד,
און א באנייטער סענאט, און עס איז ניט געלונגען דורכצופירען די
אנעקסיע ביז צו יענער צייט. ווען קליוולענד איז געווארען פרעזידענט,
האט ער די גאנצע אוואנטיורע צוריקגעוויזען אויף דעם גרונט, אז די
פארטרעטער פון דער אמעריקאנער רעגירונג האבען געשפילט אן
„אומפאסענדע ראלע“ אין דער זאגענאנטער רעוואלוציע.*) די פראַ־
וויזארישע רעגירונג האט געגרינדעט אן אליגארכישע רעפובליק, אין
וועלכער סך־הכל א גאנץ קליינער פראצענט פון דער באפעלקערונג האט
נעקראגען דאס שטימרעכט, — דער מאסע געבארענע איינוואוינער
האט מען דאס שטימרעכט ניט געגעבען.

אין דער צייט פון דעם שפאניש־אמעריקאנישען קריג האבען די
פאראייניגטע שטאטען פארנומען די אינזלען צוליב מלחמה־צוועקען,
און אין 1900 האט דער קאנגרעס זיי געמאכט פאר א פאלשטענדיגע
טעריטאריע, מיט אלע רעכטע פון אן אמעריקאנער טעריטאריע.

גאר אנדערע באציהונגען האט דער זעלבער קריג געשאפען צוויי־
שען די פאראייניגטע שטאטען און קובא. דער געזעץ, וועלכער האט
געשאפען א רעפובליק אין קובא, אנטהאלט אין זיך א פונקט, וואס
גיט דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען „דאס רעכט אריינ־
צומישען זיך פאר דער אויפהאלטונג פון א רעגירונג, וואס זאל זיין
בכח צו באשיצען דאס לעבען, דאס אייגענטום און פערזענליכע פריי־
הייט“.

*) Willoughby, “Territories and Dependencies,” p. 62.

פראפעסאר ווילאובי זאגט גאנץ ריכטיג, אז דאס „האט געהאט א טיפען איינפלוס אויף די גאנצע רעגירונגס־טעאריע, אז וועלכער דאס אמעריקאנער פאלק האט זיך געהאלטען אין דער פארגאנגענהייט. אזעלכע גרונטפרינציפען, ווי יענער, וואס ערקלערט, אז קיין רעגירונג איז ניט בארעכטיגט, וואס שטיצט זיך ניט אויף דער צושטימונג פון די רעגירטע, אז עס טאר ניט זיין קיין באשטייערונג אהן א פארטרע־טערשאפט, אז עס קען ניט זיין קיין אמת'ע פרייהייט, וואס איז ניט גאראנטירט דורך דאס רעכט אויף א פראצעס מיט געשווארענע א. אז. וו., — אלע פרינציפען, וואס מען האט געגלויבט, אז זיי ליגען אין דעם סאמע פונדאמענט, אז זיי זיינען דער רעכטער עצם פון דער אמעריקאנער פאליטישער פילאזאפיע, — האבען געמוזט ווידער געע־פענט ווערען פאר דיסקוסיאן; און עס איז שוין קענטיג, וואס פאר א גרויסע ענדערונג עס האט שטאטגעפונען אין די קעפ פון דעם עולם בנוגע צו די און אנדערע פראגען, וואס בילדען אויס אונזער פאליטישען גלויבען" (ז. ז. 8—9).

די אמעריקאנער רעגירונג האט זיך צוריקגעצויגען פון קובא דעם 20טען מאי 1902, ווען דער ערסטער ערוועהלטער פרעזידענט, פאלמא, איז אריינגעטראטען אין אמט. ווען ער איז מיט דריי יאר שפעטער ערוועהלט געווארען צום צווייטען מאל, האט זיך דארטען אנגעהויבען א רעוואלוציאנערע באוועגונג. אין 1906 האט פרעזידענט רוזוועלט געשיקט אהין איינעם פון זיינע מיניסטארען (דעם שפעטערדיגען פרעזידענט), טאפט'ן, וועלכער האט דארטען פראקלאמירט א פראַ־וויזארישע רעגירונג און האט איבערגעלאזען אן אמעריקאנער ארמעע אויפצוהאלטען ארדנונג. די אמעריקאנער אקופאציע האט גדויערט צוויי יאר, ביז עס זיינען ערוועהלט געווארען א נייער פרעזידענט און א נייער פארלאמענט.

„ווען די דעמאקראטען האבען אין 1913 איבערגענומען די ממשלה אין וואשינגטאן, האבען געוויסע מענשען געדענקט, אז די פאראייניגטע שטאטען וועלען אויפהערען אזוי שטארק אויפצופאסען איבער קובא'ס עסקים. ווילסאן'ס אדמיניסטראציע האט אין קורצען באוויזען, אז די דאזיגע מיינונג איז געווען גרונדלאז. דעמזעלבען טאג, ווען ברייען איז איינגעשווארען געווארען אלס אויסלענדישער מיניסטער, האט ער אוועקגעשיקט צו פרעזידענט גאמעס'ן א שטארקע נאטע, אין וועלכער ער האט אים אויפגעפאדערט ארויפצולייגען זיין וועטא אויף א ביל

װעגען אמניסטיע... און אין דער לעצטער מינוט איז דער ביל דער־הרג'עט געװארען".*)

אין 1916 איז פארגעקומען א נייע װאל פאר פרעזידענט. דער קאנסערװאטיװער פרעזידענט מענאקאל איז ערװעהלט געװארען אויף א צװייטען טערמין. אבער זיינע געגנער האבען, אונטער דער פיה־רערשאפט פון דעם געװעזענעם פרעזידענט גאמעס, געמאכט אן אויפ־שטאנד. די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען האט געשיקט סאלדאטען אין קובא, גאמעס מיט אנדערע רעװאלוציאנערען זיינען ארעסטירט געװארען און דער אויפשטאנד איז אונטערדריקט געװארען.

דער פראטעקטאראט פון די פאראייניגטע שטאטען איבער סאנטא־דאמינגא, האאיטי און ניקאראגוא איז דער פראדוקט פון דער זאגענאנ־טער „דאלאר־דיפלאמאטיע", װעלכע האט אויפגעבליט נאך דעם שפא־ניש־אמעריקאנישען קריג. פרעזידענט טאפט האט ערקלערט דעם צװעק פון דער דאזיגער פאליטיק בזו הלשון:

„הגם אונזער אויסלענדישע פאליטיק טאר אויף א האר ניט אפ־װייכען פון דעם גראדען װעג פון יושר, דארף זי פונדעסטװעגען איינ־שליסען אקטיװע אינטערװענציע צו פארזיכערען פאר אונזער סחורה און פאר אונזערע קאפיטאליסטען די געלעגענהייט צו מאכען פרא־פיט, װאס זאל זיין לטובה פון ביידע פאראינטערעסירטע לענדער."

נאך אין דער צייט, װען רוזװעלט איז געװען פרעזידענט, אין 1905, איז די שװארצע רעפובליק פון סאנטא־דאמינגא געגאנגען באנקראט, — זי האט ניט געהאט אפילו מיט װאס צו צאלען די צינזען פון אירע הלואות אין אויסלאנד. די רעגירונגען פון פראנקרייך, בעלגיע און איטאליע האבען געהאלטען ביי שיקען קריגס־שיפען צו פארכאפען די קאסטאם־הייזער (טאמאזשנעס) פון סאנטא־דאמינגא. דער פרעזי־דענט פון דער רעפובליק האט זיך געװענדעט צו דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען נאך הילף. פרעזידענט רוזװעלט האט געשלא־סען אן אפמאך מיט דער רעגירונג פון סאנטא־דאמינגא, לויט װעלכען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען האט גענומען אויף זיך אויסצוגלייכען די חשבונות פון דער רעפובליק סאנטא־דאמינגא מיט אירע קרעדיטארען, דערצו האט די אמעריקאנער רעגירונג איבערגענו־מען די קאסטאם־הייזער פון סאנטא־דאמינגא און האט געקראגען דאס רעכט איינצוהאלטען איבער א העלפט (55%) פון די הכנסות אויף

---

*) Ogg, "The American Nation," Vol. 27, p. 250.

אויסצוצאָלען די קרעדיטאָרען פון דער רעפּובליק. לויט דער קאָנס־טיטוציע פון די פאראייניגטע שטאַטען, מוז יעדער טראַקטאַט מיט אַ פרעמדער מלוכה גוטגעהייסען ווערען פון דעם סענאַט. דער סענאַט האָט אָבער צוריקגעוויזען דעם טראַקטאַט. דעמאָלט האָט פּרעזידענט רוזוועלט אים דורכגעפירט אָהן דער הסכמה פון דעם סענאַט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט דער נייער סענאַט אחר המעשה גוטגעהייסען דעם אָפּמאַך.

לויט דעם טראַקטאַט פון 1907 האָט די רעפּובליק סאַנטאָ־דאָמינגאָ געקראָגען ביי אַמעריקאַנער באַנקירען אויף פופציג יאָר אַ הלוואה פון 20,000,000 דאָלאַר, מיט וועלכער זי האָט אויסגעצאָלט אַלע אַלטע חובות. אין דער צייט פון די פופציג יאָר געפינען זיך די קאַסטאַם־הייזער פון דער רעפּובליק אין דער פאַרוואַלטונג פון אַ באַאַמטען פון די פאראייניגטע שטאַטען. דער דאָזיגער פאַרטרעטער, וועלכער ווערט אַנגעשטעלט פון דעם פּרעזידענט צום אָראָפּ פון דער הכנסה וויפיל עס איז נויטיג אויף אויסצאָלען די צינזען און טיילוייז דעם חוב און אויך אויף הוצאות, דאָס איבעריגע צאָלט ער אויס דער רעגירונג פון סאַנטאָ־דאָמינגאָ. אויף דעם אופן איז די רעגירונג פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען געוואָרען אַ פינאַנציעלע אַגענטור פון די אַמערי־קאַנער באַנקירען.

דאָס האָט געפירט צו אַ שטענדיגער מיליטערישער אריינמישונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען אין די אינערליכע פּאָליטיק פון סאַנטאָ־דאָמינגאָ. אין 1913 האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג געשיקט אַ קאָמי־סיע פון „פריינדליכע באַאָבאַכטער" אַכטונג צו געבען איבער די וואַלען. עס איז ניט אַוועק אַ יאָר, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל ניט שיקען אַ קריגס־שיף אויפצוהאַלטען אָרדענונג אין סאַנטאָ־דאָמינגאָ. אין דעם פרילינג פון 1911 איז עס געקומען צו אַ רעוואָלוציע. די רעוואָלו־ציאָנערען האָבען אַרונטערגעוואָרפען דעם פּרעזידענט, וועלכער איז געווען „פריינדליך צו די אַמעריקאַנער אינטערעסען", און דער פּאַר־לאַמענט האָט אויסגעקליבען אַ נייעם פּרעזידענט. אָבער די רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט ניט אַנערקענט דעם נייעם פּרע־זידענט און האָט דעם 16טען מאַי געלאַנדעט סאָלדאַטען אין סאַנטאָ־דאָמינגאָ. האָבענדיג אַ מיליטעריש־מאַכט הינטער זיך, האָט דער אַמעריקאַנער פינאַנציעלער פאַרטרעטער פאַרהאַלטען די גאַנצע הכנסה פון די איינפוהרס־צאָלען, ניט נור יענעם טייל וואָס האָט געקומט די

אמעריקאנער קרעדיטארען פון דער רעגירונג. דער רעזולטאט איז געווען, אז די רעגירונג פון סאנטא־דאמינגא האט ניט געהאט מיט וואס צו צאלן איהרע באאמטע. דאס איז געווען אין דער צייט פון וויל־סאן'ס קאמפעין פאר א צווייטען טערמין אלס פרעזידענט. דריי וואכען נאך דעם ווי די אמעריקאנער וואוטערס האבען ערוועהלט וויל־סאנען אויף א צווייטען טערמין דערפאר, וואס „ער האט אונז אויס־געהיט פון מלחמה", דעם 29טען נאוועמבער האט קאפיטאן קנאפ פון דעם אמעריקאנער קריגס־שיף צוטריבען דעם קאנגרעס פון סאנטא־דאמינגא, ארונטערגעזעצט דעם קאבינעט, געמאכט אמעריקאנער אפי־צערען פאר מיניסטארען, און פראקלאמירט דעם קריגס־צושטאנד. דאס איז ניט באטראכט געווארען אפיציעל אלס א קריגס־ערקלערונג געגען אן אומאפהענגיגע מלוכה, — דערצו וואלט מען געדארפט האבען די צושטימונג פון קאנגרעס, — עס איז פשוט געווען די אויסאיבונג פון דער פאליצייאישער מאכט פון די פאראייניגטע שטאטען אין א געביט, וואס געפינט זיך אונטער איר „פראטעקשאן".

די גאנצע געשיכטע האט די רעגירונג געהאלטען אין דער שטיל, ביז זי האט אויסגעארבייט א פלאן צו שיקען א קריגס־שיף, פאר־נעמען די רעפובליק, איינפירען א מיליטערישע דיקטאטור און פרא־קלאמירען דעם קריגס־צושטאנד, כדי צו פארזיכערען זיך געגען א פאלקס־אויפשטאנד, און נור אחר המעשה, ווען דער פלאן איז שוין אויסגעפירט געווארען, האט דער פלאט־מיניסטער דעניעלס וועגען דעם מודיע געווען דעם אמעריקאנער פאלק, מיט דער פארזיכערונג, אז „די גרויסע מאיאריטעט פון פאלק זיינען דערמיט צופרידען."

אין יאנואר פון 1917 זיינען אונטער דער השגחה פון דער אמע־ריקאנער רעגירונג אפגעהאלטען געווארען וואלען פאר א נייעם פאר־לאמענט און א נייעם פרעזידענט.

דעם 17טען מארטש האט דער זעלביגער קאמאנדיר פון דעם אמעריקאנער קריגסשיף ארויסגעגעבען אן ארדער, אז אלע געלדער פון דער רעפובליק סאנטא דאמינגא זאלען אריינגעלעגט ווערען ביי דער אינטערנעשאנאל בענקינג קארפאריישאן פון ניו יארק, וואס איז אן אפטיילונג פון ראקאפעלער'ס סיטי נעשאנאל באנק. דערפאר האט די אינטערנעשאנאל קארפאריישאן איבערגענומען א חוב וואס די רעגירונג איז שולדיג געווען א היימישען באנקיר, אבער דער בראַ־ווער קאפיטאן האט ארויסגעגעבען אנאנדער ארדער, אז דער דאזי־

גער חוב איז בילכער פאר אלע אנדערע חובות און ראקאפעלער׳ס באנק זאל קריגען ניין פראצענט א יאר צינזען אויף דעם חוב. צו דערזעלבער צייט זאל זי צאלען דער רעגירונג סך הכל צוויי פראצענט צינזען אויף די געלדער וואס די רעגירונג וועט ביי איר האלטען. דאס איז געטאן געווארען סך הכל מיט דריי וואכען פאר דעם אריין אין „דעם קריג פאר דעמאקראטיע".

אין דער אמעריקאנער פרעסע איז וועגען דער מעשה קייןווארט נים געווען. פיר יאר זיינען אוועק שטיל, ביז וואנען עס איז גע־קומען דער לעצטער קאמפיין פאר פרעזידענט. דעמאלט האט זיך דער אמעריקאנער עולם ערסט דערוואוסט, וואס עס האט זיך אפ־געטאן אין סאנטא דאמינגא.

ווילסאן׳ס אדמיניסטראציע האט געהאט איין ענטפער אויף אלע פראטעסטען: א שטרענגע צענזור. דעם 8טען דעצעמבער 1920, ווען דאס אמעריקאנער פאלק האט שוין געגעבען אזא הילכיגען פאטש אין פנים דעם צבוע׳אק פון ווייסען הויז מיט זיינע בורבאנען, האט דער מיליטערישער גובערנאטאר פון סאנטא דאמינגא ארויסגעגעבען אן ארדער, אז מען טאר ניט רעדען אדער שרייבען קיין ווארט פון קריטיק געגען „די מיליטערישע רעגירונג, אדער געגען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען, אדער געגען איר פאליטיק, אדער געגען אירע באאמטע, ציווילע אדער מיליטערישע"; מען טאר אפילו ניט שרייבען וועגען „דער לאגע וואס עקזיסטירט אין דער רעפובליק פון סאנטא דאמינגא". ווער עס פאלגט ניט, ווערט גע׳משפט פאר א קריגס־געריכט און קען פאר׳משפט ווערען צו פינף יאר קאטארגע און דריי טויזענט דאלאר שטראף.

חוץ דעם רעדנער, אדער דעם שרייבער, קומט דיזעלבע שטראף אויך יעדערען, וואס האט אים געהאלפען אויף ערגעץ וועלכען אופן. די צייטונג ווערט אונטערדריקט און דער לאקאל וואו די רעדע איז געהאלטען געווארען ווערט געשלאסען.

אבער דאס איז נאך ניט גענוג. דורך אנאנדער ארדער איז איינגעפירט געווארען א געזעץ וואס איז ענליך צו דעם קייזערליכען דייטשען געזעץ געגען „מאיעסטעטס באליידיגונג". פאר באליידיגען „די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען אדער וועלכען עס איז פון אירע באאמטע", קומט צוויי יאר טורמע און טויזענט דאלאר שטראף. פאר דעם זעלביגען חטא געגען א באאמטען פון דער אמע־

ריקאנער מיליטערישער רעגירונג אין סאנטא דאמינגא קומט זעקס חדשים טורמע און פינף טויזענט דאלאר שטראף. דער פארברעכער ווערט גע'משפט פאר א קריגס־געריכט.

אזוי אבער ווי עס האבען זיך אנגעהויבען פראטעסטען אין דער אמעריקאנער פרעסע און אין קאנגרעס געגען די פארגוואלדיגונג פון סאנטא דאמינגא, האט דער אמעריקאנער מיליטערישער גובערנאטאר, אדמיראל סנאודען, דעם 23טען דעצעמבער 1920, ארויסגעגעבען א ארדער, אין וועלכען ער זאגט, אז עס איז געקומען די צייט, ווען די אמעריקאנער רעגירונג קען זיך צוריקציען פון סאנטא דאמינגא. דעריבער איז ער מודיע דעם עולם, אז ער וועט נאזנאמשען א קא־מיסיע וואס זאל אויסארבייטען א נייעם וואל־געזעץ, און אמענד־מענטס צו דער קאנסטיטוציע פון דער רעפובליק און צו אירע געזעצען. און דאס אלץ וועט איבערגעגעבען ווערען צו א קאנסטיטושאנאל קאנ־ווענשאן (אוטשרעדיטעלנע סאבראניע) און א קאנגרעס, וואס וועלען ערוועלט ווערען אויף דעם גרונט פון דעם נייעם וואל־געזעץ, וואס די דאזיגע קאמיסיע וועט אויסארבייטען און די מיליטערישע רעגירונג גוטהייסען.

די אָקופּאציע פון האיטי האט זיך אנגעהויבען אין 1914, אין דעם צווייטען יאר פון ווילסאן'ס מלוכה. ראקעפעלער'ס באנק, די סיטי נעשאנאל באנק, האט ארגאניזירט א סינדיקאט פון באנקירען, וואס האט געקראגען פון דער רעגירונג פון דער רעפובליק האיטי א קאנצעסיע אויף צו בויען אן אייזענבאן. לויט דער קאנצעסיע האט דער סינדיקאט געמאכט אן הלואה דער רעגירונג פון האיטי פאר דעם צוועק און די רעגירונג האט זיך פארפליכטעט צו צאלען צינזען. אבער דער סינדיקאט האט ניט מקיים געווען די תנאים פון דער קאנצעסיע, האט די רעגירונג אויפגעהערט צו צאלען די צינזען. דעמאלט האט זיך אין דעם סכסוך ארייננעמישט דער סטעיט דעפארטמענט (דאס אויסלענדישע מיניסטעריום) פון די פאראייניגטע שטאטען און נאך עטליכע חדשים אונטערהאנדלונגען האט ער געשיקט אן אמעריקאני־שען קריגס־שיף און האט פאקטיש איבערגענומען די רעגירונג פון דער רעפובליק. דאס איז געווען אין דעם פולען זין פון ווארט א מלחמה. לויט דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע ליגט די מאכט צו ערקלערען קריג אויסשליסליך אין דעם רשות פון דעם קאנגרעס, דער פרעזי־דענט האט אין דערין גאר קיין שום דעה ניט. ער טאר ניט אנ־

הויבען קיין מלחמה מיט זיין אייגענער מאכט, אָבער ווילסאָן האָט זיך ניט נאָר ניט אָנגעפרעגט ביי דעם קאָנגרעס. ער האָט וועגען דעם גאַנצען ענין דעם קאָנגרעס אפילו ניט באריכטעט. אויף דעם געזעצ־ליכען לשון רופט זיך דאָס אוזורפּאַציע, פאַר אַזאַ פאַרכאַפּונג פון דער מאכט פון דעם קאָנגרעס האָט פּרעזידענט ווילסאָן געדאַרפט געשטעלט ווערען אונטער אַן אָנקלאָגע („אימפּיטשמענט"), אָבער די דעגענעראַציע פון דעם קאָנגרעס אין ווילסאָן'ס צייטען דערמאָנט אָן דעם אונטערגאַנג פון דעם רוימישען סענאַט אין די לעצטע יאָרען פון דער פאַרצייטיגער רוימישער רעפּובליק, און דער קאָנגרעס האָט זיך וועגען דעם גאַנצען ענין געמאַכט ניט וויסענדיג.

אָפיציעל האָט די אַמעריקאַנער אָקופּאַציע געלאָזען די רעגירונג פון האַיטי עקזיסטירען, אָבער פאַקטיש איז דער אַמעריקאַנער פינאַנ־ציעלער אַגענט, אַ וויצע־פּרעזידענט פון ראָקעפעלער'ס באַנק, געוואָרען דער באַלעבאָס איבער האַיטי און דער קאָמאַנדיר פון דעם אַמעריקאַ־נער חיל אין האַיטי האָט געטאָן, וואָס יענער האָט געהייסען. די אַרמיי פון האַיטי האָט פאַרשטעהט זיך, ניט געקענט זיך מעסטען מיט דער אַמעריקאַנער אַרמיי און האָט געמוזט אָפּגעבען איר גאַנצע געווער צו דעם אַמעריקאַנער. דעם 16טען סעפּטעמבער 1915 האָט דער פאַרטרעטער פון דעם אַמעריקאַנער סטעיט דעפּאַרטמענט גע־צוואונגען די רעגירונג פון האַיטי צו חתמ'ענען אַ טראַקטאַט, אַז אַלע געלדער, וואָס קומען אַריין פון די אָפּצאָלונגען אויף אימפּאָרטירטע אויסלענדישע וואַרען, ווערען איבערגעגעבען אין די הענט פון די באַאַמטע, פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען. דאָס איז פאַקטיש כמעט די גאַנצע הכנסה פון דער קליינער אָרימער רעפּובליק, און זי האָט אויך געקראָגען די השגחה איבער אַלע הוצאות פון דער מלוכה. עס איז אַ גרונט־פּרינציפּ פון שטאַטס־רעכט, אַז דאָס רעכט איבער דעם בודזשעט איז דער עצם פון יעדער רעגירונגס־מאַכט, — ווער עס האָט די מאה, יענער האָט די דעה.

די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אויף זיך גענומען אויפצוהאַלטען אין האַיטי אַ רעגירונג, וואָס זאָל זיין „בכח צו באַשיצען דאָס לעבען, דאָס אייגענטום און פּערזענליכע פרייהייט". מען מוז האָבען איי זינען, אַז פּערזענליכע פרייהייט שליסט אויך איין די „פרייהייט פון אַרבייט", אויף דעם לשון פון דעם אַמעריקאַנער געזעץ, — דאָס הייסט די פרייהייט פון דעם קאַפּיטאַליסט צו באַדינגען זיך מיט דעם אַר־

בייטער אויף אזעלכע תנאים, וועלכע דער ארבייטער איז גרייט אנ־צונעמען, אהן דער אריינמישונג פון דעם געזעץ.

די קאנסטיטוציע פון האיטי האט ענטהאלטען א פונקט, אז קיין אויסלענדער טאר ניט קויפען קיין ערד. דער צוועק פון דעם פארבאט איז געווען צו פארהיטען, אז אויסלענדישע קאפיטאליסטען זאלען ניט אוועקנעמען דאס לאנד פון דער פויערשער באפעלקערונג און ניט מאכען די פעלד־ארבייטער פאקטיש פאר זייערע שקלאפען. פארשטעהט זיך, האט אזא באשרענקונג ניט געטויגט פאר ראקעפע־לער'ס באנק און די אמעריקאנער קאפיטאליסטען וועמען ער פאר־טרעט, זיינע אמעריקאנער אגענטען האבען דעריבער באשלאסען, אז האיטי נויטיגט זיך אין א נייער קאנסטיטוציע. זיי האבען אויסגע־ארבייט א פראיעקט און אים פארגעלעגט פאר דעם פארלאמענט פון האיטי. אבער די פאלקס־פארטרעטער האבען זיך פאר'עקשן'ט, אז זיי ווילען ניט. איז געקומען אן אמעריקאנער מיליטערישער קאמאנ־דיר מיט סאלדאטען, האט ארויסגעטריבען די דעפוטאטען פון דעם פארלאמענט, צוגעשלאסען דעם בנין, און געמאכט א סוף מיט דעם פארלאמענטאריזם. דאס איז געווען אין אפריל 1916, זינט יענער צייט איז דער פארלאמענט מעהר ניט געעפענט געווארען. דערנאך האט די אמעריקאנער אקופאציע איבערגעגעבען די דאזיגע קאנסטי־טוציע אויף א „פלעביסציט". לויט דער קאנסטיטוציע פון האיטי קען זי אויף דעם אופן ניט אמענדירט ווערען, אבער די אמעריקאנער אקופאציע האט זיך געוועהנליך מיט אזעלכע קלייניגקייטען ניט גע־רעכענט. גאנץ נאטירליך איז ביי אזא „פאלקס־אפשטימונג" די נייע קאנסטיטוציע אנגענומען געווארען כמעט איינשטימיג. דעם 18טען יוני 1918, איז זי אריין אין קראפט.

פאקטיש איז האיטי אונטער קריגס־רעכט. די פרעסע איז אונ־טער א שטרענגער צענזור. מען טאר ניט זאגען א ווארט געגען דער אקופאציע אדער געגען דער רעגירונג, וואס זי האט געשאפען. אלע צייטונגען האבען בעקראגען אזא ארדער און אין דעמזעלביגען ארדער איז געשטאנען, אז זיי טארען אים ניט פארעפענטליכען אין זייערע שפאלטען.

די גאנצע אמעריקאנער אדמיניסטראציע באשטעהט פון קליינע דעמאקראטישע פאליטישענס, וואס קומען אלע פון די אמאליגע שקלאפען־שטאטען, און די באפעלקערונג פון האיטי באשטעהט אויס־

שליסליך פון שווארצע. מען קען זיך פארשטעלען, ווי זיי באצאלען זיך מיט'ן פאלק און מיט זיינע שווארצע פארטרעטער. במעט די גאנצע הכנסה פון דער רעגירונג געהט אוועק אויף אויסצוהאלטען די אקופאציע. די אמעריקאנער אקופאציע האט זיך גענומען „אנטוויקלען" דאס לאנד. אויף צו בויען וועגען האט מען איינגעפירט נ ע־ צ ו ו א ו נ ג ע נ ע א ר ב י י ט אונטער דער אויפזיכט פון אמעריקאנער ווייסע שקלאפען־טרייבער. דאס האט געפירט צו א ווי־דערשטאנד מצד דעם פאלק. א ווידערשטאנד הייסט א בונט, האבען זיך די אמעריקאנער גענומען „אוסמיריאיען" די בונטאוושטשיקעס. זיי האבען אויסגע'הרג'עט מעהר ווי דריי טויזענט מענשען, מענער און פרויען. די פארלוסטען פון דער אמעריקאנער ארמיי האבען פאר די פינף יאר אויסגעמאכט: גע'הרג'עטע — איין אפיצער און צוועלף סאלדאטען. פארוואונדעטע — צוויי אפיצערען און זעקס און צוואנציג סאלדאטען. דאס זיינען אפיציעלע ציפערען, וואס זיינען גענומען פון דעם באריכט פון גענעראל בארנעט, וועלכער איז אין 1919 געשיקט געווארען קיין האיטי אלס קאמאנדיר און האט אויפגעהויבען א פראטעסט געגען דער פירונג פון דער אמעריקאנער ארמיי. די ציפערען גופא ווייזען, אז וועגען אז אמת'ן אויפשטאנד קען דא גאר קיין רייד ניט זיין. די מעהר אומצופרידענע האבען זיך פשוט באהאלטען פון שקלאפען־ארבייט. די אמעריקאנער שקלאפען־טרייבער האבען זיי דעמאלט ערקלערט פאר באנדיטען, און די סאלדאטען האבען געשאסען ווען עס האט זיך זיי פארגלוסט, אהן קיין שום משפט, ווי א ספארט.

יארען־לאנג האט די אמעריקאנער פרעסע וועגען דעם ניט געוואוסט, ווייל די אקופאציע האט שוין דערפאר געזארגט, אז קיין ווארט וועגען דעם זאל ניט דערגרייכען די פאראייניגטע שטאטען.

דער באריכט פון גענעראל בארנעט איז סוף כל סוף ארויס אין די עפענטליכקייט. זיינער אן אפיציעלער בריף, וואס ער האט נאך געשריבען דעם 2טען אקטאבער 1919, איז פארעפענטליכט געווארען אין דער אמעריקאנער פרעסע מיט א יאר שפעטער, דעם 14טען אקטאבער 1920. אין יענעם בריף איז געשטאנען, אז „עס איז פאקטיש א צייט אנגעגאנגען א הפקר מערדעריי פון די איינגעבארענע", און ווייטער, אז „דער מארין קאר (פלאטסקער קארפוס) האט ארויסגעוויזען א טרויעריגען מאנגעל פון רעכט און יושר".

די פארעפענטליכונג פון די דאזיגע פאקטען האט געצוואונגען דעם נעיווי (פלאט) דעפארטמענט אין וואשינגטאן צו מאכען אן „אונטערזוכונג“, אין וועלכער די אמעריקאנער אפיצערען און סאל־דאטען זיינען ווי געוועהנליך ריינגעוואשען געווארען.

דיזעלביגע פאליטיק, נאר אויף אנאנדער אופן האט די רעגי־רונג פון די פאראייניגטע שטאטען געטריבען אויך אין ניקאראגוא.

די גרעסטע עקאנאמישע מאכט אין ניקאראגוא איז דער באנאנא־טראסט, וועמענס אפיציעלער נאמען איז „דהי בליו פילדז פרוט ענד סטימשיפ קאמפאני“, און איר הויפט־אפיס איז אין ניו־ארלינז. דער טראסט האט גרויסע פלאנטאציעס אין ניקאראגוא, וועלכע ווערען באטריבען מיט שקלאפישער ארבייט, — מען רופט זיי ניט שקלא־פען נאר „פעאנס“, דאס הייסט ארבייטער וואס זיינען שולדיג געלט דעם בעל־הבית און דארפען עס באצאלען מיט געצוואונגענער ארבייט. אויב זיי אנטלויפען, ווערען זיי פארפאלגט פון דער רעגירונג אלס פארברעכער. דער טראסט איז געווען אומצופרידען מיט דעם דאר־טיגען פרעזידענט זעלאיא, און ענדע 1909 האבען די אגענטען פון דעם טראסט געמאכט געגען איהם אן אויפשטאנד. פרעזידענט טאפט האט געשיקט קריגסשיפען „צו באשיצען די לעבענס און דאס אייגענטום פון אמעריקאנער און אנדערע אויסלענדער“. ווען די אר־מיי פון דער רעגירונג האט זיך באגעגענט מיט דער „רעוואלוציאנער־ער“ ארמיי לעבען דער שטאט בליופילדז, האט דער קאמאנדיר פון די אמעריקאנער קריגסשיפען געשיקט זיינע סאלדאטען, זיי זאלען ניט דערלאזען צו א שלאכט. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אז עס איז די „רעוואלוציאנערען“ געלונגען ארונטערצוזעצען פרעזידענט זעלאיא און צו בילדען אן אייגענע רעגירונג. פרעזידענט טאפט האט תיכף אנערקענט די „רעוואלוציאנערע“ רעגירונג און זי האט זיך געווענדעט נאך א הלואה צו די אמעריקאנער באנקירען. אין 1911 האט טאפט'ס אויסלענדישער מיניסטער, נאקס, גע'חתמ'עט אן אב־מאך מיט ניקאראגוא, לויט וועלכען א פאראייניגונג פון אמעריקאנער באנקירען האבען צוגעזאגט צו מאכען אן הלאוה דער רעגירונג פון ניקאראגוא, מיט דעם תנאי, „אז די הלואות פון די אמעריקאנער באנקירען זאלען פארזיכערט ווערען דערמיט, וואס אמעריקאנער באאמטע זאלען איבערנעמען די קאסטאם־הייזער פון ניקאראגוא“.*)

*) The American Nation. A History, Vol. 27, by Frederic Austin Ogg, pp. 257—261.

פאקטיש האט דאס געמיינט, אז די באנקירען האבען געקראגען דאס רעכט אנצושטעלען זייער אייגענעם קאלעקטאר מיט דער צושטימונג פון דעם פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. אבער דער סע־נאט האט דעם אפמאך ניט גוטגעהייסען, האט פרעזידענט טאפט, ניט אכטענדיג אויף דעם, דורכגעפירט דעם אפמאך. אין א יאר ארום האט אויסגעבראכען אן אויפשטאנד געגען די נייע רעגירונג. פרעזידענט טאפט האט דעמאלט געשיקט 2.500 אמעריקאנער סאל־דאטען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד. אין צוויי מאנאט צייט זיינען זיי פארטיג געווארען מיט דער ארבייט און די אמעריקאנער רעגירונג האט איבערגעלאזען א גארניזאן פון 100 מאן אויפצוהאלטען ארדענונג.

מיט צוויי יאר שפעטער, בשעת ווילסאן איז שוין געווען פרעזי־דענט, האט דער אמעריקאנער אויסלענדישער מיניסטער ברייען גע־שלאסען א נייעם טראקטאט מיט דעם מיניסטער טשאמארא פון ניקאראגוא. בראיאן האט זיך אפגעזאגט פון די שותפות מיט די אמעריקאנער באנקירען, ער האט פראסט פארגעשלאגען, אז די רע־גירונג פון די פאראייניגטע שטאטען זאל באצאלען א סומע געלט דער רעגירונג פון ניקאראגוא פאר'ן רעכט צו בויען א צווייטען קאנאל דורך ניקאראגוא, וואס זאל פארבינדען די צוויי אקעאנען. דערצו זיינען אבער צוגעקומען אנדערע פונקטען, וואס זיינען שוין ניט גע־ווען אזוי אומשולדיג. ערסטענס האט די רעגירונג פון די פאראיי־ניגטע שטאטען גענומען „אין ארענדא" פון ניקאראגוא צוויי אינזלען אין דער מזרח־זייט, און צווייטענס האט זי געקראגען א פארט פאר אירע קריגסשיפען אין מערב־זייט. דער צוועק איז געווען צו באפעס־טיגען דעם קאנאל פון ביידע זייטען. חוץ דעם איז נאך געווען א דריטער פונקט: די פאראייניגטע שטאטען האבען געזאלט קריגען א פראטעקטאראט איבער ניקאראגוא פונקט אזוי, ווי זיי האבען איבער קובא.

דער פלאן צו בויען א קאנאל איבער ניקאראגוא איז ניט קיין נייער. מען האט וועגען אים נאך גערעט אין דער צייט פון דער וועלט־אויסשטעלונג אין שיקאגא, אין 1893. די זאך איז אונטער־זוכט געווארען דורך עקספערטען און עס איז געווען א מיינונג, אז א קאנאל דורך ניקאראגוא וועט זיין פארבונדען מיט קלענערע שוועּ־

רינקייטען ווי א קאנאל דורך פאנאמא. איצטער, ווען דער פאנאמא קאנאל איז שוין אויסגעבויט געווארען, האט אונזער רעגירונג גע־וואלט זיך פארזיכערען, אז קיין אנדער רעגירונג זאל ניט בויען קיין קאנקורענץ־קאנאל דורך ניקאראגוא.

בראיאן׳ס פלאן האט זיך אבער אנגעשטויסען אויף פראטעסטען פון אנדערע צענטראל אמעריקאנישע רעפובליקען. זייערע שטאטס־לייט טראגען זיך שוין לאנג ארום מיט דעם פלאן צו בינדען א פעדע־ראציע פון די פינף רעפובליקען נאך דעם מוסטער פון די פאראיי־ניגטע שטאטען. אזא פעדעראציע — האט שוין עקזיסטירט פון 1823 ביז 1839, אבער דורך א בירגער־קריג איז זי אויפגעלייזט גע־ווארען. זינט יענער צייט האבען זיי א פאר מאל פרובירט ווידער צו פאראייניגען זיך, אבער די פאראייניגונגען האבען זיך ניט גע־האלטען. די לעצטע פראבע איז געמאכט געווארען אין 1895: ניקא־ראגוא האט זיך פאראייניגט מיט סאלוואדאר און האנדוראס, אבער אין דריי יאר ארום האבען זיי זיך ווידער צוטיילט. זינט יענער צייט האבען זיי אפגעהאלטען צוויי קאנפערענצען, איינע אין 1907 און די אנדערע אין 1910, אבער זיי זיינען צו קיין פראקטישע רעזולטאטען ניט געקומען.

אויב ניקאראגוא ווערט געשטעלט אונטער דעם פראטעקטאראט פון די פאראייניגטע שטאטען, הייסט דאס, אז זי פארלירט איר אומ־אפהענגיגקייט, און דעמאלט איז שוין קיין האפנונג ניטא אויף א פאראייניגונג פון די פינף רעפובליקען אין א פעדעראציע. דעריבער האבען דריי פון די אנדערע פיר רעפובליקען אריינגעשיקט פראטעס־טען צו דעם סטעיט דעפארטמענט אין וואשינגטאן געגען דעם גע־פלאנטען טראקטאט. דער פראטעסט האט געהאט א ווירקונג, אז די אלע פונקטען וועגען א פראטעקטאראט זיינען אויסגעמעקט געווארען און אין 1914 איז געשלאסען געווארען א טראקטאט, לויט וועלכען די פאראייניגטע שטאטען דארפען איינצאלען דער רעגירונג פון ני־קאראגוא 3,000,000 דאלאר פאר דאס רעכט צו בויען א קאנאל, צוזאמען מיט דער ארענדע פון די צוויי אינזלען אויף 99 יאר מיט דעם רעכט צו פארלענגערען די ארענדע נאך אויף ניין־און־ניינציג יאר. דאס הייסט צוזאמען אויף 198 יאר, און אויך צוזאמען מיט דעם רעכט צו בויען א פארט פאר אמעריקאנער קריגסשיפען אין

ניקאראגוא. דעם רעכט אויפצוהאלטען קריגסשיפען אין דעם אויסגוס פון פאנסעקא, און דעם רעכט פון אינטערווענציע „צו באשיצען די אומאפהענגיגקייט פון ניקאראגוא".

די דריי מיליאן דאלאר קריגט ניקאראגוא ניט אין אירע הענט: די געלט דארף איינגעלעגט ווערען אין א באנק וואס די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען וועט אליין אויסקלייבען און קען באנוצט ווערען נאר אויף צו באצאלען די חובות פון דער רעגירונג פון ניקאראגוא. אויב זי וויל עס באנוצען פאר אנאנדער צוועק, דארף זי קריגען די צושטימונג פון דעם סטעיט־דעפארטמענט אין וואשינגטאן. און כדי צו מאכען זיכער, אז זי וועט אויף דעם פונקט ניט עובר זיין, קען די געלט ניט אויסגעצאלט ווערען אן דער אונטערשריפט פון דעם אויסלענדישען מיניסטער (סעקרעטערי אף סטעיט) פון די פאראייניגטע שטאטען.

נעגען דעם אפמאך האט קאסטא־ריקא פראטעסטירט, ווייל ער איז געגען דעם פסק־דין וואס פרעזידענט קליוולאנד האט אין יאר 1883 ארויסגעגעבען אלס בורר אין א סכסוך צווישען קאסטא־ריקא און ניקאראגוא. עס האט זיך געהאנדעלט וועגען די גרעניצען צווישען די צוויי רעפובליקען. דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען האט גע'פסק'ענט, אז ניקאראגוא טאר ניט מאכען קיין טראקטאט צו ערלויבען בויען א קאנאל אהן דער צושטימונג פון קאסטא־ריקא. און קאסטא־ריקא איז בארעכטיגט צו קריגען א טייל פון דער סומע, אויף וועלכער ניקאראגוא באדינגט זיך.

סאלוואדאר און האנדוראס האבען פראטעסטירט דאגעגען, וואס ניקאראגוא ערלויבט דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען צו באנוצען דעם ברעג פון ניקאראגוא פאר מיליטערישע צוועקען, ווייל דאס איז א ברוך פון דעם טראקטאט וואס איז געשלאסען געווארען צווישען די צענטראל אמעריקאנישע רעפובליקען אין 1907 אין וואשינגטאן, דורך דער פארמיטלערשאפט פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען. לויט יענעם טראקטאט ווערט פארזיכערט די נייטראליטעט פון האנדוראס. ווען די פאראייניגטע שטאטען וועלען איצטער בויען א מיליטערישען פארט אין ניקאראגוא, ווערט דערמיט די נייטראליטעט פון האנדוראס געשטעלט אין סכנה. האבענדיג

געהאנדעלט אלס פארמיטלעריז ביי דעם שליסעז פון יענעם טראקטאט. טאר די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטעז אים איצטער ניט ברעכעז, — האבעז די רעפובליקעז פון סאלוואדאר און קאסטא־ריקא געזאגט אין זייערע פראטעסטעז.

אבער מיר וויסעז דאך שוין, אז אן אינטערנאציאנאלער טראקטאט איז ניט מעהר ווי „א שטיקעל פאפיר.“ איז דער טראקטאט מיט ניאקאראגוא גוטגעהייסעז געווארעז פון דעם אמעריקאנער סענאט אין 1916.

דער טראקטאט האט ארויסגערופעז א שטארקע אומצופרידענהייט אין ניקאראגוא. דער שליח פון דער רעפובליק אין וואשינגטאן, טשאמארא, וועלכער האט געשלאסעז דעם אפמאך, איז אין דעמזעלביגעז יאר געלאפעז אלס קאנדידאט פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי פאר דעם אמט פון פרעזידענט פון ניקאראגוא. די ליבעראלע פארטי האט ארויסגעשטעלט א קאנדידאט געגעז אים. אבער דער טראקטאט האט געדארפט גוטגעהייסעז ווערעז פון דעם פארלאמענט פון ניקאראגוא. דעריבער איז די וואשינגטאנער רעגירונג געוועז פאראינטערעסירט, אז די וואל זאל דארטעז געהאלטעז ווערעז „אין ארדנונג“ און טשאמארא זאל ווערעז פרעזידענט. האט דער שטאטס־דעפארטמענט פון די פאראייניגטע שטאטעז געלאזט וויסעז, אז אויב די ליבעראלע רעגירונג וועט ערוועהלט ווערעז, וועט זי ניט אנערקענט ווערעז פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטעז. די ליבעראלע פארטיי, וועלכע האט באהויפטעט, אז די מאיאריטעט פון די וואוטערס האבעז געהאלטעז פאר איר קאבינעט, האט באשלאסעז צו באיקאטירעז די וואלעז, און טשאמארא איז ערוועהלט געווארעז אהן אפאזיציע.

די אונטערסטע שורה איז, אז דער עיקר פון די אלע פראטעקטאראטעז באשטעהט אין דעם, וואס די העכסטע פאליטישע מאכט ליגט ביי דער אמעריקאנער רעגירונג, אין וועלכער די באפעלקערונג פון די „באשיצטע“ לענדער האט קיין דעה ניט. דאס איז דערזעלביגער סיסטעם, וועלכער האט ארויסגערופעז דעם סכסוך צווישעז די אמעריקאנער קאלאניעס און דעם בריטישעז פארלאמענט. „די רעוואלוציאנערע אבות“ האבעז ערקלערט, אז די רעגירונגעז „ציעז זייער מאכט על פי יושר, פון דער צושטימונג פון די רעגירטע“. מיט

דער אויסברייטונג פון דעם סיסטעם פון פּראָטעקטאָראַטען האָבען די פאראייניגטע שטאַטען געבראַכען מיט דער פּאָליטישער פילאָזאָפיע פון דעם אכצענטען יאָרהונדערט, וועלכע איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען פון „רזשעפערסאָנישער דעמאָקראַטיע“.

## דרייצענטער קאפיטעל

# דירעקטע דעמאקראטיע.

די אויסראטונג פון דער רעפרעזענטאטיווער דעמאקראטיע איז א פארטיי־אליגארכיע האט געבראכט די אמעריקאנער קריטיקער פון דעם הערשענדען פאליטישען סיסטעם צו דער איבערצייגונג, אז עס איז נימא קיין שום אויסזיכט אים איבערצומאכען מיט דער הילף פון די רעפרעזענטאטיווע פארלאמענטארישע אינסטיטוציעס. דער אמע־ריקאנער פאליטישער ראדיקאליזם איז געקומען צו דעם געדאנק, אז מען דארף זיך אומקערען צו דעם פרינציפ פון דער פארצייטיגער די־רעקטער געזעצגעבונג. די אנזאמלונג פון דער באפעלקערונג אין גרויסע שטעט האט אוממעגליך געמאכט צו באשפרעכען די קהל'שע עסקים אויף א פארזאמלונג פון אלע וואוטערס. אבער אויפ'ן שטעל פון דער פארצייטיגער פארמע פון דירעקטער געזעצגעבונג איז גע־קומען דער ר ע פ ע ר ע נ ד ו ם, ד. ה. די אלגעמיינע פאלקס־אפשטימונג וועגען א פארגעשלאגענעם געזעץ.

די ערסטע פראבע פון דעם רעפערענדום אין אמעריקא איז נאך געמאכט געווארען אין דער צייט פון דעם אמעריקאנער קריג פאר אומאפהענגיגקייט. אין 1778 איז די ערשטע רעפובליקאנער קאנ־סטיטושאן פון דעם סטעיט מאסאטשוסעטס איבערגעגעבען געווארען אויף אן אפשטימונג פון פאלק. אין 1779 האט דעמזעלבען ביישפיל געפאלגט דער סטעיט ניו־העמפשיר. שפעטער איז עס געווארען אן אלגעמיינער מנהג אין אלע סטעיטס, אז א נייע קאנסטיטושאן דארף גוטגעהייסען ווערען דורך אן אלגעמיינער אפשטימונג פון די וואו־טערס. ביסלעכווייז איז דער רעפערענדום אריין אין די וואכעדיגע געזעצגעבענדע און אדמיניסטראטיווע טעטיגקייט. היינט־צו־טאג פא־דערט דער געזעץ כמעט אין אלע סטעיטס אז אין געוויסע אנגעלעגנ־

הייטען זאל אן אלגעמיינער געזעץ אדער א לאקאלע באשטימונג („אָרדינאַנס") פריער גוטגעהייסען ווערען דורך אן אלגעמיינע אפשטי־מונג, איידער ער געהט אריין אין קראפט. די צאל אזעלכע ענינים אין אלע סטעיטס איז מעהר ווי א הונדערט.

דאס איז אלץ וואס איז שייך אזעלכע געזעצען וואס די געזעצ־געבענדע אדער די אדמיניסטראטיווע מאכט גיט אליין איבער אויף א פאלקס־אפשטימונג, אבער דער פאליטישער ראדיקאליזם אין אמע־ריקע האט זיך ניט באנוגענט דערמיט און האט ארויסגעשטעלט די פאדערונג, אז דער רעפערענדום זאל אנערקענט ווערען. אלס אן אל־געמיינער פרינציפ אין דער געזעצגעבונג און אז די איניציאטיווע זאל געהערען צו די וואוטערס גופא.

די פאדערונג פון דער איניציאטיווע מיט דעם רעפערענדום איז געווען פון די ערסטע סמנים פון דער פאליטישער אויפקלערונג פון דעם אמעריקאנער ארבייטער־קלאס. אין 1878, אויף דעם ערסטען אלגעמיינעם צוזאמענפאר פון די „נייטס אוו לעיבאר" (די ריטער פון דער ארבייט) פון די פאראייניגטע שטאטען איז די פאדערונג פון דער איניציאטיווע מיט'ן רעפערענדום געשטעלט געווארען בראש פון דער פאליטישער פלאטפארמע פון יענער פארטשריטליכער אר־בייטער־ארגאניזאציע. אין 1889 איז די דאזיגע פאדערונג אריינגע־שטעלט געווארען אין די ערסטע פלאטפארמע פון דער „סאשעליסט לעיבאר פארטי" (ס' ל. פ.) זינט יענער צייט איז די דאזיגע פאדערונג געווארען זעהר פאפולער און די אגיטאציע פאר איר איינפירונג איז איבערגענומען געווארען פון די בורזשואזנע ראדיקאלען.

אין 1892 האט זיך געבילדעט די „פיפל'ס פארטי" (די פאלקס־פארטיי), וועלכע האט אויך אנגענומען דעם פרינציפ אין איר פראג־ראם. ביי דער וואל פאר פרעזידענט יענעם יאר האט זי געקראגען איבער א מיליאן שטימען.

באלד נאך דער וואל איז געווען דער יערליכער צוזאמענפאר פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר; זי האט אויך אנגענומען א רעזאלוציע צו גונסטען פון דירעקטע געזעצגעבונג און האט אויפ־געפאדערט אלע יוניאנס וואס באלאנגען צו דער פעדערעישאן צו נע־מען זיך צו אגיטירען פאר דעם פרינציפ.

אין די מערב־סטעיטס, וועלכע זיינען אימער געווען דער אוואנ־גארד פון פראגרעס אין אמעריקע, איז די באוועגונג צו גונסטען פון

דער איניציאַטיווע מיט'ן רעפערענדום באַלד געוואָרען אַזוי שטאַרק, אַז ביידע הערשענדע פּאַרטייען האָבען געמוזט נאָכגעבען די פאָדערונג פון פּאָלק, און דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרען אַלס אַן אַמענדמענט צו די קאָנסטיטושאַנס פון עטליכע סטעיטס.

דעם אָנהויב האָט געמאַכט סויט דאַקאָטא אין 1897 אונטער דעם איינפלוס פון דער פּאָפּוליסטישער באַוועגונג.

אין 1896 האָט דער וואוקס פון דער פּאָפּוליסטישער פּאַרטיי געצוואונגען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי צו מאַכען אַ בלאָק („פיוזשאַן") מיט איר ביי די וואַלען פאַר פּרעזידענט. אין דער לעדזשיסלעיטשור (דעם סטעיט פּאַרלאַמענט) וואָס איז דעמאָלט ערוועהלט געוואָרען, האָט דער בלאָק געקראָגען אַ מאַיאָריטעט. ביי איר ערסטער סעסיע אין 1897 איז אָנגענומען געוואָרען אַ פּאָרשלאַג פּאָרצולעגען אויף אַ פּאָלקס־אָפּשטימונג די פראַגע, צי עס זאָלען איינגעפירט ווערען די איניציאַטיווע און דער רעפערענדום. ביי דער נעהסטער וואַל, אין 1898, האָט דאָס פּאָלק געשטימט איבער דעם פּאָרשלאַג און ער איז אָנגענומען געוואָרען. דערמיט איז דער פּרינציפּ איינגעפירט גע־וואָרען אין די קאָנסטיטושאַן פון דעם סטעיט. מ'האָט נאָך אָבער געדאַרפט מאַכען אַ געזעץ, ווי אַזוי עס זאָלען ווערען איינגעריכטעט די אָפּשטימונגען. דאָס איז פאָרגעקומען פאַר דער לעדזשיסלעיטשור אין דער נעקסטער סעסיע, אין 1899. די מאַיאָריטעט איז שוין דער־מאָלט געווען אַ רעפּובליקאַנער, אָבער זי האָט מורא געהאַט צו געהן געגען די עפענטליכע מיינונג און די פּאָלגענדע פּונקטען:

ערסטענס, קיין געזעץ קען ניט ווערען אָנגענומען איידער די ביר־גער האָבען געהאַט דריי מאָנאַטען צייט מיט אים באַקאַנט צו ווערען; אין ד ע ר צייט מעגען פינף פּראָצענט פון די וואוטערס פון דעם סטעיט אָנגעבען אַ פּעטיציע אַז דער געזעץ זאָל איבערגעגעבען ווע־רען אויף אַ רעפערענדום ביי דער נעקסטער וואַל, סיידען ער איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי דריטעל אין ביידע קאַמערען. דער צווייטער פּונקט פון דעם געזעץ באַשטימט, אַז פינף פּראָצענט פון אַלע וואָטערס מעגען אויספּערטיגען אַ פּראָיעקט פון אַ געזעץ און אָנגעבען אַ פּעטיציע אַז איבער דעם פּראָיעקט זאָל אָפּגע־שטימט ווערען ביי דער נעקסטער וואַל.

דער אונטערגאַנג פון דער פּאָפּוליסטישער פּאַרטיי האָט ניט אָפּגעשטעלט די באַוועגונג פאַר די איניציאַטיווע. אין 1902 איז דער

אמענדמענט אָנגענומען געוואָרען אין אָרעגאָן כמעט איינשטימיג: פון יעדע 12 וואָוטס, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען ביי דער פּאָלקס־אָפּשטימונג, זיינען עלף געווען פאַר דעם אַמענדמענט און איינע דאַ־געגען. זינט יענער צייט זיינען אַזעלכע אַמענדמענטס אָנגענומען גע־וואָרען נאָך אין פופצען סטעיטס, צווישען זיי אויך אין אַזעלכע אַלטע קאָנסערוואַטיווע סטעיטס, ווי מעין, אָהייאָ און מערילענד, און אפילו אין דעם רעאַקציאָנערען דרום אין דעם סטעיט אַרקאַנסאָ.*) אין אַנ־דערע סטעיטס איז דער אַמענדמענט פאָרגעשלאָגען געוואָרען ביי דער לעדזשיסלעיטשור, אָבער אין די מערסטע סטעיטס איז די אַמענדי־רונג פון דער קאָנסטיטוציע זעהר א לאַנגע מעשה: עס פאָדערט זיך, למשל, אַז די לעדזשיסלעיטשור זאָל אָננעמען דעם אַמענדמענט צוויי מאָל, ביי איין סעסיע נאָך דער אַנדערער, דערנאָך דאַרף דער אַמענד־מענט אָנגענומען ווערען ביי די נעקסטע וואַלען דורך א פּאָלקס־אָפּשטי־מונג, און צום סוף דאַרף נאָך די לעדזשיסלעיטשור אָננעמען א געזעץ, ווי אַזוי דורכצופירען דעם אַמענדמענט אין דער פּראַקטיקע. אויף דעם אופן קען אַמאָל די לעדזשיסלעיטשור מאַכען צונישט דעם גאַנ־צען אַמענדמענט. אַזוי האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזען אין דעם סטעיט יוטאָ, וואו דער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן איינצופירען די איניציאַטיווע איז אָנגענומען געוואָרען דורך א פּאָלקס־אָפּשטימונג אין 1900 און די לעדזשיסלעיטשור האָט נאָך ביז דעם יאָר 1918 ניט אָנגענומען קיין געזעץ איינצופירען די איניציאַטיווע אין דער פּראַק־טיקע.

דער עיקר פון דער דירעקטער געזעצגעבונג, אומעטום וואו זי איז ביז אהער אָנגענומען געוואָרען, באַשטעהט אין דעם, אַז א געוויסע צאָל רעגיסטרירטע וואָוטערס (פון 5 ביז 25 פּראָצענט פון דער גאַנ־צער צאָל) מעגען פאַרפאַסען א „ביל" (א פּראָיעקט פון א געזעץ) און אָנגעבען א פּעטיציע צו דער עלעקשאָן באָארד (די באַאַמטע איבער די וואַלען), אַז זייער ביל זאָל איבערגעגעבען ווערען אויף א רעפּע־רענדום. די וואָל־באַאַמטע דאַרפען אונטערזוכען, צי עס איז פאַראַן

*) אָט איז דער פולער צעטעל פון די סטעיטס מיט די יאָרען ווען דער אַמענדעמענט איז אָנגענומען געוואָרען: 1897 — סויט דאָקאָטאַ; 1902 — אָרעגאָן; 1906 — מאָנטאַנאַ; 1907 — אָקלאַהאָמאַ; 1908 — מיזורי און מעין; 1910 — קאָלאָראַדאָ און אַרקאַנסאָ; 1911 — קאַליפאָרניאַ און אַרי־זאָנאַ; 1912 — וואַשינגטאָן, איידאַהאָ, נעבראַסקאַ און אָהיאָ; 1913 — מישיגאַן; 1914 — נאָרטה דאַקאָטאַ; 1915 — מערילענד.

די נויטיגע צאָל אונטערשריפטען אונטער דער פעטיציע און צי זי איז אין הסכם מיט אלע אנדערע פאָרמען פון דעם געזעץ, און אויב אלצדינג איז ריכטיג ווערט דער ביל געדרוקט אויף דעם באלאָט און ווערט אפגעשטימט ביי די נעקסטע וואלען.

דאָס איז וואָס מ'רופט דער פ ר י י וו י ל י ג ע ר רעפערענדום. עס איז נאָך פאַראַן א צווייטער מין רעפערענדום, דער אָ ב ל י־ ג א ט אָ ר י ש ע ר, באשטעהט אין דערין, וואָס געוויסע געזעצע קענען ניט אָנגענומען ווערען ביז וואנען דאָס פאָלק האָט ניט גע־ שטימט איבער זיי.

אין עטליכע סטעיטס האָט די איניציאטיווע די קראפט פון א ; ו ע ט א פון פאָלק געגען די אקטען פון די געזעצגעבער, נאָך דעם מוסטער פון סויט דאקאָטא. קיין געזעץ טרעט ניט אריין אין קראפט פריער ווי נאָך א געוויסער צייט נאָכדעם ווי ער איז אָנגענומען געוואָ־ רען אין דער לעדזשיסטלעיטשור. אין דער צייט האָבען די וואוטערס די מעגליכקייט צו פאָדערען, אז דער געזעץ זאָל איבערגעגעבען ווערען אויף א רעפערענדום ביי דער נעקסטער וואל. אויף דעם אופן קריגען די וואָוטערס א מיטעל צו קאָנטראָלירען די טעטיגקייט פון זייערע ערוועהלטע געזעצגעבער.

א באשרענקטע פאָרמע פון דער פאָלקס איניציאטיווע אין דער געזעצגעבונג איז אין 1901 אָנגענומען געוואָרען אין אילינאָי. לויט יענעם געזעץ מעגען צען פראָצענט פון די וואָוטערס פון דעם גאנצען סטעיט, אָדער א פערטעל פון אלע וואוטערס פון א שטאָט, פאָר־ לאַנגען דורך א פעטיציע, אז א געוויסע פרינציפיעלע פראגע בנוגע צו דער געזעצגעבונג זאָל פאָרגעלעגט ווערען פאַר דעם פאָלק, טו מוז זי איבערגעגעבען ווערען אויף א רעפערענדום ביי דער נעקסטער וואָל. דאָס איז געווען א הנחה צו לאַנגע יאָרען אגיטאַציע פאר דעם רע־ פערענדום, די פּאָליטישענס אָבער האָבען געטאָן אלצדינג צו מאַכען דעם געזעץ „אומשעדליך". ערסטענס, איז די צאָל פון אזעלכע קשיות וואָס מען מעג פרעגען ביי די וואָוטערס ביי יעדער וואָל ניט מעהר ווי דריי, דאָס הייסט ניט מעהר ווי זעקס א יאָר.*) צווייטענס, כדי א פראגע זאָל פאָרגעלעגט ווערען אויף א רעפערענדום איז נויטיג, אז א הויכע צאָל פארשריבענע וואָוטערס זאָלען געבען זייערע אונ־

*) אין אילינאָי ווערען אָפגעהאלטען צוויי וואַלען א יאָר, אין אפריל פאר די שטאָט־פאָרוואַלטונג און אלגעמיינע אין נאָוועמבער.

מערשרדיפטען פאר דעם פארשלאג. אין דער צייט וועז דער געזעץ איז אנגענומען געווארען, האט דאס אויסגעמאכט הונדערט טויזענט אונטערשריפטען צו א פעטיציע. צוזאמענקלייבען אזוי פיל חתימות האט אויסגעזעהען ווי עבדות פרך. אבער באלד ביי דער ערסטער וואל נאך דעם ווי דער געזעץ איז אנגענומען געווארען, אין אפריל 1902, זיינען אויף דעם רעפערענדום פארגעלעגט געווארען דריי פראגען: פאר מוניציפאליזאציע (שטאטישען אייגענטום) פון שטאט־באנען און באלייכטונג, און פאר דירעקטע פריימערים. אלע דריי פארשלאגען זיינען אנגענומען געווארען מיט א גרויסער מאיאריטעט.

די דריטע און די וויכטיגסטע באשרענקונג פון דעם געזעץ בנוגע איניציאטיווע און רעפערענדום באשטעהט אין דעם, וואס דער ענטפער פון די וואוטערס אויף די געזעלשאפטליכע פראגען איז ניט מעהר ווי אן עצה פאר די געזעצגעבער, וואס זיי זיינען ניט מחויב צו פאלגען. אין דער פראקטיקע אבער איז אפטמאל אן „עצה" פון דער מאיאריטעט פון די וואוטערס אזוי גוט ווי א באפעל פאר א פאליטישע פארטיי, וואס וויל בלייבען אין אמט אדער וואס וויל געווינען די פאליטישע מאכט. דאס האט טאקע באוויזען די ערפארונג מיט דער איניציאטיווע אין שיקאגא.

אין 1904 איז פארגעלעגט געווארען אויף א רעפערענדום א פאר־שלאג צו דעם שטאט־ראט פון דער שטאט שיקאגא ניט צו באנייען די „פראנטשייזעס" (די קאנצעסיעס) אויף די שטאט־באנען, אויף וועלכע דער טערמין האט געזאלט אין גיכען אויסגעהן, און צו מאכען אן הלואה אויף אפצוקויפען ביי דער קאמפאניע די גאנצע אויסשטא־טונג פון דער באן (די עלעקטרישע סטאנציעס מיט די פארבינדונגען, די רעלסען, א. א. וו.) מעהר ווי צוויי דריטעל פון די וואוטער האבען געשטימט פאר דעם פארשלאג. דער ווילען פון דער מאיאריטעט פון פאלק איז דא אבער געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסען פון א מעכטיגער גרופע פון פינאנץ־קאפיטאל. ווי מ'האט זיך גע־קאנט ריכטען, האט זיך דער שטאט־ראט געמאכט כלא־ידע און האט באשלאסען צו פארלענגערען די פראנטשייז נאך אויף פופציג יאר.

די „רעפערענדום־ליג", וועלכע האט דורכגעפירט דעם פארשלאג ביי דער פאלקס־אפשטימונג, האט זיך געווענדעט צום מעיאר, ער זאל ארויפלעגען זיין וועטא אויף דעם באשלוס פון דעם שטאט־ראט, וואס איז געגאנגען אזוי קלאר להיפוך דעם ווילען פון די וואוטערס, אבער

דער מעיאָר, וועלכער איז פאר דעם געווען א הייסער מאמין אין „מיוניסיפאל אונערשיפ״ (שטאָט־אייגענטום) האָט אין גאנצען פאר־געסען, אז ער איז ערוועהלט געוואָרען אויף א פּלאַטפאָרמע, וואָס האָט געפאָדערט, אז די שטאָט זאָל איבערנעמען אין אירע הענט די שטאָט־באַנען. אויף די פאָדערונג פון דער רעפערענדום־ליג האָט ער חוצפה׳־דיג געענטפערט, אז ער וועט גוטהייסען דעם באשלוס פון דעם שטאָט־ראָט, סיידען די ליג וועט אים תיכף צושטעלען א פּראָטעסט מיט הונדערט טויזענט אונטערשריפטען. נאָכצוקומען אזא פאָדערונג אין דער קורצער צייט, וואָס דער מעיאָר האָט געגעבען דער ליג, האָט אויס־געזעהן פּשוט אוממעגליך. אָבער עס זיינען איר געקומען צו הילף הוירסט׳ס צייטונגען: אויף דער ערשטער זייט פון יעדער אויסגאַבע איז אָפּגעדרוקט געווען דער פּראָטעסט מיט אן אויפרוף צו די לעזער זיי זאָלען אים אויסשניידען, חתמ׳ענען און צושיקען אין די רעדאַק־ציע. אין דעם משך פון עטליכע טעג זיינען די 100,000 אונטער־שריפטען אריינגעקומען. געשטעלט פּנים אל פּנים מיט אזא דעמאָנס־טראַציע, האָבען די משרתים פון דער שטאָט־באַן קאָמפּאַניע אין דעם שטאָט־ראָט געקראָגען קאַלטע פיס און האָבען געמאַכט השיבנו נאָזאַד. ביי דער נעקסטער וואַל, אין אַפּריל 1905, האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אריינגעשטעלט אין איר פּלאַטפאָרמע דעם באשלוס פון דעם פּאָראַיאָריגען רעפערענדום. איר קאַנדידאַט פאַר מעיאָר האָט גע־וואונען מיט א מאַיאָריטעט פון 30,000, הגם רוזוועלט האָט מיט פינף חדשים פאר דעם ביי דער וואַל פאַר פּרעזידענט געקראָגען אין שיקאַ־גאָ א מאַיאָריטעט פון 100,000 וואוטס. די נייע אדמיניסטראַציע האָט זיך באַלד גענומען אויספירען דעם באשלוס פון דעם רעפע־רענדום.*) אויף דעם אופן איז מיט דער הילף פון דער איניציאַטיווע און דעם רעפערענדום געלונגען צו צווינגען די פּאָליטישענס אונטער־צוגעבען זיך.

די געגנער פון דירעקטער געזעצגעבונג ווייזען אָן אויף א סך חסרונות אין דעם פּלאַן. דער רעפערענדום איז בעצם קורץ, דער ענטפער קען זיין נאָר י ע אָדער נ י י ן.

אזא ענטפער פּאַסט זיך אָבער ניט צו א געזעץ, וואָס באַשטעהט

*) די שטאָט־באַן קאָמפּאַניע האָט אריבערגעטראָגען דעם קאַמף אין די קאָרטס. דער סכסוך האָט זיך געצויגען עטליכע יאָר און האָט זיך געענדיגט מיט א פּשרה.

פון פארשידענע פונקטען: דער וואוטער קען זיין פאר געוויסע פונק־
טען און געגען אנדערע. א חוץ דעם פעהלט דעם דורכשניטליכען
וואוטער די בילדונג, וואס איז נויטיג כדי ער זאל זיך קענען קריטיש
פארנאנדערקלייבען אין די איינצעלהייטען פון א קאמפליצירטען גע־
זעץ. די ערפארונג ווייזט, אז א העלפט פון די וואוטערס, וואס
שטימען פאר די קאנדידאטען, באטייליגען זיך ניט אין רעפערענדומס.
און ענדליך זיינען די גרעניצען פון דירעקטער געזעצגעבונג זעהר ענגע:
מען קען ניט באלעסטיגען דעם וואוטער מיט א גרויסער צאל פרא־
יעקטען פון געזעצען, ביי יעדער וואל קען מען פארלעגען פאר אן
אלגעמיינע פאלקס־אפשטימונג נאר א קליינע צאל פראגען, בעת יעדע
סעסיע פון דער לעדזשיסלעיטשור שאפט הונדערטער נייע געזעצען.
דאס הייסט, אז אפילו וואו דער רעפערענדום איז שוין אנגענומען גע־
ווארען אלס א טייל פון דעם רעגירונגס אפאראט, בלייבט נאך אלע
די גאנצע מאסע פון דער געזעצגעבענדער ארבייט אין די הענט פון די
רעפרעזענטאטיווע געזעצגעבענדע קערפערשאפטען.

מען קען ניט אפלייקענען אין גאנצען די קראפט פון די אלע
ארגומענטען, הגם וואס איז שייך דעם אינטערעס פון די וואוטערס,
האט דער ביישפיל פון שיקאגא געוויזען, אז מ'קען מיט דער הילף
פון דעם רעפערענדום אויפוועקען די מאסע וואוטערס. נאך וויכ־
טיגער אבער איז צו האבען אין זינען די אלגעמיין באקאנטע שוואכ־
קייטען פון דעם אמעריקאנער רעפרעזענטאטיווען סיסטעם. דאס רוב
פון די געזעצען וואס ווערען אנגענומען אין די לעדזשיסלעיטשורס
ווערען קיינמאל ניט דיסקוטירט, זיי ווערען צוגעגרייט פון די פאר־
אינטערעסירטע פערזאנען, וואס געהערען גאר ניט צו דער לעדזשיסלע־
יטשור אדער צום קאנגרעס. דאס איז וואס מען רופט די „לאובי"
(די פירהויז), אדער „די דריטע הויז" (ס'הייסט חוץ דעם סענאט און
דער אונטער־הויז פון יעדער אמעריקאנער פארלאמענטארישער קער־
פערשאפט). ווייטער ווערען דאס רוב געזעצע אנגענומען ניט נאר
אהן דעבאטען, נאר אפילו ניט געלעזענערהייט, — דורך אן „אלגע־
מיינע צושטימונג": דער קלוירק לעזט פאר דעם טיטעל פון דעם
געזעץ און אויב קיינער רופט זיך ני אפ, אז ער איז דאגעגען, ווערט
דער ביל א געזעץ. פארקערט, אויב מען וויל פארלעגען א געזעץ פאר
די איניציאטיווע פון פאלק, מוז מען אים פריער געהעריג דיסקוטירען
ביי א רייע פאלקס־פארזאמלונגען און אין דער פרעסע, וואו יעדער

איינער האט די געלעגענהייט אנצואווייזען אויף זיינע פעלערען און פארשלאגען אויסבעסערונגען. פון דער אנדערער זייט, ווי שוין גע־זאגט, איז דאס רעכט פון איניציאטיווע א בייטש אין האנט פון פאלק נעגען שעדליכע געזעצען, פאר די רעפרעזענטאטיווע קערפערשאפטען ווערט איבערגעלאזען די מאכט צו מאכען אזעלכע געזעצען, וואס האבען די שווייגענדיגע צושטימונג פון דער עפענטליכער מיינונג.

וויפיל איניציאטיווע האבען די וואוטערס ארויסגעוויזען אין דער געזעצגעבונג, וואו די קאנסטיטוציע האט זיי דערצו געגעבען דאס רעכט? אין ארעגאן, וועלכער ווערט באטראכט פאר די ציטאדעל פון דירעקטער דעמאקראטיע, זיינען ביי די ערסטע זעקס וואלען (1904—1912) פארגעלעגט געווארען פאר די וואוטערס 61 געזעצען און 41 אמענדמענטס צו דער קאנסטיטושאן פון דעם סטעיט. אין 1914 האבען די וואוטערס אין איין און דרייסיג סטעיטס געשטימט איבער 286 געזעצען און אמענדמענטס, אין 1916 אין דריי און צוואנ־ציג סטעיטס איבער 111 געזעצען און אמענדמענטס.

ביז אהער איז נאך די דירעקטע געזעצגעבונג געבליבען באשרענקט אויף די איינצעלנע סטעיטס. ביי דער וואל פאר פרעזידענט אין 1916 האט די סאציאליסטישע פארטיי ארויסגעשטעלט די פאדערונג, אז ווען דער קאנגרעס וויל ערקלערען קריג, זאל ער מוזען די קריגס־ערקלערונג איבערגעבען אויף א רעפערענדום פון די וואוטערס. דער פראגרעסיווער רעפובליקאנער סענאטאר לאפאלעט, וועלכער האט גע־רעט און געשטימט געגען די קריגסערקלערונג, איז ארויסגעטראטען פאר די דאזיגע פאדערונג פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

## פערצענטער קאפיטעל

# די לעצטע דעמאָקראַטישע רעפאָרמען.

די פאָליטישע אנטוויקלונג פון די פאראייניגטע שטאטען אין דער צייט פון דעם בירגער־קריג ביז צו דער איצטיגער מלחמה איז געווען דער רעזולטאט פון א קאמף צווישען צוויי ריכטונגען. פון איין זייט זיינען די קאפיטאליסטישע אינטערעסען געווארען די הערשענדע מאכט איןביידע גרויסע פּאָליטישע פארטייען און אויף דעם אופן איז דער קאפיטאליסטישער קלאס פאקטיש געווארען דער הערשענדער קלאס, ניט אכטענדיג אויף די אויסערליכע דעמאָקראַטישע פארמען. פון דער אנדערער זייט אָבער זיינען דורכגעפירט געווארען א גאנצע רייע דע־מאקראַטישע רעפארמען, — פרויען־שטימרעכט, דער געהיימער באַ־לאַט, די איניציאַטיווע און דער רעפערענדום א. אז. וו.

אויב מען וויל ריכטיג פארשטעהן די סתירות פון דער אמערי־קאנער פּאָליטיק, דארף מען געדענקען, אז ניט די רעפּובליקאנער, ניט די דעמאָקראַטישע פארטיי איז ניט קיין אָרגאניזאציע פון א באַשטימ־טען סאָציאַלען קלאס. די פּאָליטישע פארטיי איז א ביזנעס־קאמפּאַ־ניע, וואס האנדעלט מיט פּאָליטיק. די אינטערעסען פון די שותפים צום ביזנעס. הייגט דינט די פארטיי די אינטערעסען פון קאפּיטאל, אָבער דיזעלבע פארטיי קען אונטער געוויסע אומשטענדען דינען די אינטערעסען פון די פארמערס געגען די אינטערעסען פון קאפּיטאל, ווי אין נארט־דאקאטא, אדער זי קען דורכפירען געוויסע פאדערונגען פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער, ווי צום ביישפּיל אין דער געזעצגעבונג געגען אייגוואנדערונג.

די פּאָליטישע מאנאָפּאָליע פון די פארטיי־מאשינען האלט זיך אויף דער גלייכגילטיגקייט פון דער מערצאָל פון די וואוטערס, וואס קומט דערפון, וואס זיי האבען ניט קיין באוואוסטזיניגען פּאָליטישען

אינטערעס. אבער די סטאטיסטיקע פון די וואלען ווייזט, אז זינט די אכציגער יארען פון דעם לעצטען יאר־הונדערט וואקסט די צאל פון אומאפהענגיגע וואוטערס, וואס פאלגען ניט נאך קיין באשטימטע פארטיי, נאר זיי שטימען פריי הייאר פאר איין פארטיי, איבעראיאר פאר אן אנדערער, זעהר אפט פאר א קאנדידאט פון איין פארטיי פאר איין אמט און פון אן אנדערער פארטיי פאר אן אנדער אמט ביי דער־זעלבער וואל. די צאל אזעלכע וואוטערס דערגרייכט א פאר מיליאן. די דאזיגע אפאזיציע באשטעהט פון אלערליי סאציאלע גרופען, וואס זיינען צווישען זיך ניט צוזאמענגעבונדען און זיינען זעהר אפט פיינד־ליך צווישען אנאנדער. פון די פארשידענע קאמבינאציעס פון די דאזיגע גרופען הענגט אפעט דער אויסגאנג פון די וואלען. דעריבער מוזען די פאליטישע פארטייען צוהערען זיך צו דער שטימע פון די אומאפהענגיגע וואוטערס. אויף דעם אופן האט אן אקטיווע פראג־רעסיווע מינדערהייט די מעגליכקייט צו ווירקען אויף דער געזעצגע־בונג. אמאל ארגאניזירט זיך אזא מינאריטעט אין א באזונדערע פא־ליטישע פארטיי, אמאל פרובירט זי דורך מיטינגען, דעמאנסטראציעס און פעטיציעס צו ווייזען פאר די הערשענדע פארטייען די צאל וואוטס וואס די אפאזיציע קאן באאיינפלוסען ביי די וואלען און אויף דעם אופן צווינגען די הערשענדע פארטיי נאכצוגעבען די פאדערונגען פון דער אפאזיציע.

## א. די גלייכבארעכטיגונג פון די פרויען.

דער גרעסטער פארטשריט פון דער דעמאקראטיע אין די פאראייניגטע שטאטען איז די ציווילע און פאליטישע גלייכבארעכטיגונג פון די פרויען, הגם דער פארטשריט אין דער ריכטונג איז אין אמעריקע געגאנגען א כך לאנגזאמער ווי אין אנדערע לענדער.*)

די אנטוויקלונג פון דעם קאפיטאליזם האט געמאכט מיליאנען פרויען אומאפהענגיג פון מאנסבילען. אבער דאס ענגלישע ציוויל־

*) אין ניו־זילאנד האבען די פרויען געקראגען פולע פאליטישע גלייכ־בארעכטיגונג אין 1893, אין פינלאנד אין דער צייט פון דער ערשטער רוסי־שער רעוואלוציע אין 1906, אין נארוועגיע — נאכדעם ווי זי האט זיך אפגעטיילט פון שוועדען אין 1906. אין אויסטראליע—1908. אין כינא — נאך דער רעוואלוציע פון 1911, אין רוסלאנד אין 1917 — נאך דעם שטורץ פון דער מאנארכיע, אין דייטשלאנד — נאך דער רעוואלוציע פון 1918, אין ענגלאנד — אויך אין דעמזעלביגען יאהר.

רעכט, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין דער פאַרקאַפּיטאַליסטישער צייט, האָט געשטעלט די פרוי אונטער דער אַפּיעקע פון דעם מאַן. ווען די פרויען האָבן אָנגעהויבן איינצודרינגען אין אַלע געביטען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, איז די באַשרענקונג פון זייערע ציווילע רעכטע געוואָרן אַ גאַנץ ערנסטע מניעה אין דעם געשעפטליכען פאַרקער. קיינער איז ניט געווען עקאָנאָמיש פאַראינטערעסירט אין דער באַשרענקונג פון די ציווילרעכטע פון דער פרוי, פאַרקערט, די אינטערעסען פון דער געשעפטס־וועלט האָבן געפאָדערט, אַז די פרוי זאָל מעגען שליסען אַ גילטיגען קאָנטראַקט בנוגע צו איר אייגענס אָדער צו איר אייגענער פּערזאָן. מיט דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם האָט מען אָנגעהויבן שפּעטער חתונה האָבן אין די בורזשואַזע קרייזען, דורך דעם איז געשאַפען געוואָרן אַ גרויסער אָנבאָט פון פרויען־ארבייט אין דעם מיטעלקלאַס. די פּאָליטישענס גופא, וועלכע באַלאַנגען אויך צו דעמזעלבען קרייז, זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז זייערע טעכטער און שוועסטער זאָלען צוגעלאָזען ווערען צו די פרייע פּראָפעסיעס און צו דעם שטאַטס־דינסט. דערמיט ערקלערט זיך דער ערפאָלג פון די פרויען. היינט צו טאָג זיינען שוין אַלע באַשרענקונגען פון די פּערזענליכע רעכטע און אייגענטומס־רעכטע פון דער פרוי, מיט ווענינע אויסנאַמען, אינגאַנצען אָפּגעשאַפט געוואָרען. די פרויען האָבען כמעט מאָנאָפּאָליזירט די לערער־פּראָפעסיע, זיי פילען אָן אַלע אָפיסעס, זיי מעגען זיין דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען.

זייער ערפאָלג אויף דעם פּאָליטישען פעלד איז געווען אַ סך לאַנגזאַמער. אין דער קאָלאָניע מאַסאַטשוסעטס האָבען לויט דער ערסטער קאָנסטיטוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין דער צייט פון דעם קריג פאַר אומאָפּהענגיגקייט, האָבען די פרויען מיט אַן אייגענטום־צענז, לויט דעם קעניגליכען טשאַרטער, געמעגט שטימען פאַר אַלע עמטער. די ערסטע קאָנסטיטוציע פון דעם סטעיט מאַסאַטשוזעטס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, האָט אוועקגענומען ביי די פרויען דאָס רעכט צו שטימען פאַר דעם סטעיט פּאַרלאַמענט. אין דעם סטעיט ניו־דזשוירסי, פאַרקערט, „אַלע בירגער“ מיט אַן אייגענטום־צענז באַקומען דאָס שטימרעכט, אויף דעם גרונד האָבען פרויען אויך געשטימט. אין 1790 איז דער וואַל־געזעץ רעווידירט געוואָרען און עס איז דאָרט בפירוש געשטאַנען, אַז אַ פרוי מעג אויך וואוטען. אָבער אין 1807 איז אָנגענומען געוואָרען

וואַרען אַ נייער וואַל־געזעץ, אין וועלכען עס איז בפירוש אויסגע־דריקט געוואָרען, אַז נאָר ווייסע מאַנזבילען מעגען וואָטען. דער צוועק איז געווען, ניט צו דערלאָזען די פאַרביגע צום שטימקאַסטען. פאַר איין גאַנג אָבער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס איז ניט קיין סטאַטעק, אַז ווייבער זאָלען האָבען דאָס רעכט צו וואָטען. ווי עס שיינט, איז דאָס אָוועקגעגאַנגען אַז פּראָטעסטען, ווארים אין יענער צייט האָבען זיך נאָך די פרויען ערגעץ אין דער וועלט ניט אינטערע־סירט מיט פּאָליטישע רעכטע. אין ענגלאַנד האָט מערי וואָלסטאָנ־קראַפט אין 1790 פאַרעפענטליכט איר בוך איבער די רעכטע פון פרויען, אָבער אירע אידעען האָבען ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג אפילו אין דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן.

די באַוועגונג פאַר פרויען־רעכטע הויבט זיך אָן אין אַמעריקע צוזאַמען מיט דער אוטאָפּיסטישער באַוועגונג. ראָבערט אָוען, דער פּיאָנער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, האָט געגרינדעט אַ קאָ־אָפּעראַטיווע קאָלאָניע אין אינדיאַנאַ. איינע פון די קאָלאָניסטקעס, פראַנס רייט, איז אין 1826 ארויסגעט־ראָטען אין דעם אָרגאַן פון דער קאָלאָניע מיט אַ פּראָפּאַגאַנדע פון דער גלייכבארעכטיגונג פון דער פרוי.

די צווייטע פּיאָנערקע איז געווען ערנעסטינע ראָוז, די טאָכטער פון אַ פּוילישען רב, וועלכע איז געקומען אין אַמעריקע אין 1836 און האָט אָנגעהויבען אַגיטירען פאַר די גלייכבארעכטיגונג פון פרויען. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַר־קע באַוועגונג פאַר די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי. די פרויען האָבען זיך פון אָנהויב אַקטיוו באַטייליגט אין דער באַוועגונג. צוליב דעם איז אין 1839 ארויסגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער „אַמעריקאַן אַנטי־סלעיווערי סאָסייעטי" (דער געזעלשאַפט פון די אָפּשאַפונג פון שקלאַ־פעריי). דער אָפּאָרטוניסטישער טייל (ווי מען וואָלט זיך היינט אויס־געדריקט) האָט ניט געוואָלט, אַז פרויען זאָלען זיך וואַרפען אין די אויגען אין דער באַוועגונג געגען שקלאַפעריי. די ראַדיקאַלע מיטגלי־דער, פאַרקערט, האָבען זיך געשטעלט אויף דעם פּרינציפּיעלען שטאַנד־פונקט פון מענשליכער גלייכהייט און האָבען געפאָדערט גלייכהייט אויך פאַר פרויען. אין 1840 איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין לאָנדאָן אַ אַלוועלטליכער צוזאַמענפאָר געגען שקלאַפעריי, און די אַמעריקאַנער

דעלעגאטקעס זיינען ניט צוגעלאזען געווארען צוליב זייער געשלעכט. ווען זיי זיינען געקומען צוריק, האבען זיי זיך אנגעשלאסען אן ערנעסטינע ראוז און האבען צוזאמען מיט איר אנגעהויבען אן אגיטאציע פאר דער גלייכבארעכטיגונג פון פרויען.

די אגיטאציע פאר די אפשאפונג פון שקלאפעריי האט ביז דעם בירגער־קריג אוועקגערוקט אלע אנדערע פראגען אין דעם הינטערגרונד. באלד אין אנהויב פון דעם בירגער־קריג איז קענסאס אנגענומען געווארען אלס א סטעיט. קענסאס איז געווען דער קאמפספלאץ פון דער „אבאלישאניסטישער" באוועגונג און אין זיין ערסטער קאנסטיטוציע האט ער געגעבען די פרויען דאס שטימרעכט פאר די אדמיניסטראציע פון עפענטליכע שולען. דאס איז געווען דער ערסטער פאליטישער ערפאלג פון דער פרויען־באוועגונג.

אין דער צייט פון דעם בירגער־קריג האבען די פרויען מיט זעלבסטאויפאפפערונג געארבייט אלס קראנקען־ווערטערינס אויף דעם מלחמה־פראנט. ווען די באפרייטע שווארצע שקלאפען האבען געקראגען דאס שטימרעכט נאך דעם בירגער־קריג, האט זיך גאנץ נאטירליך געשטעלט די פראגע, פארוואס זאלען די פרויען ניט האבען דאסזעלביגע רעכט ווי די נעכטיגע שקלאפען. אונטער דעם איינפלוס פון דער פראגרעסיווער שטימונג, וואס איז באשאפען געווארען דורך דער באפרייאונג פון די שווארצע שקלאפען, האט די ערסטע געזעצגעבענדע פארזאמלונג פון דער נייער טעריטאריע וויאמינג, אין 1869, געגעבען די פרויען דאס שטימרעכט. עס איז אין דערין, ווי געוועהנליך, געווען פארמישט לאקאלע פארטיי־פאליטיק.*)

אין 1870 האט די לעדזשיסלעיטשור פון דער מארמאנישער טעריטאריע יוטא געגעבען פולע גלייכבארעכטיגונג אירע פרויען. אין יוטא איז דערצו געווען א ספעציעלע אורזאך. די ערסטע קאלאניסטען פון יוטא האבען באלאנגט צו דער מארמאנישער סעקטע, וועלכע

*) מיט צוואנציג יאָר שפּעטער, ווען דער קאָנגרעס האָט פאַרהאַנדעלט וועגען פאָרשלאַג, אז וואַיאָמינג זאָל ווערען א סטעיט, האָט דער פונקט פון דער קאָנסטיטושאָן, אַז די פרויען זאָלען האָבען דיזעלבע פּאָליטישע רעכטע ווי די מאַנזבילען, באַגעגענט זעהר א שטאַרקע געגנערשאַפט צווישען די קאָנגרעסלייט און די סענאַטאָרען, אָבער די מאַיאָריטעט האָט זיך ניט געוואָלט אריינמישען אין די היימישע געשעפטען פון א נייעם סטעיט און אזוי איז עס געבליבען.

איז פאַרטריבען געוואָרען פון אילינאַי דערפאַר, וואָס זי האָט איינגע־פירט פיל־ווייבעריי. די אַרויסגעטריבענע מאָרמאָנען האָבען אין 1847 אויסגעוואַנדערט קיין יוטאַ, וועלכע האָט דעמאָלט באַלאַנגט צו מעקסיקאַ. אָבער ביז זיי זיינען אַהין אָנגעקומען, האָבען דערווייל די פאַראייניגטע שטאַטען ערקלערט קריג געגען מעקסיקאַ, און דער קריג האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען צו־גענומען ביי מעקסיקאַ די גרויסע טעריטאָריע, אין וועלכער עס זיינען שפּעטער געגרינדעט געוואָרען די מערסטע מערב־סטעיטס. יוטאַ איז אויף דעם אופן געוואָרען אַ טייל פון די פאַראייניגטע שטאַטען. עס איז געווען אַ וויסטער מדבר, אחוץ די מאָרמאָנען זיינען דאָרט קיין קאָלאָניסטען ניט געווען. אָבער ווען מען האָט אין 1849 געפונען גאָלד אין קאַליפאָרניאַ, האָבען אָנגעהויבען צו ציען זיך דורך יוטאַ באַנדעס גאָלד־זוכער. ביסלעכווייז האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַזעצען אין יוטאַ „גוים", ווי די מאָרמאָנען רופען אַלע אַנדערע סעקטעס, און די נייע תושבים האָבען אָנגעהויבען אַן אַגיטאַציע געגען פיל־ווייבעריי. צו פאַרזיכערען זייער פּאָליטישען איינפלוס אין דער טעריטאָריע, האָ־בען די מאָרמאָנען געגעבען דאָס שטימרעכט די פרויען, ווייל די פרויען זיינען ערשטענס געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער געזעץ זאָל אָנרקענען די מאָרמאָנישע חתונות, און צווייטענס האָט יעדער מאָר־מאָן מיט עטליכע ווייבער געהאַט מעהר שטימען ווי אַ „גוי" מיט איין ווייב. אין 1896, ווען יוטאַ איז אָנגענומען געוואָרען פאַר אַ סטעיט, האָט דער קאָנגרעס באַשטעטיגט אויך דעם פּונקט פון איר קאָנסטיטוציע, וואָס גיט דאָס גלייכע שטימרעכט דער פרוי.

נאָך די ערסטע זיגען אין די טעריטאָריעס פון ווייאָמינג און יוטאַ, קען די באַוועגונג פאַר פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיגונג פאַר די פרויען ניט פאַרצייכענען קיין ערפאָלג, ביז דעם אָנפאַנג פון דער „פּאָפּוליס־טישער" באַוועגונג מיט צוואַנציג יאָר שפּעטער. די גרינדונג פון דער פאָלקס־פּאַרטיי*) אין 1892, האָט אַריינגעבראַכט אַ פרישען לעבען אין די אַמעריקאַנער פּאָליטיק. די פרויען האָבען גענומען זעהר אַ טע־טיגען אַנטייל אין דער פּאָפּוליסטישער באַוועגונג. אין קאָלאָראַדאָ און איידאַהאָ האָט די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי געזיעגט ביי די וואַלען און איז געוואָרען די רעגירונגס־פּאַרטיי, און די פרויען האָבען דאָרטען

*) אויף ענגליש — „פּיפּלז פּאַרטי", אָדער „פּאָפּיוליסט פּאַרטי".

געקראגען דאס שטימרעכט, אין דעם ערסטען סטעיט אין 1893 און אין דעם צווייטען אין 1896.

אין קאלאראדא האבען די פאפוליסטען באלד ביי דער ערשטער עלעקשאן, אין 1892, געמאכט „פיוזשאן" (א בלאק") מיט די דעמא־קראטען. זייער קאנדידאט פאר גאווערנאר איז געווען א וועטעראן פון דער אמעריקאנער ראדיקאלער באוועגונג, דער אלטער דייוויס וועיט. באלד נאך דעם, ווי ער איז ערוועהלט געווארען, האט ער פארגעשלאגען דער לעדזשיסלעיטשור, אז זי זאל איבערגעבען אויף א רעפערענדום דעם פארשלאג, אז די פרויען זאלען קריגען גלייכע פאליטישע רעכטע מיט די מענער. דער פארשלאג איז אנגענומען געווארען פון דער לעדזשיסלעיטשור, און ביי דער פאלקס־אבשטי־מונג, אין די וואהלען פון 1893, האבען די וואוטערס מיט א קליינער מאיאריטעט געגעבען די פרויען דאס שטימרעכט. מען זאגט, די דעמאקראטיעס זיינען אומדאנקבאר. ביי דער ערשטער וואל, אין וועלכער די פרויען האבען געשטימט, איז גאווערנאר וועיט געשלאגען געווארען און טאקע מיט די וייבערשע שטימען. דאס איז געקומען דערפון, וואס די פאפוליסטישע פארטיי איז באשטאנען פון פאר־מערס און ארבייטער, און זייערע ווייבער זיינען געווען אומוויסענד און האבען זיך דעמאלט קיינמאל ניט אינטערעסירט מיט דער פאלי־טיק. די פרויען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס, פארקערט, זיינען געווען געבילדעטער און האבען זיך טעטיג באטייליגט אין די וואלען. די קאפיטאליסטען פון קאלאראדא האבען פיינט געהאט וועיט'ן און האבען געגען אים געפירט א ביטערען קאמף, ווייל ער איז געשטאנען מיט דער מיינערס יוניאן אין איר קאמף געגען די באלעבאטים פון די מעטאל גרובען. די פרויען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס האבען געשטימט קלאסען־באוואוסט און וועיט איז דורכגעפאלען.

אין קענסאס האבען די פרויען אין דערזעלבער צייט געקראגען דאס רעכט צו וואוטען ביי די שטאט־וואלען. דארטען איז עס גע־ווען דער רעזולטאט פון דער באוועגונג געגען שכרות. דער פרויען־פארבאנד פאר ניכטערקייט (ווימענס קריסטשען טעמפעראנס יוניאן) האט זיך ארייננגעלעגט אין די פאליטיק און די אנהענגער פון „טעמ־פעראנס" האבען פאר זיי געוואונען דאס שטימרעכט.

דאס האט אבער פאראייניגט געגען דער באוועגונג פאר פרויען־שטימרעכט אלע עלעמענטען, וואס זיינען פאראינטערעסירט געווען

אין דער טרינק־פרייהייט: די אייגענטימער פון ברויערייען, פון דיס־טילערים, פון שענקען און זייערע ארבייטער און אנגעשטעלטע. ווי גרוים עס איז געווען זייער איינפלוס אין דער פאליטיק איז אלגעמיין באקאנט. זיי האבען מורא געהאט, אז אויב די פרויען וועלען מעגען וואוטען, וועלען זיי איינפירען פראהיבישאן. ווען די פראגע וועגען שטימרעכט פאר פרויען איז איבערגעגעבען געווארען אויף א פאלקס־אבשטימונג אין וויסקאנסין, האבען א גאנץ היבשע צאל סאציאליס־טישע וואוטערס אין מילוואקי געשטימט דאגעגען. אין מילוואקי זיי־נען די ארבייטער אין די ברויערייען געווען סאציאליסטען, אבער זיי זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז עס געהט דא פאר זיי אום חיונה און חיונה איז בילכער פאר פרינציפ.

מיט דעם סוף פון דער פאפוליסטישער באוועגונג האט די אגי־טאציע פאר פרויען־שטימרעכט ווידער פארלוירען איר גאנצע קראפט. א נייעם אויפשוואונג האט זי ווידער געקראגען, ווען עס האט זיך אנגעהויבען די פראגרעס־באוועגונג אין 1910.

ווי געוועהנליך, זיינען די מערב־סטעיטס (די וועסט) געגאנגען אין פארוים, אבער אויך אין דעם סטעיט ניו־יארק האבען די פרויען גע־וואונען דאס פולע שטימרעכט.*) אין אנדערע סטעיטס, צווישען זיי אויך אין דריי סטעיטס פון דער קאנסערוואטיווער ניו־אינגלאנד, הא־בען די פרויען געקראגען דאס רעכט צו שטימען ביי די וואלען פאר פרעזידענט.**) צוזאמען האבען די פרויען שוין אין 1919 געהאט דאס רעכט צו שטימען פאר פרעזידענט אין 25 סטעיטס, וואס הא־בען געהאט 40% פון אלע שטימען אין דעם עלעקטאראל קאלעדזש.

אחוץ דעם האבען די פרויען אין דעם לאנגען קאמף געוואונען דאס רעכט צו שטימען ביי לאקאלע וואלען אין נאך דרייצען סטעיטס. עס זיינען געבליבען נאך דרייצען סטעיטס, אין וועלכע זיי האבען נאך גאר קיין שטימרעכט ניט געהאט. מיט דער אויסנאם פון פענסיל־וועניא זיינען דאס אלץ געווען דרום־סטעיטס. דאס האט זיי געגעבען

---

*) די סטעיטס זיינען געווען: וואשינגטאן — אין 1910; ארעגאן, קאליפארניא און קענזאס — אין 1912; מאנטאנא און נעוואדא — אין 1914; ניו יארק — אין 1917; אקלאהאמא און סאוטה דאקאטא — אין 1918.

**) דאס זיינען געווען: אילינאי — אין 1913; נארטה־דאקאטא, נעב־ראסקא און רהאוד אײלאנד — אין 1917; אינדיאנא, וויסקאנסין, ווער־מאנט, מינעסאטא, מיזורי און טעין — אין 1919.

א שטאַרקען איינפלוס איבער ביידע הערשענדע פּאָליטישע פּאַרטייען. די ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר פּרויען־שטימרעכט „דהי נעשאַנאַל וואומענס פּאַרטי", איז געקומען צום שלוס, אַז דער שנעלסטער וועג צו געווינען דאָס אַלגעמיינע שטימרעכט אומעטום, איז דורכצופירען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאַן פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָס זאָל פאַרזיכערען פּאָליטישע גלייכבאַרעכטיגונג פאַר די פרויען איבער'ן גאַנצען לאַנד. דאָס איז די פאָדערונג, וואָס די „נעשאַנאַל אַסאָסיאיישאַן פאַר וואומען סאַפרעדזש" האָט ארויסגעשטעלט ביי איר גרינדונג אין 1869. אין דער לעצטער סעסיע פון דעם קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געשלאָסען דעם 4טען מאַרט 1919, איז דער דאָזיגער פאָר־שלאַג אָנגענומען געוואָרען מיט מעהר ווי צוויי דריטעל מאַיאָריטעט אין דער רעפּרעזענטאַנטען־הויז פון דעם קאָנגרעס, אָבער אין דעם סענאַט האָט געפעלט איין שטימע צו די נויטיגע צוויי דריטעל. דער נייער קאָנגרעס, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין נאָוועמבער 1918, האָט געהאַט א רעפּובליקאַנישע מאַיאָריטעט אין ביידע קאַמערען און די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט נויטיג געהאַט די שטימען פון די פרויען. דעריבער האָט דער נייער קאָנגרעס באַלד ביי דער ערסטער סעסיע אין 1919 אָנגענומען דעם אַמענדמענט, און ער איז תוקף אויפ־גענומען געוואָרען אין די סטעיטס.

איינע פון די שטאַרקסטע אורזאַכען פון דער געגנערשאַפט צו פרויען־שטימרעכט איז געווען די פאַרבינדונג פון דער פרויען־באַוועגונג מיט דער באַוועגונג פאַר דעם פאַרבאָט פאַר דעם פאַרקויף פון משקה. די אייגענטימער פון די ברויערייען און די שענקערס האָבען דאָ געהאַט א שטאַרקען איינפלוס אין ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען און זיי האָבען מורא געהאַט, אַז אויב די פרויען וועלען קריגען דאָס שטימ־רעכט, וועלען זיי דורכפירען דעם פאַרבאָט פון משקה. ווי מיר האָבען שוין געזעהן, איז דאָס דורכגעפירט געוואָרען דורך דעם 18טען אַמענד־מענט צו דער קאָנסטיטושאַן אין דער צייט פון דער מלחמה. די שטאַרקסטע אָפּאָזיציע געגען דאָס פרויען־שטימרעכט אין די סטעיטס איז דערמיט געבראָכען געוואָרען.

עס איז געבליבען נאָר איין יאָר פאַר דעם גרויסען קאַמף פאַר די פּרעזידענטשאַפט. דעריבער האָבען זיך די פּאָליטישענס צוגע־איילט, און דער אַמענדמענט איז גוטגעהייסען געוואָרען אין די נויטיגע 36 סטעיטס נאָך אין דעמזעלביגען זומער. אויף דעם אופן איז דאָס

פרויען־שטימרעכט נאך אן אגיטאציע פון כמעט הונדערט יאר ענדליך געווארען אן אלגעמיינער געזעץ אין אלע סטעיטס.

ווי האבען זיך די פרויען באנוצט מיט זייער שטימרעכט? אן ענטפער אויף די פראגע געפינט איר אין ד'עם ערסטען נומער פון דער פערטעל־יארשריפט פון דער געזעלשאפט פון פאליטישע וויסענשאפטען פאר 1916. דער ארטיקל באשעפטיגט זיך מיט די שטאטישע וואלען אין שיקאגא, וואו די פרויען האבען אין 1915 געשטימט דעם ערסטען מאל. דער שרייבער האט אונטערזוכט די צאלען מאנסבילשע און ווייבערשע וואוטס, וואס זיינען אפגעגעבען געווארען אין די פארשידענע דיסטריקטען און פאר אלערליי קאנדידאטען.

די ערסטע פראגע, וואס פאדערט אן ענטפער, איז אויף ווי ווייט די פרויען האבען זיך באנוצט מיט דעם וואוט, וואס זיי האבען גע־קראגען. די צאל אפגעגעבענע וואוטס ווייזט, אז פון יעדען 8 שטימען זיינען 3 געווען ווייבערשע און 5 מאנסבילשע. די צאל מאנסבילען אין דער שטאט שיקאגא צווישען אמעריקאנער געבוירענע איז כמעט דיזעלבע ווי די צאל ווייבער, אבער צווישען די איינגעוואנדערטע קומט אוים 6 מאנסבילען אויף 5 פרויען. פון די איינגעוואנדערטע מאנסבילען וואס זיינען עלטער ווי איין־און־צוואנציג יאר זיינען א העלפט בירגער, וויפיל פון די פרויען זיינען נאטוראליזירט, איז ניט באקאנט. אבער עס טרעפט זיך זעהר זעלטען, אז א מיידעל זאל זיך געהן נאטוראליזירען. די מיידלאך וואס זיינען געווען אינגער ווי אכ־צען יאר, ווען זייערע פאטערס האבען זיך דא נאטוראליזירט, און ווייבלאך, וואס זייערע מענער זיינען געווארען בירגער, מעגען וואוטען. אבער די צאל אזעלכע וואוטערם איז ניט באקאנט. איין זאך איז זיכער, אז די צאל פרויען, וואס מעגען וואוטען, איז א סך קלענער ווי די צאל מענער. נאך דער פאלקס־צעהלונג וואס איז געמאכט געווא־רען אין שיקאגא מיט עטליכע מאנאט פאר דעם עלעקשאן (דער „סקול סענסוס"), האט די צאל מאנסבילען וואס מעגען וואוטען אויסגערעכנט אן ערך 585,000. די צאל פרויען עלטער פון איין־און־צוואנציג יאר האט באטראפען 718,000, — וויפיל פון זיי האבען געמעגט וואוטען, ווייס מען ניט. אויב מען זאל רעכענען, אז א העלפט פון זיי האבען ניט געהאט קיין רעכט צו וואוטען, וועט אויסקומען, אז די צאל פרויען וואס האבען געמעגט וואוטען האט באטראפען קנאפע 359,000. לויט דעם חשבון קומט אוים, אז א העלפט פון די שטים־בערעכטיגטע פרויען

האבען זיך באנוצט מיט זייערע רעכט. מען דארף אבער די פראָ־פּאָרציע פארגלייכען מיט דער פראפארציע מענער, וואס האבען זיך באנוצט מיט זייער וואוט. דעמאלט קומט אויס, אז אין פארגלייך מיט די מאנסבילען האבען זיך סך־הכל איין דריטעל פון די פרויען ניט באנוצט מיט זייער וואוט, בעת צוויי דריטעל האבען יא געוואוט. פאר דער ערשטער פראבע איז דאס גאר ניט שלעכט.

אין סאן־פראנציסקא איז דער פראצענט ווייבערשע שטימען צו דער גאנצער צאל אפגעגעבענע שטימען געווען כמעט דערזעלביגער ווי אין שיקאגא, נעמליך: 36 פון 100 אין שיקאגא און 34 פון הונדערט אין סאן־פראנציסקא.

וואסער קלאס פרויען האבען זיך באטייליגט מעהר אקטיוו אין די וואלען? לויט ווי דער שרייבער פון דעם ארטיקעל האט אויס־גערעכענט, האבען פרויען פון דעם העכערען מיטעל־קלאס ארויסגע־וויזען א גרעסערען אינטערעס אין דער פאליטיק, ווי די פרויען פון דעם ארבייטער־קלאס.

ווי האבען די פרויען געשטימט אין שיקאגא?

נאך דעם שרייבערס רעכענונג זיינען דורכשניטליך די ווייבער געווען אקוראט אזוי צוטיילט ביי די וואלען, ווי די מענער: דער פראצענט רעפובליקאנער, דעמאקראטען און סאציאליסטען איז געווען כמעט א גלייכער ביי די מאנסבילען און ביי די ווייבער.

ביי דערזעלביגער וואל האבען די וואוטערס געדארפט שטימען פאר אכט געזעצען, (חוץ פאר די קאנדידאטען). פון די מאנסבילען וואס האבען געשטימט פאר די פארשידענע קאנדידאטען האט זיך איין דריטעל ניט באטייליגט אין דעם רעפערענדום, פון די פרויען — א העלפט. דאס הייסט, אז די פרויען זיינען סך־הכל איין זעקסטעל געווען הינטער די מאנסבילען.

## ב. אלערליי וואל־רעפארמען.

אלע אנדערע פאליטישע רעפארמען, וואס זיינען דורכגעפירט גע־ווארען נאך דעם בירגער־קריג, האבען געהאט איין צוועק — צו בא־שיצען די אומאפהענגיגקייט פון די וואוטערס געגען דעם דרוק פון די פאליטישענס. די עלעמענטארסטע פון די דאזיגע רעפארמען איז געווען די איינפירונג פון דעם געהיימען באלאט. די איניציאטיווע

אין דער דורכפירונג פון ד ע ר רעפארמע האט גענומען אויף זיך די ערשטע גרויסע ארבייטער־ארגאניזאציע פון אמעריקע — די „נייטס און לייבאר" (ריטער פון דער ארבייט). אין 1886 האט זי אפגע־האלטען א קאנוועגשאן, אויף וועלכער עס זיינען געווען רעפרעזענטירט לויט די אפיציעלע ציפערען, אכט הונדערט טויזענט ארבייטער. די קאנווענשאן האט ארויסגעשטעלט די פאדערונג פון דעם געהיימען באלאט און מיט צוויי יאר שפעטער, אין 1888, איז ער איינגעפירט געווארען אין דעם סטייט קענטאקי פאר דער שטאט לואיוויל, און אינ׳ם סטייט מאססאטשוסעטס. דעם ביישפיל האבען געפאלגט אנ־דערע סטעיטס און היינט צו טאג זיינען געבליבען נאר צוויי דרום־סטעיטס — סאוטה־קאראליינא און דזשארדזשיא — וואו עס איז נאך ניט איינגעפירט געווארען דער געהיימער באלאט.

אויף דער רעפארמע האט מען געבויט גרויסע האפענונגען. מען האט זיך גערעכנט, אז זי וועט מאכען א סוף צו דעם קויפען פון וואוטס, ווייל עס וועט ניט זיין קיין מיטעל אויסצוגעפינען, צו דער אונטער־געקויפטער וואוטער האט געשטימט פאר יענער פארטיי, וועלכע האט אים באצאלט. די פאליטישענס אבער האבען זיך שוין געגעבען אן עצה. כדי צו פארזיכערען, אז קיינער זאל ניט קענען אויסגעפי־נען, ווי דער וואוטער האט געשטימט, זיינען איינגעפירט געווארען אלערליי רעגעלען: די באלאטס ווערען גערדרוקט פון דער רעגירונג מיט די נעמען פון די קאנדידאטען; יעדער וואוטער דארף צייכענען די נעמען פון די קאנדידאטען, פאר וועלכע ער שטימט, ניט אנדערש ווי אין א געוויסען פלאץ; דער צייכען דארף געמאכט ווערען ניט אנדערש ווי מיט א שווארצען בלייפעדער א. אז. וו. פונדעסטוועגען ווערען היינט די וואוטס געקויפט, פונקט אזוי ווי אין די אמאליגע צייטען פון דעם אפענעם באלאט. די פאליטישאנס פארלאזען זיך אויף דעם פסיכאלאגישען פאקט, אז א כאבארניק טוט געוועהנליך דאס, פאר־וואס ער האט געקראגען באצאלט, הגם מען קאן אים דערצו ניט צווינ־גען דורכ׳ן געזעץ. ווען א מענש נעמט צוויי דאלאר פאר אפגעבען זיין וואוט פאר אירגענד א פארטיי אדער קאנדידאט, איז ער דאך גאר ניט פאראינטערעסירט, אז די געגנערישע פארטיי אדער דער געג־נערישער קאנדידאט זאל געווינען, און דעריבער האט ער ניט צוליב וואס צו ברעכען דעם אפמאך. אין די פארמערשע געגענדען, וואו אלע קענען זיך איינער דעם אנדערען, מאכט מען דאס נאך פראסטער און

זיבערער: מען באדינגט זיך מיט די וואוטערס פון דער געגנערישער פארטיי, זיי זאלען זיצען אין דער היים דעם טאג פון די וואלען. דער רעזולטאט איז דערזעלבער און ער לאזט זיך קאנטראלירען אויף זיכער.

ווי מיר האבען שוין געזעהען, האט דער פארטיי־סיסטעם געמאכט פון דעם שטימרעכט ניט מעהר ווי א פארמע. די קאנדידאטען ווערען אויסגעקליבען פון די פארטיי־מאשינען. דער וואוטער מוז שטימען פאר איינעם פון די קאנדידאטען, וואס זיינען אויסגעקליבען געווארען פון פארשידענע פאליטישע פארטייען. עס טרעפט זיך גאר ניט זעלטען, אז דער וואוטער איז איינפארשטאנען מיט דער פלאטפארמע פון א געוויסער פארטיי, אבער א געוויסער קאנדידאט אירער געפעלט אים ניט, — דער קאנדידאט האט א שלעכטען נאמען, אדער ער שטעהט ניט אויף דער פלאטפארמע פון זיין פארטיי.*) אין אזא פאל האט דער וואוטער די ברירה, ענטוועדער גאר ניט צו שטימען, אדער צו שטימען פאר דעם קאנדידאט פון דער געגנערישער פארטיי, וועלכער איז אפשר גאר ניט בעסער. כדי די וואוטערס זאלען האבען אן אמת'ע דעה ביי די וואלען, איז מען געקומען צום שלוס, אז עס איז נויטיג צו געבען דעם וואוטער א דעה איבער דער פראגע, ווער עס זאל זיין דער קאנדידאט פון דער פארטיי, פאר וועלכער ער וויל שטימען. צו דעם צוועק זיינען איינגעפיהרט געווארען אין די מערסטע סטעיטס דירעקטע „פריימערים", דאס הייסט וואלען, ביי וועלכע די וואוטערס פון יעדער פארטיי שטימען אפ, ווער עס זאלען זיין די קאנדידאטען פון דער פארטיי ביי די אלגעמיינע וואלען. די מעטאדען פון די פריימערים זיינען זעהר פארשידען, אבער דער גרונדפרינציפ איז דערזעלבער, נעמליך: אז ניט די מיטגלידער פון דער פארטיי־ארגאניזאציע, נאר די וואוטערס גופא, וואס ערקלערען, אז זיי האבען בדעה צו שטימען פאר די קאנדידאטען פון דער פארטיי, מעגען זיך באטייליגען אין דער אפשטימונג צווישען די פארשידענע בעלנים צו זיין די אפיציעלע

---

*) דאס טרעפט זיך אין דער אמעריקאנער פאליטיק גאר ניט זעלטען, ספעציעל ווען עס געהט אן א שטרייט פון ריכטונגען אין דערזעלבער פארטיי. דער פראמינענטסטער ביישפיל איז געווען ביי דער וואל פאר פרעזידענט אין 1904, ווען די דעמאקראטישע פארטיי האט ארויסגעשטעלט אין איר פלאט־פארמע די פאדערונג פון בימעטאליזם (גאלד און זילבער זאלען בײדע אנער־קענט ווערען פאר געלט) און האט נאמינירט פאר פרעזידענט פארקער'ן, וועל־כער איז אויף מארגען נאך דער קאנוועגשאן ארוים מיט אן עפענטליכער ערקלערונג געגען דער פאדערונג. דער רעזולטאט איז געווען, אז נאהענט פון א מיליאן דעמאקראטישע וואוטערס האבען פאר אים ניט געשטימט.

קאַנדידאַטען פון דער פּאַרטיי ביי די אַלגעמיינע וואַלען. די פּאַרטיי־פּריימערים ווערען געפירט אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג, אַקוראַט ווי די אַלגעמיינע וואַלען.

די דאָזיגע רעפאָרמע איז זעהר שטאַרק באַקעמפט געוואָרען פון די פּאָליטישענס פון אַלע פּאַרטייען. זיי באַקלאַגען זיך גאַנץ ריכטיג, אַז די פּאָליטישענס פון איין פּאַרטיי האָבען די מעגליכקייט צו שטימען ביי די פּריימערים פון דער געגנערישער פּאַרטיי, כדי צו פאַרזיכערען דעם ערפאָלג פון אַן אומפּאָפּולערען געגען־קאַנדידאַט, וועלכער וועט ניט זיין געפערליך ביי די אַלגעמיינע וואַלען פאַר זייער אייגענעם קאַנדידאַט. אזעלכע זאַכען זיינען פאָרגעקומען. פון דער אַנדער זייט פאַרשטויסען די פּאַרטיי־פּריימערים געגען דעם פּרינציפּ פון דעם געהיימען באַלאָט, ווייל דער וואָטער דאַרף זיך פאַרשרייבען פאַר א באַשטימטער פּאַרטיי. דער חסרון איז באַזייטיגט געוואָרען אין דעם געזעץ, וועלכער איז אין 1904 איינגעפירט געוואָרען אין וויסקאָנסין. דער געזעץ איז די אַרבייט פון דעם פּראָגרעסיווען רעפּובליקאַנישען סענאַטאָר לאַפאָלעט, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער גובערנאַטאָר פון דעם סטיעט. לויט דיזען געזעץ קריגט יעדער וואָטער א באַזונדערען צעטעל פון די קאַנדידאַטען פון יעדער פּאַרטיי, ער שטימט אויף איין צעטעל און לעגט אים אריין אין דעם שטימקאַסטען, אַלע אַנדערע ווערען פאַרניכטעט, אזוי אַז קיינער קען ניט וויסען, פאַר וועמען ער האָט געשטימט. אין עטליכע סטעיטס זיינען שוין איינגעפירט געוואָרען „אומפּאַרטייאישע" פּריימערים, ביי וועלכע עס ווערען אויפ'ן באַלאָט גאָר ניט אַנגעצייכענט די פּאַרטיי־פאַרבינדונגען פון די קאַנדידאַטען, און יעדער וואָטער מעג שטימען פאַר וועמען ער וויל. די צוויי קאַנדידאַטען, וואָס קריגען די העכסטע צאָל שטימען זיינען די איינציגע וואָס ווערען דערנאָך געשטעלט אויף דעם באַלאָט ביי דער וואַל. אונטער אַזאַ סיסטעם לוינט זיך שוין ניט פאַר א פּאַרטיי, אַז אירע וואָטערס זאָלען שטימען ביי די פּריימערים פאַר די קאַנדידאַטען פון א געגנערישער פּאַרטיי, וואָרים דערמיט ווערען געשטעלט אין געפאַר די אייגענע קאַנדידאַטען.

די ווירקונג פון די דירעקטע פּריימערים אויף די פּאָליטיק איז אונטערזוכט געוואָרען אין אַן אַרטיקעל, וואָס איז ערשינען אין דעם לעצטען נומער פון דער פּערטעליאַרשריפט פון דעם „אַמעריקאַנער פאַריין פון פּאָליטישע וויסענשאַפטען" פאַר 1916. דער מחבר האָט

אויסגעקליבען דעם סטעיט מישיגאן, וואו די דירעקטע פריימעריס זיינען איינגעפירט געווארען אין דעם יאר 1901. דער וואל־געזעץ אין מישיגאן איז א פשרה צווישען דעם אלטען סיסטעם פון פארטיי־קאנווענשאנס און דעם נייעם סיסטעם פון דירעקטע פריימערים. אונ־טער דעם נייעם פלאן ווערען נאמינירט קאנדידאטען פאר דעם סענאט פון די פאראייניגטע שטאטען, פאר׳ן קאנגרעס, פאר דער לעדזשיסט־לעיטשור, פאר גאווערנאר, פאר געוויסע דזשאדזשעס און די מערסטע לאקאלע באאמטע. אין 1916 האבען די רעפובליקאנער וואוטערס נאמינירט ביי זייערע פריימערים אויך א קאנדידאט פאר פרעזידענט. דער געזעץ האט נאך א סך חסרונות, פונדעסטוועגען האבען די די־רעקטע פריימערים „פארבעסערט די פאליטישע אטמאספערע. די קאנדידאטען מוזען אפעלירען דירעקט צו די וואוטערס, ניט צו די פארטיי־פירערס אדער צו פארטיי־ארגאניזאציעס“, — דאס איז דער שלוס, צו וועלכען עס קומט דער שרייבער, הגם ער איז אליין גאר ניט קיין פרינציפיעלער געגנער פון דעם אלטען פארטיי־סיסטעם.

די ערסטע פראגע איז, ווי וויט די וואוטערס אליין זיינען פאר־אינטערעסירט אין די פריימערים. אין דער הינזיכט באמערקט זיך א גרויסער אונטערשיד צווישען די רעפובליקאנער און די דעמאקראטישע וואוטערס. דער סטעיט מישיגאן איז אין נארמאלע צייטען א רע־פובליקאנער מיט א גרויסער מאיאריטעט. א דעמאקראטישער קאנ־דידאט האט זעלטען ווען אן אויסזיכט ערוועהלט צו ווערען. דעריבער יאגט זיך קיינער ניט נאך א דעמאקראטישער נאמינייש׳אן, און דער פראצענט וואוטערס וואס באטייליגען זיך אין די פריימערים איז קליין — פון א זעקסטעל ביז א פערטעל פון דער צאל וואס שטימען פאר דעמאקראטישע קאנדידאטען ביי די וואלען. דאס הייסט, אז עס באטייליגען זיך אין די פריימערים ניט מעהר ווי די פאליטישענס און זייערע פריינד. ביי די רעפובליקאנער איז גאר אנדערש : די צאל וואוטערס וואס האבען זיך באטייליגט אין די פריימערים איז געוואק־סען פון איבער דריי פינפטעל (61%) ביז איבער נייען צענטעל (93%) פון דער צאל וואס האבען דערנאך געשטימט פאר רעפובליקאנער קאנ־דידאטען ביי דער וואל. אין עטליכע דיסטריקטען האבען ביי די פריי־מערים געשטימט מעהרער רעפובליקאנער וואוטערס, איידער די צאל וואס האבען דערנאך געשטימט פאר די נאמינירטע קאנדידאטען. די אורזאכע איז הפנים, וואס דער רעפובליקאנער קאנדידאט, וואס האט

געוואונען ביי די פריימערים איז אזוי גוט ווי ערוועהלט, און דעריבער טראכט ביי זיך דער רעפובליקאנער וואוטער, אז עס איז איבעריג פאר אים זיך מטריח צו זיין צו געהן צו די וואלען.

איינער פון די חסרונות פון די פריימערים אין מישיגאן איז וואס א קאנדידאט קען געווינען מיט א מינאריטעט פון אלע וואוטס, ווען עס זיינען פאראן עטליכע קאנדידאטען. דאס איז אבער דער אלגעמיינער חסרון פון אלע אמעריקאנער וואלען, ביי וועלכע עס געווינט יענער קאנדידאט וואס ציט די גרעסטע צאל שטימען, אפילו ווען ער האט ניט קיין מעהרצאל פון אלע שטימען.

הגם די פאליטישענס זיינען ביטערע שונאים פון די פריימערים און האבען זיך געסטארעט אפצושאפען די פריימערים און געהן צוריק צו דעם אלטען פלאן פון קאנווענשאנס, וואלט פונדעסטוועגען זיין א טעות זיך איינצובילדען, אז די פריימערים האבען געמאכט א סוף צו מאשין־פאליטיק. פירען א קאמפיין פאר אזא אמט ווי גאווערנאר קאסט א סך געלט: ארויסצושיקען איין געדרוקטען אויפרוף צו מעהר ווי צוויי הונדערט טויזענט וואוטערס פון דעם סטעיט דארף קאסטען עטליכע טויזענט דאלאר, דערצו קומען מיטינגען, רענט פאר פאר־זאמלונגספלעצער, אדווערטייזמענטס. אויב דער קאנדידאט איז אליין ניט קיין רייכער מאן, מוז ער האבען די אונטערשטיצונג פון א פארטיי־ארגאניזאציע. בכלל קומען די אומאפהענגיגע וואוטערס צו די פריי־מערים אלס יחידים, בעת די פאליטישע מאשין קומט אלס אן אר־גאניזאציע. פארשטעהט זיך, געווינט די ארגאניזירטע קראפט.

אבער פון דעם וועה־געשריי פון די פאליטישענס קען מען זעהען, אז די מאשין מוז זיך איצטער פארט רעכענען מיט דער שטימונג צווישען די וואוטערס. די פאליטישענס באקלאגען זיך, אז די פריי־מערים שוואכען אב די „ארגאניזעישאן", דאס הייסט די פארטיי־מאשין. די לידערס זיינען מעהר ניט זיכער מיט זייער איינפלוס אויף די פארטיי־ארגאניזאציע; זיי בייטען זיך אפט; די קאנווענשאנס וואס ווערען נאך געהאלטען צו נאמינירען קאנדידאטען פאר געוויסע עממער ציען שוין ניט צו אזוי פיל פארטיי־„ארבייטער" ווי פריער; די „דיסציפלין" פון דער פארטיי איז געבראכען געווארען; עס ווערען אויפגעשטעלט ביי די פריימערים אפאזיציאנעלע קאנדידאטען און זיי שלאגען די קאנדידאטען פון דער פארטיי־מאשין. די פראפעסיאנעלע פאליטישענס באקלאגען זיך, אז ביי די פריימערים געווינען אזעלכע

קאנדידאטען, וואס האבען זיך געמאכט פאפולער ביי די וואוטערס מיט אלערליי „האבביז”, דאס הייסט מיט רעפארם־אידעען. בקצור, הגם די דירעקטע פריימערים האבען ניט אפגעשאפט די ממשלה פון דער פאליטישער מאשין, האבען זיי פארט געשאפען א מיטעל, מיט וועלכען א פאלקס־באוועגונג קען זיך באנוצען פטור צו ווערען פון די פאליטישענס פון די רעאקציאנערע פארטייען. דאס האט געוויזען דער ביישפיל פון דער פארמערשער באוועגונג אין נארטה־דאקאטא, וואו די פארמערס האבען זיך ארגאניזירט אין א זאגענאנטע „אומ־פארטייאישע ליגע” און האבען ארויסגעשטעלט זייערע קאנדידאטען אין די פריימערים פון ביידע אלטע פארטייען. אין דער צייט פון דריי יאר האבען זיי אויף דעם אופן געוואונען די גאנצע רעגירונגס־מאכט אין דעם סטעיט. אויף ווי ווייט די פאליטישע פארטיי־ארגא־ניזאציע ווערט אנערקענט פאר אן ארגאן פון דער רעגירונג, האט די „נאן־פארטיזאן ליג” געוואונען די קאנטראליע איבער דער אפיציעלער מאשינערי פון ביידע פארטייען.

הגם די צוויי הערשענדע פארטייען קאנקורירען צווישען זיך פאר דער פאליטישער מאכט, אבער אין איין זאך זיינען זיי איינינ: ביידע פארטייען האבען אימער מיט אלע מיטלען געזוכט צו באפעסטיגען די ממשלה פון דער פארטיי־ארגאניזאציע איבער די וואוטערס. איי־נער פון די מיטלען דערצו איז געווען צו דרוקען די נעמען פון אלע קאנדידאטען פון יעדער פארטיי אונטער דעם אנדערען, אזוי, אז יע־דער וואוטער זאל קענען שטימען פאר אלע קאנדידאטען פון איין פארטיי, אויב ער מאכט א צייכען פון אויבען פון דעם קאלום. דאס האט געפירט דערצו, אז דאס רוב וואוטערס האבען ניט געשטימט פאר די קאנדידאטען, נאר פאר דער פארטיי־ארגאניזאציע, פאקטיש, אלזא, איז דער ערוועהלטער באאמטער גארניט געווען פאראנטווארטליך צו זיינע וואוטערס, נאר צו דער פארטיי־ארגאניזאציע, וואס האט אים נעגעבען די קאנדידאטור. א מיטעל געגען דעם האט מען געפונען אין דעם סטעיט מאסאטשוסעטס. לויט דעם געזעץ פון 1888 ווערען די נעמען פון די קאנדידאטען פאר יעדען אמט געדרוקט איינער אונ־טער דעם אנדערען, און דערנאך קומען כסדר די נעמען פון די קאנ־דידאטען פאר דעם צווייטען אמט, פאר דעם דריטען און אז. וו. אויף דעם אופן מוז שוין יעדער וואוטער שטימען פאר יעדען קאנדידאט באזונדער, וואס דאס מוז שוין פירען צו א מעהר זעלבסטשטענדיגען

וואוטען. ווען דער וואוטער ווייס, אז שטימענדיג פאר איין קאנ־
דידאט פון א פרעמדער פארטיי, וועט ער ניט קאליע מאכען זיין וואוט
פאר א צווייטען קאנדידאט פון זיין אייגענער פארטיי, וועט ער זיך
גיכער נעמען די פרייהייט צו האנדלען אומאפהענגיג. דער פלאן איז
אנגענומען געווארען אין א צאל אנדערע סטעיטס.

דער מאססאטשוסעטס'ער באלאט רירט אבער אן נאר די פארמע,
ניט דעם עיקר פון דער חולאת, וואס ער וויל באקעמפפען. די אמערי־
קאנער דעמאקראטיע ווי מיר האבען געזעהן, איז אויסגעוואקסען
פון דער ארגאניזאציע פון דעם דארף אין ניו־אינגלאנד — דער
„טאון" מיט איר אלגעמיינעם מיטינג פון די בעלי־בתים פון
דארף, דעם „טאון מיטינג". די קהל'שע געשעפטען זיינען געווען זעהר
איינפאך, די צאל בעאמטע, וואס מען האט געדארפט אויסקלייבען,
איז געווען זעהר קליין, יעדער איינער האט דעם אנדערען געקענט פון
קינדווייז אן, איז דעריבער די וואל געווען אן איינפאכע זאך. ווען
מען האט געדארפט בעאמטע, האט מען זיי ערוועהלט.

ווען עס זיינען פון די דערפער אויסגעוואקסען גרויסע שטעט,
האט מען נאך אלץ געהאנדעלט נאך דעם אלטען כלל. אויף דעם אופן
זיינען די באלאטס געווארען אזוי גרויס, ווי א ליילאך. יעדער וואוטער
דארף אפשטימען איבער צענדליגער קאנדידאטען פאר אלערליי עמ־
טער, וואס דער דורכשניטליכער וואוטער וויים אפילו ניט גענוי, וואס
דער בעאמטער האט צו טאן. פארשטעהט זיך, קען דער וואוטער
ניט וויסען, צי איינער פון די צענדליגע מענשען, וואס ער קען ניט,
טויגען פאר זייערע עמטער, צי ניט. אין דער פראקטיקע שטעלט
יעדע פאליטישע פארטיי ארויס א צעטעל קאנדידאטען, און דער דורכ־
שניטליכער וואוטער, וואס קען ניט די קאנדידאטען, שטימט פאר דעם
פארטיי־צעטעל. אלזא, אין דער פראקטיקע איז דער פארצייטיגער
פרינציפ, אז מען דארף ערוועהלען יעדען בעאמטען, איננאנצען פאר־
שוואונדען. — דער וואוטער ערוועהלט ניט דעם באמטען, ער ער־
וועהלט די פארטיי־מאשין.

צו מאכען די ערוועהלטע בעאמטע אמת פאראנטווארטליך פאר
די וואוטערס, זיינען די פאליטישע רעפארמערם געקומען צו דער אי־
בערצייגונג, אז מען מוז באשרענקען די צאל ערוועהלטע בעאמטע
און געבען זיי די מאכט אנצושטעלען פאבליק פאר דער רייז־טעכני־
שער ארבייט. דאס איז, וואס מען רופט „דער קורצער באלאט". די

מעלה פון דעם פלאן באשטעהט אין דעם, וואס די וואוטערס קענען געוועהנליך מעהר־ווענינער דעם קאנדידאט פאר גאווערנאר, אדער פאר מעיאר, און זיי קענען אים האלטען פאראנטווארטליך פאר די אקטען פון די באאמטע, וועמען ער האט אנגעשטעלט.

דער פלאן פון א קורצען באלאט, איז אין דער לעצטער צייט געווארען זעהר פאפולער און איז אנגענומען געווארען אין פילע שטעט פאר די שטאטישע באאמטע, מיט דירעקטע פריימעריס, וואס גיבען דעם וואוטער פון יעדער פארטיי א מעגליכקייט צו זאגען א דעה, ווער עס זאל זיין דער קאנדידאט פון זיין פארטיי, ווערט שוין לכל הפחות טעארעטיש די מאכט פון דער פאליטישער מאשין אפגעשוואכט.

דער גרעסטער חסרון פון אלע אמעריקאנער וואל־געזעצען באַשטעהט אין דעם, וואס זיי זיינען צוגעפאסט נאר צו א צוויי־פארטיי־סיסטעם. ווען עס זיינען פאראן נאר צוויי קאנדידאטען, איז יענער, וואס ציט מעהר שטימען דער פארטרעטער פון דער מאיאריטעט און ער ווערט ערוועהלט. אבער די היינטיגע פאליטישע ריכטונגען לאזען זיך ניט אריינקוועטשען אין צוויי פארטייען, און עס איז דעריבער גארניט זעלטען, אז קיינער פון די קאנדידאטען האט ניט קיין מאיאַריטעט פון אלע שטימען. פונדעסטוועגען אנערקענט דער געזעץ פאר ערוועהלט יענעם, וואס האט געקראגען די גרעסטע מינאריטעט, אויף דעם אופן בלייבט די מאיאריטעט ניט רעפרעזענטירט. אלס מיטעל געגען דעם איז אין דער לעצטער צייט אין עטליכע שטעט איינגע־פירט געווארען דער „פרעפערענשאל באלאט". געגען יעדען נאמען ווערען געדרוקט עטליכע קעסטלאך. אין דער ערשטער קעסטעלע מאכט דער וואוטער א צייכען געגען דעם נאמען פון דעם קאנדידאט, וועמען ער וויל בעסער פאר אלע אנדערע קאנדידאטען, אין דער צווייטער — וועמען ער וויל, אויב דער ערשטער פאלט דורך און אז. וו. דאס האט דעמזעלבען רעזולטאט, ווי די שטיכוואלען אין די אייראפעאישע לענדער. די רעפארמע פארזיכערט, אז דער ערוועהלטער קאנדידאט פארטרעט די מאיאריטעט פון די וואוטערס פון זיין דיסטריקט.

מיר האבען אבער געזעהן, אז דער גאנצער פארטשריט אין אמע־ריקע איז אימער געקומען פון דער פארטשריטליכער מינאריטעט, עס איז דעריבער וויכטיג צו געבען אן אויסדרוק אין דער פאליטיק דער מיינונג פון דער מינאריטעט. אין דער צייט פון דער פאליטישער אויפלעבונג נאך דעם בירגער־קריג, האבען אין אמעריקע געפונען אן

אפקלאנג די אידעען פון דעם ענגלישען ראדיקאל דזשאן סטוארט מיל וועגען דער פארטרעטערשאפט פון דער מינאריטעט, אין 1869 האט די קאנסטיטושאנאל קאנווענשאן (די „אוטשרעדיטעלנאיע סאבראניע", אויף רוסיש) פון דעם סטעיט אילינאי אנגענומען אין דער נייער קאנסטיטוציע א פונקט וועגען דער פארטרעטערשאפט פון דער מינאריטעט. די דאזיגע קאנסטיטוציע איז אנגענומען געווארען דורך א פאלקס־אפשטימונג אין 1870. דער גאנצער סטעיט איז איינגעטיילט אין 51 דיסטריקטען, פון וועלכע יעדערער קלייבט אוים דריי רעפרעזענטאנטען פאר דער אונטער־הויז; יעדער וואוטער מעג שטימען פאר יעדען פון די דריי רעפרעזענטאנטען, אדער ער מעג אפגעבען דריי שטימען פאר איינעם פון די דריי. אזוי ווי די שטימען פון די צוויי גרויסע פארטייען זיינען צוטיילט כמעט אויף גלייך, טא קען א קאנדידאט מיט זיין זעקסטעל פון אלע שטימען ערוועהלט ווערען. די רעפארמע האט אבער קיין איינפלוס אויף דער פאליטיק פון דעם סטעיט אילינאי ניט געהאט און איז ערגעץ מעהר ניט אנגענומען געווארען.

אין 1893 האט זיך דא געבילדעט א פאראיין פאר די דורכפירונג פון פראפארציאנאל־וואלען. אבער דער איינציגער ערפאלג, וואס ער האט צו פארצייכענען נאך מעהר ווי פינף און צוואנציג יאר פראפאגאנדא, איז אין דער שטעטעל אשטאבולא, אין דעם סטעיט אהייא, וואו דער פראפארציאנאל־סיסטעם איז אנגענומען געווארען פאר די שטאטישע וואלען אין 1916, און אין דער שטעטעל קאלאמאזו, אין דעם סטעיט מישיגאן, וואו ער איז אנגענומען געווארען אין 1918.

צו מאכען די ערוועהלטע באאמטע פאראנטווארטליך פאר די וואוטערס, איז אין עטליכע סטעיטס איינגעפירט געווארען דער „ריקאל". דאס הייסט, דאס רעכט פון די וואוטערס צוריקצורופען אן ערוועהלטען באאמטען. דערצו איז נויטיג, אז א געוויסער פראצענט פון די וואוטערס — געוועהנליך אן ערך א פערטעל פון דער גאנצער צאהל — זאלען אונטערשרייבען א פעטיציע, אז דער באטרעפענדער באאמטער זאל ארונטערגעזעצט ווערען; דעמאלט ווערט אפגעהאלטען א ספעציעלע פאלקס־אפשטימונג וועגען דעם, און אויב די מעהרצאל וואוטערס שטימען דאפיר, ווערט ער ארונטערגעזעצט. דעם אנהויב האט געמאכט די שטאט לאס־אנדזשעליס, וואו דער ריקאל איז איינגעפירט געווארען אין דעם שטאט־טשארטער אין 1903. מיט

פינף יאר שפעטער, אין 1908, איז דער ריקאָל אָנגענומען געוואָרען אין דער קאָנסטיטושאָן פון דעם סטעיט אָרעגאָן; פון דאָרטען האָט ער זיך פאַרשפּרייט איבער אַנדערע סטעיטס און שטעט. געוועהנליך קאָן דער געזעץ אָנגעווענדעט ווערען נאָר אויף אַדמיניסטראַטיווע באַאַמטע, אָבער אין אָרעגאָן, קאַליפאָרניא און אַריזאָנאַ מעג מען צוריקרופען א דזשאַדזש אויך. אין דער פּראַקטיקע איז דער ריקאָל זעהר זעלטען אָנגעווענדעט געוואָרען און ניט אימער מיט ערפאָלג. אין 1918 האָט מען פּרובירט צוריקרופען פון אַמט דעם אָפיציעלען אָנקלאָגער (דער דיסטריקט אַטאַרני) פיקערט, פון סאַן־פראַנציסקאָ, וועלכער האָט מיט פאַלשע עדות געבראַכט צו דער פאַראורטיילונג פון דעם אַרבייטער־פירער טאָמאַס מוני אויף דעם בלבול, אַז ער האָט כלומרשט אָרגאַניזירט א פאַרשווערונג צו וואַרפען א באָמבע ביי דעם פּאַראַד פאַר „פּריפּערעדנעס" (צוגעגרייטקייט צו מלחמה) אין 1916. אָבער די מאַיאָריטעט פון די וואָוטערס האָט געשטימט פאַר פיקערט'ן. פונדעסטוועגען איז דער ריקאָל א בייטש אויף די באַאַמטע, אַדער, ווי פּרעזידענט ווילסאָן האָט זיך אויסגעדריקט, „א ביקס הינטער'ן טיר".

## ג. אַדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען.

די אַלע רעפאָרמען אין דעם וואַל־סיסטעם האָבען געמאַכט די פּאָליטישע פּאַרטייען אַביסעל מעהר פאַראַנטוואָרטליך צו די וואָוטערס; אָפּשאַפען די פּאַרטיי־אָליגאַרכיעס האָבען זיי ניט פאַרמאָגט. אום אויסצוקלייבען קאַנדידאַטען, וואָס זאָלען זיין אומאָפּהענגיג פון דער פּאַרטיי־מאַשין, מוז מען האָבען אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע; דאָס הייסט, מען מוז זיך אַקטיוו אָפּגעבען מיט פּאָליטיק, און דאָס רוב וואָוטערס האָבען דערצו קיין צייט ניט און קיין חשק אויך ניט. און אַזוי בלייבט זיך פּאָליטיק, ווי פריער א ביזנעס פאַר די פּאָליטישענס. די אַמעריקאַנער פּאָליטישע רעפאָרמערס האָבען דעריבער געזוכט מיטלען אָפּצושאַפען איינגאַנצען די הערשאַפט פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטישענס.

דער ערסטער שריט אין דער ריכטונג איז געווען די אַגיטאַציע פאַר „סיוויל סערוויס רעפאָרם" (רעפאָרמע פון ציוויל־דינסט). פריער פלעגט נאָך יעדער וואַל בייטען זיך דער גאַנצער פּערסאָנאַל קלויסקס און אַרבייטער ביי דער רעגירונג. אום איינצוהאַלטען זייערע שטע־

לען האבען זיי אגיטירט פאר דער הערשענדער פאליטישער פארטיי. זינט 1883 האט מען ביסלעכווייז אפגעשאפט דעם „סיסטעם פון מלחמה־רויב" (ספאילז־סיסטעם), ווי מען רופט עס אין דער אמעריקאנער פאליטיק.*) די רעפארמע איז באשטאנען אין דעריין, אז אלע קלויערקס ביי דער רעגירונג זאלען אנגעשטעלט ווערען מיט אן עקזאמען און זאלען ניט קאנען אראפגעזעצט ווערען, כל־זמן זיי טוען ריכטיג זייער ארבייט. דאס איז זעהר א וויכטיגע זאך. די מאכט פון די אלטע פאליטישע פארטייען באשטעהט אין דער מחנה פאליטישע „הילערס", וואס מיינען ניט די הגדה, נאר די קניידלעך: זיי גיבען אוועק זייער צייט פאר דער פארטיי, ווייל זיי האפען צו קריגען א שטעלע ביי דער רעגירונג. נעמט ביי זיי אוועק די „דזשאבס", פארלאזען זיי די פארטיי.

דער ערסטער געזעץ, וועלכער האט איינגעפירט סיוויל סוירוויס רעפארם, שטאמט פון יאר 1883. דער פרעזידענט האט באקומען די מאכט איינצופירען עקזאמענס פאר אלע עמטער, וואס ער געפינט פאר נויטיג, אחוץ פאסטמייסטערס און נאך אנדערע, אבער קיינער פון זיי האט זיך ניט באזונדערס שטארק געאיילט, און עס בלייבען נאך ביז היינט צו טאג א סך עמטער, וואס ליגען אין די הענט פון די פאליטישענס.

אין די סטעיטס און אין די גרויסע שטעט איז נאך ווענינער אויפגעטאן געווארען. די צאל באאמטע אין די פאראייניגטע שטאטען ביי דער פאלקסצעהלונג פון 1910, איז געווען נאהענט פון א האלבען מיליאן, חוץ לערערס און לערערינס. ווען סיוויל סוירוויס רעפארם זאל ווירקליך ארענטליך איינגעפירט ווערען, הייסט דאס אז א פאר הונדערט טויזענט מענשען וואלטען געווארען אויס פאליטישענס.

די פאליטישענס זיינען נאך עד היום געגנער פון „סיוויל סוירוויס רעפארם". ווייל עס ווילט זיך זיי האבען די מיטלען צו פארזארגען

---

*) דער אויסדרוק שטאמט פון פרעזידענט דזשעקסאן (פון 1829 ביז 1837), וועלכער האט ביי זיין אריינטריט אין אמט אפגעזאגט אלע באאמטע, וואס האבען באלאנגט צו דער געגנערישער פארטיי אויף דעם גרונט, אז „דעם זיעגער געהערט דאס אנגערויבטע (ביי דער מלחמה"), — „טו דהי וויקטאר בעלאנג דהי ספאילז".

זייערע לײַם מיט שטעלן. ווען עס גלינגט זיי ארויפצוכאַפּן זיך אויפ'ן בײַנקעל. נאַטירליך, אַזוי אַפּן רעדט מען דאָס ניט אַרויס. מען שטיצט זיך אויף אַ דעמאָקראַטישן פּרינציפּ: ווען די רעגירונג גייט איבער אין די הענט פון אַן אַנדער פּאַרטיי, הייסט דאָס, אַז דאָס פאָלק האָט פאַרלאָרן דעם צוטרויען צו דער אַלטער רעגירונג. עס איז אוממעגליך צו ערוועהלן אַלע באַאַמטע, ווארים עס זיינען פאַראַן אַזאַ מאַסע, אָבער דאָס פאָלק האָט אָנפאַרטרויט דער נייער פּאַרטיי, זי זאָל אָרגאַניזירען אַ נייע רעגירונג פון אויבען אַראָפּ, פון דעם פּרעזידענט ביז'ן לעצטען שרייבער'ל. די „סיוויל לוירוויס רעפאָרם", זאָגען זיי, זוכט איינצופירען אַ ביוראָקראַטיע, אַ באַאַמטען־קלאַס, וואָס איז אומאָפּהענגיג פון פאָלק.

מען קען ניט אָפּלייקענען, אַז געוויסערמאָסען איז דאָס ריכטיג. איין קליינינקייט אָבער איז אַרויסגעלאָזען אין דעם אַרגומענט, נעמליך: אַז אונטער דער „ספּאָילז" סיסטעם זיינען די באַאַמטע אויך אַן אָרגאַניזירטער קלאַס, אַ פּאַרטיי־מאַשין; מען קאָן פון זיי פּטור ווערען דורך אַ וואַל, אָבער, ערסטענס, זיינען זיי אַליין די מאַכערס ביי די וואַלען, און צווייטענס, ווען מען ווערט שוין פּטור פון איין מאַשין, פאַרנעמט איר פּלאַץ אַן אַנדער מאַשין. כל־זמן די פּאַרטיי איז אויפ'ן פערד און דער באַאַמטער פאָלגט זיין „באָס", מעג ער טאָן וואָס ער וויל; אָבער אַ באַאַמטער, וואָס האָט ניט קיין פּאָליטישען „פּול" (ס'הייסט קיין „פּראָטעקציע) קען מען מאַכען פּערזענליך פאַראַנטוואָרטליך.

דער באַנקראָט פון די פּאַרלאַמענטאַרישע קערפּערשאַפטען האָט געשאַפען אַ באַוועגונג צו גונסטען פון אַ צענטראַליזירטער פּערזענליכער אַדמיניסטראַציע. די דאָזיגע טענדענץ האָט אָנגענומען אַ געזעצליכע פאָרמע אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דאָס איז די פאַרוואַלטונג דורך אַ „קאָמיסיע" („דהי קאָמישאָן פאָרם אָוו גאַווערנמענט"). אַנשטאָט אַ „באָארד אָוו אַלדערמען" אָדער אַ „סיטי קאָונסיל" (אַ שטאָטראָט), ווערט אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע פון עטליכע מענשען, צווישען וועלכע עס ווערען איינגעטיילט די פאַרשידענע צווייגען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, און דיזעלביגע ערוועהלטע קאָמיסאַרען בילדען אויך אַ „קאָמיסיע", וועלכע האָט די געזעצגעבענדע מאַכט אין שטאָטישע עסקים. דער אַלטער וואַל־סיסטעם איז געווען צוגעפּאַסט צו קליינע שטעט אין יענער צייט, ווען דאָס רוב פון די וואָוטערס האָבען

געוואוינט אין איינגענע הייזער און זיינען געווען פארבונדען מיט זייערע דיסטריקטען. היינט צו טאג אבער, ווען דאס רוב פון די שטאטישע איינוואוינער וואוינען אין געדונגענע דירות, זיינען זיי גאר ניט צוגעבונדען צו דעם דיסטריקט, אין וועלכען זיי וואוינען אין דער צייט פון דער וואל. היינט וואוינט דער וואוטער דא, און אין א פאר מאנאט ארום קלייבט ער זיך איבער אין אן אנדער דיסטריקט. ער וואוינט אין איין עק שטאט און ארבייט אין אן אנדערען, זיינע אינטערעסען זיינען פארבונדען מיט דעם דיסטריקט וואו ער ארבייט, פונקט אזוי, אויב ניט מעהר, ווי מיט דעם דיסטריקט וואו ער וואוינט. די מערסטע פראגען, וואס באריהרען זיינע אינטערעסען, ווי צום ביישפיל דער טראנספארט, זיינען גאר ניט באשרענקט אויף איין דיסטריקט, און ער איז דעריבער פאראינטערעסירט אין דער וואל פון ריכטיגע קאנדידאטען פון דער גאנצער שטאט.

דער אנפאנג פון דעם פלאן איז געמאכט געווארען אין דער שטאט גאלוועסטאן אין 1900, באלד נאך דעם מבול, וועלכער האט פארניכטעט א גרויסען טייל פון דער שטאט. ביז 1917 איז דער פלאן שוין איינגעפירט געווארען אין 300 שטעט מיט א באפעלקערונג פון 7,086,000 איינוואוינער. אין פיעלע פון די שטעט איז דער פלאן פארבונדען מיט אומפארטייאישע וואלען און דעם ריקאל. אלע קלענערע באאמטע ווערען אנגעשטעלט נאך אן עקזאמען, ניט אכטענדיג אויף „פאליטיקס“.

א ווייטערע אנטוויקלונג פון דעם פלאן איז דער „סיטי־מענעדזשער“ — א פארוואלטער פון דער שטאט, וועלכער פארנעמט די שטעל פון דעם מעיאר, אבער ווערט ניט ערוועהלט דירעקט פון די וואוטערס, נאר ווערט אנגעשטעלט פון דער ערוועהלטער קאמיסיע. דאס איז געוועהנליך א געניטער אדמיניסטראטאר, ער דארף אפילו ניט זיין קיין איינוואוינער פון דער שטאט, — די קאמיסיע מעג אויסקלייבען איינעם, וואס האט זיך געמאכט א נאמען אלס א פאכמאן אין אן אנדער שטאט. דאס איז די טעאריע. די רעפארמע איז נאך צו נייע, מען זאל קענען אורטיילען, ווי זי ארבייט אין דער פראקטיקע.

פופצענטער קאפיטעל

# די גרעניצען פון פרייהייט אונטער דעם געזעץ.

די פאליטישע גלייכגילטיגקייט פון דער מאסע אמעריקאנער וואר־
טערס, אויף וועלכער עס האלט זיך די הערשאפט פון די פאליטישע
מאשינען, קומט דערפון, וואס ביז אהער פלעגט זיך די רעגירונג איז
צייט פון שלום ניט מישען אין דעם פריוואט לעבען פון די בירגער.
דער בירגער האט געמעגט פארען וואוהין ער האט געוואלט, אהן קיין
שום פאספארטען, אהן קיין שום „יאוועקע". ער מעג זיך רופען ווי ער
וויל. ער מעג דאוונען ווי ער וויל און וואו ער וויל, אדער גאר ניט
דאוונען; אויב ער וויל ניט געבען קיין שבועה, מעג ער געבען זיין
עהרען־ווארט, אז ער וועט זאגען דעם אמת. ער מעג זיך לערנען וואו
ער וויל, און ער מעג לערנען אנדערע, וואס ער וויל; ער מעג גרינדען
אייגענע שולען, האלטען לעקציעס, געבען קאנצערטען, ספעקטאקלען,
בעלער, גרינדען קלובען, און פאראיינען, ניט אנפרעגענדיג זיך ביי קיי־
נעם ניט, און ער דארף קיינעם ניט אפגעבען קיין דין וחשבון. ער
דארף זיך ניט צושרייבען צו קיין צעך אום צו ארבייטען ביי זיין פאך.
ער מעג פירען באקאנטשאפט מיט וועמען ער וויל. ביז דער לעצטער
מלחמה האט ער געמעגט שיקען בריף צו וועמען ער האט געוואלט,
און ער האט געקענט זיכער זיין, אז זיינע בריף וועלען דערגעהן צום
אדרעסאט. ער האט געמעגט שיקען שיפרירטע טעלעגראמעם און דאס
איז ניט באטראכט געווען פאר קיין פארברעכען. בקיצור, ביז דער
לעצטער מלחמה האט דער דורכשניטליכער בירגער אין זיין פריוואט־
לעבען געהאט א גאר קנאפע שייכות מיט דער רעגירונג. דאריבער איז
דעם דורכשניטליכען בירגער גאר ניט געלעגען אין זינען צו פארנעמען
זיך מיט פאליטיק און ער האט זי איבערגעלאזען פאר יענע ביי וועמען
דאס איז א געשעפט.

אמת, אין דעם אמעריקאנער געזעץ האלט זיך נאך דער פרומער

פוריטאנישער פרינציפ, אז די רעגירונג דארף אויפפאסען איבער דער מאראל און דער פרומקייט פון די בירגער. אום זונטאג ווערען גע־שלאסען די טעאטערע, די ביבליאטעקען, די מוזעען און דערגלייכען. „געמבלינג" (אזארטנע שפילען אין עפענטליכע פלעצער) און פראס־טיטוציע זיינען פארבאטען דורך דעם געזעץ. אין די דערפישע געגענ־דען און אין קליינע שטעטלאך ווערען די דאזיגע געזעצען געשטיצט פון דער עפענטליכער מיינונג און ווערען דאריבער שטרענג אפגעהיט, בעת אין די גרויסע שטעט קריגט מען ביי דער פאליציע א הכשר צו זינדיגען פאר א באשטימטען פרייז, — די פאליציע איז א טייל פון דער פאליטישער מאשין.

שטיצענדיג זיך אויף א גרויסען טייל פון די וואוטערס און אויף איר פארבינדונג מיט דער הערשענדער פאליטישער פארטיי, קען זיך די פאליציי ערלויבען די גראבסטע אונטערדריקונג אין אירע באציהונ־גען צו דעם בירגער. א דאנק דער הערשאפט פון דעם פארטיי־סיסטעם איז דער באגריף פון געזעצליכקייט גאנץ פרעמד דעם אמע־ריקאנער עפענטליכען לעבען, די פרייהייט פון דעם בירגער הענגט אפ אין גאנצען פון דעם ווילען פון דעם באאמטענטום. די אלע קאנסטי־טוציאנעלע גאראנטיעס פון פערזענליכער און פאליטישער פרייהייט האבען זיך ביי יעדען קריזיס אין דעם אמעריקאנער סאציאלען און פאליטישען לעבען ארויסגעוויזען פאר אומגילטיג אין דער פראקטיקע.

## א. די אויסנאמסגעזעצען פון 1798.

ס׳ איז אוועק ניט מעהר ווי זיבען יאר נאך דעם ווי די פעדעראלע קאנסטיטוציע איז אנגענומען געווארען אין אלע דרייצען סטעיטס, ווען דער קאנגרעס האט מבטל געווען די ערשטע צען אמענדמענטס, וועלכע האבען דעם צוועק צו גאראנטירען פאליטישע און פערזענליכע פרייהייט און אהן וועלכע די קאנסטיטוציע איז געשטאנען אין סכנה צוריקגעוויזען צו ווערען. דאס איז געווען אין דעם יאר 1798, אין דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע, וועלכע האט געפונען א שטארקע סימפאטיע אין די פאראייניגטע שטאטען. אין אמעריקע האבען זיך דעמאלט באזעצט א סך פראנצויזישע און אנדערע אימיגראנטען, וועלכע האבען אגיטירט פאר די ראדיקאלע פארטיי פון יענער צייט. — די „רעפובליקאנער", פון וועלכער דזשעפערסאן

איז געווען דער פירער. די הערשענדע קאנסערוואטיווע פארטיי, די פעדעראליסטען, איז געווען שטארק אויפגערעגט דערפון. „אויב די דאזיגע פרעמדע געפעלען ניט די לייט און די זאכען, וואס אפעלירען צו דער מערצאל פון די אמעריקאנער וואוטערס, טו זאלען זיי זיך אפטראגען". האבען געטענה'ט די פעדעראליסטען.*)

נאטירליך, עס האט זיך דא געהאנדעלט ניט אום א ריין טעארע־טישען קאמף פון אידעען. ווי פראפעסאר בירד ווייזט, איז דער קאמף צווישען די פעדעראליסטען און די רעפובליקאנער געווען „דער אלטער קריג צווישען די פינאנציעלע און סוחר'שע אינטערעסען געגען דעם פויערטום און די ארעמע לייט.**) אין 1798 זיינען די באציאונגען צווישען די פאראייניגטע שטאטען און פראנקרייך געווארען זעהר אנ־געצויגען און עס האט געהאלטען ביי א מלחמה. די פעדעראליסטען האבען זיך באנוצט מיט דער שטימונג און האבען דורכגעפירט געזע־צען געגען פרעמדע און סמוטע (סעדישאן), וואס האבען געהאט דעם צוועק צו פארשטאפען די מיילער פון דער אפאזיציע. דעם 25טען יוני 1798, האט דער קאנגרעס אנגענומען א געזעץ, וואס האט גע־געבען דעם פרעזידענט אויף צוויי יאר די מאכט צו הייסען יעדען פרעמדען, וועמען ער האט געהאלטען פאר א געפערליכען מענשען, אהן קיין שום משפט צו פארלאזען דאס לאנד. אויב יענער האט ניט געפאלגט, האט ער געקענט ארייננעזעצט ווערען אין טורמע אויף דריי יאר. אויב ער קומט צוריק, האט אים דער פרעזידענט געמעגט פאר־שפארען און האלטען אזוי לאנג, ווי ער האט געפונען פאר נויטיג. מיט צוויי וואכען שפעטער, דעם 10טען יולי, האט דער קאנגרעס אנגענו־מען אן אלגעמיינעם געזעץ געגען „סמוטע" (סעדישאן). דער ערשטער פונקט פון דעם געזעץ האט באשטימט א שטראף ביז 5000 דאלאר און פינף יאר טורמע פאר יעדען איינעם, ווער עס האט „געראטען צו מאכען אדער פרובירט אויפצוהעצען אן אויפשטאנד, א „ראיאט" (בעזפאריאדקעס), אדער אן אומגעזעצליכע פארזאמלונג", אדער האט זיך אויפגעפירט „סעדישאסלי" (ס'הייסט „ניעבלאגאנאדיאזשנע"). דער צווייטער פונקט האט באשטראפט מיט 2000 דאלאר און צוויי

---

*) "Alien and Sedition Laws of the Past," By Henry Elmer Barnes.

**) Charles A. Beard: "Economic Origins of Jeffersonian Democracy," p. 366.

יאָר טורמע פאַר שרייבן, דרוקן, אָדער רעדן געגן די רעגירונג, אָדער געגן דעם פּרעזידענט.

די רעפּובליקאַנער האָבן פּראָטעסטירט געגן די דאָזיגע געזעצן אויף דעם גרונד, אַז זיי זיינען עובר אויף דער קאָנסטיטוציע, אָבער די פעדעראַליסטן האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז אַ פרייע פּרעסע מיינט ניט הפקר („לייסענשאַסנעס").

עס שטעלט זיך דאָ די פראַגע: ווי איז עס געקומען, אַז סך הכל מיט פופצן יאָר נאָך דעם, ווי די פאַראייניגטע שטאַטן האָבן זיך באַפרייט פון ענגלאַנד, ווען דער דור, וואָס האָט רעוואָלטירט געגן דעם ענגלישן קעניג, איז נאָך געווען אין די בעסטע יאָרן, האָט אַזאַ רעאַקציאָנערער געזעץ געקענט אָנגענומען ווערן פון אַ מאַיאָרי־טעט פון ביידע הייזער פון קאָנגרעס? דער אמת איז, אַז אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע גופא האָבן די רעוואָלוציאָנערן אליין פונקט אויף דעם זעלבן אופן באַהאַנדעלט זייערע געגנער. דעם 1טען יולי, 1780, האָט די ניו יאָרקער לעדזשיסלעיטשור אָנגענומען אַ גע־זעץ וואָס האָט געגעבן דער רעגירונג די מאַכט ארויסצושיקן ד י פ אַ מ י ל י ע ס פון „אומצופרידענע", ווייל זיי האָבן באַהאַלטן געגנער פון דער רעוואָלוציע און האָבן זיי געגעבן אינפאָרמאַציע. אַ סך לייט זיינען אויף דעם גרונד פון דעם געזעץ ארויסגעשיקט גע־וואָרן. דעם 30טען מאַרטש 1781, איז אין דעמזעלביגן סטעיט ניו יאָרק אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וואָס האָט באַשטראָפט מיט טויט יעדערן וואָס האָט געזאָגט אָדער געשריבן, אַז דער ענגלישער קעניג איז דער געזעצליכער הערשער איבער ניו יאָרק. אויף דעם גרונד פון די דאָזיגע געזעצן האָט די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג גע־שלעפּט צום דאַפּראָס טויזענטער פאַרדעכטיגע מענשען. קיין וואונ־דער, וואָס די אַמאָליגע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע זיינען זינט יענער צייט געוואָרן קאָנסערוואַטיוו, האָבן איצטער אָנגעווענדעט די אַלטע מיטלען אויף זייערע נייע פּאָליטישע געגנער.

פּרעזידענט אַדאַמס'עס אַדמיניסטראַציע האָט זיך באַלד גענומען פאַר אירע קריטיקער. איינער פון די ערסטע קרבנות איז געווען אַ צייטונגס־מאַן מאַטיו לייאָן, וועלכער האָט אין אַן אַרטיקעל באַשולדיגט דעם פּרעזידענט, אַז ער מאַכט צופיל פּאַראַדע, און האָט אים אָנגערו־פן „אַ משוגענער". ער איז דערפאַר פאַר'משפט געוואָרן צו פיר חדשים זיצן און טויזענט דאָלאַר שטראָף. זיינע פריינד האָבן

אנגעגעבען צום פרעזידענט א פעטישאן, ער זאל ליִאן'ען באגנאדיגען, אבער אדאמס האט זיך ענטזאגט דאס צו טאן, ווייל ליִאן אליין האט די פעטישאן ניט געחתמ'עט. זיינע פריינד האבען דעמאלט גענומען זאמלען געלט פאר אים, האט די רעגירונג ארעסטירט דעם דרוקער, וואס האט אפגעדרוקט דעם אויפרוף, און ער איז אויך פאר'משפט געווארען צו זיצען. ביי דער נעקסטער וואל, אין 1800, איז ליִאן נאמינירט געווארען פאר'ן קאנגרעס און איז ערוועהלט געווארען.

אין די צוויי יאר וואס די דאזיגע געזעצען זיינען געווען אין קראפט, זיינען א היבשע צאל מענשען פאר'משפט געווארען. „די פאראורטיילונגען וואס האבען געפאלגט נאך יעדער אנקלאגע אונטער דעם געזעץ בנוגע סעדישאן, האבען קלאר געמאכט", זאגט דער היס־טאריקער מאק־מייסטער, „אז עס זיינען אין דערין געווען פאראייניגט געפאקטע דזשורים און פארטייאישע דזשאדזשעס".*)

דער סוף פון דעם געזעץ איז געווען א פארניכטענדע מפלה פון דער פעדעראליסטישער פארטיי ביי דער נעקסטער וואל פאר פרעזידענט, אין 1800, ווען טאמאס דזשעפערסאן איז ערוועהלט געווארען פרע־זידענט. די פעדעראליסטישע פארטיי איז זינט יענער צייט ארונטער פון דער פאליטישער סצענע.

דער קאמף־געשריי פון דער „דעמאקראטיש־רעפובליקאנישער" פארטיי געגען די פעדעראליסטישע פארטיי ביי די וואלען פון 1800 איז געווען דער ברוך פון דער קאנסטיטוציע, וועלכען די הערשענדע פארטיי האט באגאנגען מיט די געזעצען געגען די פרעמדע, געגען פרעס־פרייהייט און געגען רעדע־פרייהייט. דזשעפערסאן'ס פארטיי האט געזיגט ביי די וואלען און האט ערוועהלט איר קאנדידאט דזשע־פערסאן פאר פרעזידענט צוזאמען מיט א מאיאריטעט אין קאנגרעס. דער נייער קאנגרעס האט אפגעשאפט די געזעצען געגען אימיגראנטען. דער געזעץ געגען „סעדישאן" איז געמאכט געווארען נאר אויף דער צייט פון פרעזידענט אדאמס'עס טערמין און איז בטל געווארען ווען דזשעפערסאן איז אריין אין אמט. דער נייער קאנגרעס האט באַ־שטימט אומצוקערען צו די קרבנות פון די פארפאלגונגען געגען דער פרעסע די שטראפען, וועלכע זיי האבען איינגעצאלט אונטער דער הערשאפט פון דער פעדעראליסטישער פארטיי.

*) John Bach McMaster: "A History of the People of the United States," vol. II, p. 472.

## ב. שפעטערע באשרענקונגען פון דער פרייהייט פון דער פרעסע ביז דעם וועלטקריג.

די דזשעפערסאנישע דעמאקראטיע האט אלזא געוואונען די רע־גירונגס־מאכט אלס די קעמפערין פאר פאליטישע פרייהייט און זי איז פארבליבען אין מאכט א גאנצען דור נאכדעם. כל זמן עס איז אין דעם סאציאלען און פאליטישען לעבען געגאנגען שטיל, איז די פא־ליטישע פרייהייט געווען אומגעשטערט. אבער ווען עס האט זיך אנ־געהויבען די אגיטאציע פון די „אבאלישאניסטען" פאר די אפשאפונג פון שקלאפעריי, האט דיזעלביגע דעמאקראטישע פארטיי אנגעהויבען צו פארפאלגען זייער פרעסע. ווי מיר האבען שוין דערמאנט אין א פריהערדיגען קאפיטעל, איז אין דער צייט פון פרעזידענט דזשעק־סאן'ען פארהאלטען געווארען אויף דער פאסט א גאנצער פאק פון אבאלישאניסטישע דרוק־זאכען, וואס זיינען ארויסגעשיקט גע־ווארען אין די דרום־סטעיטס, וואו די שקלאפעריי איז גע־ווען דער פונדאמענט פון דער עקזיסטענץ פון דעם הערשענדען קלאס. אין זיין באריכט צו דעם פרעזידענט פאר דעם יאר 1835 האט דער פאסטמאסטער־דזשענעראל ערקלערט זיין האנדלונג בזה הלשון:

„אין די צפון מזרח סטעיטס האט זיך געבילדעט א פאראיין, וואס האט זיך געשטעלט צום צוועק צו דערגרייכען די אפשאפונג פון שקלא־פעריי אין די דרום־סטעיטס און האט פאר דעם צוועק צוזאמענגעמאכט א היבשע סומע געלט. איינער פון די מיטלען, מיט וועלכע זיי בא־נוצען זיך, איז וואס זיי דרוקען גרויסע מאסען פון צייטונגען, בראשור־רעס, בלעטלאך און זאמעל־ביכער, אין וועלכע עס געפינען זיך איבער־טריבענע און אפט פאלשע באשרייבונגען, ווי מען באהאנדעלט די שקלאפען. מיט בילדער, וואס האבען דעם צוועק אויפצוהעצען די ליידענשאפטען פון דער פארביגער באפעלקערונג און ארויסצורופען אומארדנונג, מארד און בירגער־קריג".

דער אמת איז געווען, אז אומארדנונגען און מארד האבען באַ־גאנגען ניט די אבאַלישאַניסטען, נאר גראד די מאבס וואס האבען גע־האַלטען פאר שקלאפעריי. אבער פרעזידענט דזשעקסאן, שטיצענדיג זיך אויף דעם באריכט פון דעם פאסטמאסטער־דזשענעראל, האט אין זיין מעסעדזש צום קאנגרעס אין דעם זעלבען יאר פארגעשלאגען א געזעץ צו באשטראפען „אויפרייצענדע אויפרופען, וואס העצען אויף די ליידענשאפטען פון די שקלאפען און האבען דעם צוועק אויפצו־וועקען זיי צו אן אויפשטאנד“.

אזא ביל איז טאקע אריינגעבראכט געווארען אין קאנגרעס, אבער ער איז דורכגעפאלען.

דער בירגער־קריג האט געבראכט צו א באשרענקונג פון דער פרעס־פרייהייט. אונטער פרעזידענט לינקאלן׳ס אדמיניסטראציע האט דער ניו יארקער פאסטמאסטער קאנפיסקירט די אויסגאבען פון עט־ליכע ניו יארקער טעגליכע צייטונגען פאר „אויפרייצענדע“ ארטיקלען געגען דעם קריג, און די רעדאקטערע זיינען געשטעלט געווארען צום געריכט. די פראגע איז פארגעקומען פאר׳ן קאנגרעס אין 1863 און ער האט גוט געהייסען די האנדלונג פון דעם פאסט־מאסטער. איז די פרייהייט פון דער פרעסע געווארען אפהענגיג פון דעם ווילען פון דער רעגירונג אין קריגס־צייט, ניט קוקענדיג אויף דעם פונקט פון דער קאנסטיטוציע, וואס באשטימט, אז „דער קאנגרעס טאר ניט מאכען קיין געזעץ צו באשרענקען די פרייהייט פון דער פרעסע“. דאס הייסט ,אויף דעם פאל פון א בירגער־קריג האט די רעגירונג געשאפען א פרעצעדענט, אז דער פרעזידענט מעג אפשטעלען די ווירקונג פון יענעם פונקט פון דער קאנסטיטוציע, אויב ער מיינט, אז דאס איז נויטיג פאר דער עפענטליכער זיכערקייט.*)

אין דער צייט פון דעם אויפשטאנד פון די פיליפינער געגען דער אמעריקאנער רעגירונג האט די מיליטערישע מאכט געהאנדעלט לויט דעם דאזיגען פרעצעדענט. א רעדאקטאר פון אן אמעריקאנער צייטונג אין מאנילא, וועלכער האט קריטיקירט די האנדלונגען פון דער אמע־ריקאנער מיליטערישער אדמיניסטראציע, איז ארויסגעשיקט געווארען אהן א משפט (אדמיניסטראטיווער פאריאדקאם) פון די פיליפינער אינזלען. א קאפיטאן האט קאנפיסקירט א קאפיע פון א שפאנישער

*) Burgess: "The Civil War and the Constitution," p.p. 222—223.

איבערזעצונג פון דער „דעקלאַרעישאַן אוו אינדעפּענדענס", אַלס א פאַרפלוכטע אויפרייצענדע פּראָקלאַמאַציע".

מילא, דאָס איז געווען אין דער צייט פון א בירגער־קריג און, ווי די רוימישע יוריסטען פלעגען זאָגען, „אין דער צייט פון מלחמה שווייגען די געזעצען". אבער אין ניכען נאָך דעם בירגער־קריג איז געשאַפען געוואָרען א פאָרמע פון צענזור, וואָס האָט זיך זינט יענער צייט ברייט אַנטוויקעלט, דאָס איז די פּאָסט־צענזור, וואָס איז איינגעפירט געוואָרען דורך דעם געזעץ פון 1873, וועלכער איז אַלגעמיין באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „קאָמסטאָק לאָא" (קאָמסטאָק'ס געזעץ). פאָרמעל באַשרענקט ער ניט די פרייהייט פון דער פּרעסע, ער פאַרווערט נאָר אַריבערצושיקען דורך דער פּאָסט אומאַנשטענדיגע דרוקזאַכען. די שטראָף פאַר עובר זיין אויף דעם פאַרבאָט, איז זיצען ביז פינף יאָר און א געלט־שטראָף ביז פינף טויזענט דאָלאַר. דער געזעץ, הייסט דאָס, איז ניט עובר אויף דער קאָנסטיטוציע, מען מעג זיך דרוקען וואָס מ'וויל, נאָר וואָס דען? דער פּאָסט אַפּיס נעמט זיך ניט אָן פאַנאַנדערצופירען אומאַנשטענדיגע שריפטען. דער געזעץ איז פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר דער סופרים קאָורט, אבער זי האָט איז אים ניט איינגעזעהן קיין פאַרשטוים געגען דער קאָנסטיטוציע. אין דעם יאָר 1898 איז דער פאַרבאָט אויסגעברייט געוואָרען אויך אויף די עקספּרעס־קאָמפּאַניעס אויף דעם גרונט פון דעם דאָזיגען געזעץ האָבען א סך שרייבערס און פאַרלעגערס געקראָגען א טעם פון טורמע.

אומאַנשטענדיגע שריפטען ווערען פאַרפאָלגט אין דער גאַנצער וועלט. די פראַגע איז נאָר, וואָס הייסט „אומאַנשטענדיג" לויט דעם געזעץ. דער פאַקט איז, אז די מערסטע שריפטען, וועלכע זיינען פאַרפאָלגט געוואָרען אויף דעם גרונט פון דער „קאָמסטאָק־לאָא", האָבען בשום אופן ניט געקענט באַטראַכט ווערען פאַר אומאַנשטענדיג. דער בעסטער ביישפּיל איז טאָלסטאָי'ס „קרייצער סאָנאַטאַ", וועלכע דער פּאָסטמאַסטער־דזשענעראַל וואַנאַמייקער האָט באַלד נאָך איר ערשיינונג אין 1890 פאַרבאָטען אַריבערצושיקען דורך דער פּאָסט. דאָס איז בשום אופן ניט קיין אויסנאַם. אָט איז אַנאַנדער כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל.

אין 1895 איז דער רעדאַקטאָר פון א צייטונג אין לעקסינגטאָן, אין דעם סטעיט קענטאַקי, פאַר'משפט געוואָרען צו זיצען פאַר א ביבליאָגראַפישע נאָטיץ אין אַן אַדווערטייזמענט וועגען ענני בעזאַנט'ס

ביבעל „דער באַפעלקערונגס געזעץ". יעדער, וואָס איז באַקאַנט מיט דעם ביבעל, ווייס, אז עס איז דאָרטען ניטאָ קיין אומאַנשטענדיגער וואָרט. עס ווערט דאָרטען נאָר באַהאַנדעלט די טעאָריע פון די „נייע מאַלטוזיאַנער", וועלכע רעקאָמענדירען „קאָנטראָל איבער דער צאָל פון געבורטען" דורך מעדיצינישע מיטלען. (די מיטלען ווערען אין דעם ביבעל ניט אָנגעוויזען). אזעלכע פּראָצעסען זיינען גאָר קיין אויסנאַם ניט.

דער זעלבער געזעץ איז אָנגעווענדעט געוואָרען אפילו אויף אַ פּאָליטישען פּראָצעס, וואָס האָט מיט זנות שוין קיין שום שייכות ניט געהאַט. דאָס איז געווען דער פאַל פון יאָהאַן מאָסט אין 1901. אין דעם טאָג ווען דער משוגע'נער טשאָלגאָש האָט געשאָסען דעם פּרעזידענט מעק-קינלי אין באַפאַלאָ, איז אין ניו יאָרק ערשינען דער וועכענטליכער נומער פון מאָסט'ס „פרייהייט", אין וועלכען עס איז געווען איבערגעדרוקט אן אַלטער ארטיקעל פון דעם דייטשען „אכט און פערציגער"*) הערוועג איבער „טיראַנענמאָרד". דער ארטיקעל איז צום ערשטען מאָל געדרוקט געווען אין 1851 אין אַ דייטשער רעוואָלוציאָנערער צייטונג, וואָס איז אין יענער צייט ערשינען אין באָסטאָן. דער ארטיקעל איז שפּעטער איבערגעדרוקט געווען אין זיינע געזאַמעלטע ווערק, וואָס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אין ניו יאָרק מיט אַ יאָר צען פאַר מאַק-קינלי'ס טויט. מאָסט האָט אים איבער־געדרוקט פּראָסט אום אָנצופילען אַ לעדיגען פּלאַץ אין זיין צייטונג. ערשט נאָכדעם ווי דער אומגליקליכער נומער איז אוועקגעשיקט גע־וואָרען אין דעם פּאָסט אפּיס האָט מאָסט איבערגעלייענט די טעלעג־ראַמע וועגען דעם, אז טשאָלגאָש האָט געשאָסען מאַק-קינלי. עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אז דער איבערדרוקען פון הערוועג'ס ארטיקעל האָט קיין שייכות ניט געהאַט צו טשאָלגאָש'ס פאַרזוך אויפ'ן פּרעזידענט'ס לעבען. אָבער „די ניו יאָרק שטאַטס צייטונג" האָט אים פאַר'מסר'ט און ער איז געשטעלט געוואָרען צום געריכט און פאַר'־משפּט געוואָרען צו אַ יאָר טורמע. אין יענער צייט איז ניט געווען קיין געזעץ צו באַשטראָפען די טעאָרעטישע פּראָפּאַגאַנדע פון פּאָלי־טישען טעראָר, איז ער געשטעלט געוואָרען אונטער אן אַנקלאַגע אויף דעם גרונט פון דעם געזעץ, וואָס באַשטראָפט פאַר די פאַרשפּרייטונג

*) אן אָנטיילנעמער פון דער רעוואָלוציע פון 1848.

פון אומאנשטענדיגע שריפטען. ער האט אפעלירט צו א העכערען גע־ריכט, אבער עס האט ניט געהאלפען.

די איינפירונג פון א צענזור דורך די פאסט־פארוואלטונג איז נאר געווען דער ערסטער שריט. וויבאלד עס איז אנערקענט געווארען פרינציפיעל, אז די רעגירונג מעג צענזורירען די פרעסע, איז שוין גאנץ נאטירליך געווען, אז די הערשענדע אינטערעסען זאלען פרובירען אויסברייטען די צענזור אויף אנדערע געביטען א חוץ זנות.

אזוי גיך ווי די סאציאליסטישע באוועגונג איז ארויס פון די עמיגראנטישע קרייזען און האט זיך אנגעהויבען צו פארשפרייטען צווישען די געבארענע אמעריקאנער, האט דער פאסט־אפיס דעפארט־מענט גענומען מאכען פריטשעפקעס צו דער סאציאליסטישער פרעסע. דערצו האט זיך דער פאסט־אפיס באנוצט מיט א גאנץ אומשולדיגען פונקט פון דעם געזעץ, וואס איז גאר ניט געשאפען געווען פאר ערגעץ א פאליטישען צוועק. דער פרייז פאר אריבערשיקען צייטונגען פון א רעדאקציע צו אירע אבאנענטען אין אנדערע שטעט איז א סך ביליגער, ווי דער אלגעמיינער טאריף פאר איבערשיקען דרוק־זאכען דורך דער פאסט.

פארשטעהט זיך, אז צווישען די גרויסע האנדעלס געשעפטען, וואס רעקלאמירען זייער סחורה זעהר ברייט איבער'ן גאנצען לאנד, האבען זיך געפונען בעלנים צו פארשטעלען זייערע רעקלאמעס אונטער דער פירמע פון וואכענבלעטער: מען דרוקט אפ צוזאמען מיט דעם אדווערטייזמענט א מעשה, א פעליעטאן, א פאר וויצען, און אט האט איר א צייטונג. כדי צו פארהיטען דעם פאסט־אפיס פון אזעלכע שווינדלען גיט אים דער געזעץ דאס רעכט ניט אויפצונעמען אזעלכע כלומר'שטע „וואכענבלעטער" פאר דעם זעלביגען פרייז ווי עכטע צייטונגען. דער געזעץ באשטימט צוויי סמנים צו דערקענען אזעלכע שווינדעל־בלעטער: ערשטענס, אויב די ארויסגעבער שיקען פארנאנ־דער אומזיסט צו פיעל עקזעמפליארען, וואס איז מעהר ווי די געוועהנ־ליכע צאל „סעמפעל קאפיעס" (פראבע נומערען) און אזעלכע עקזעמפ־ליארען, וואס ווערען צוגעשיקט צו די פריינד פון דעם בלאט: און צווייטענס, אויב די ליטעראַרישע אפטיילונג איז ניט מעהר ווי א פאר־שטעלטע רעקלאמע פון דעם ארויסגעבערס געשעפט. אט דעם געזעץ האט אין דער צייט פון פרעזידענט רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע אויס־

גענוצט דער אסיסטענט פאסטמאסטער דזשענעראל מעדדען געגען דער סאציאליסטישער און טרייד־יוניאניסטישער פרעסע.

די עקזיסטענץ פון דער דאזיגער פרעסע הענגט אפ, ווי באקאנט, פון דער אונטערשטיצונג פון די, וואס סימפאטיזירען מיט איר אקטיוו. א פארבאנד, אדער א קליינע פארטיי, אדער אן ענליכע ארגאניזאציע קויפט א גרויסע צאל עקזעמפליארען און צוטיילט זיי אומזיסט צווי־שען דעם עולם, אדער איינצעלנע פריינד פון דער ציטונג קלויבען אבאנענטען און שיקען אריין אין די רעדאקציע די געלט מיט די אד־רעסען. זייענדיג א געוועזענער פרעזידענט פון א יוניאן, האט דער מעדדען דאס אלץ גאנץ גוט געוואוסט. ער האט אויסגעקליבען עט־ליכע אזוינע ציטונגען, וואס פלעגען פארנאנדערשיקען די גרעסטע צאל עקזעמפליארען אומזיסט, און האט ארויסגעגעבען אן ארדער זיי מעהר ניט אנצונעמען אלס „סעקאנד קלאס מעטטער“ (ס'הייסט נאך דעם ביליגען פרייז פאר ציטונגען). צווישען די קרבנות איז געווען די סאציאליסטישע ציטונג „אפיעל טו ריזאן“, וועלכע האט אין יע־נער צייט געהאט א צירקולאציע פון איבער הונדערט טויזענט עקזעמפ־ליארען. מעדדען האט כ׳ודיע געווען דעם ארויסגעבער, אז לויט די ידיעות פון דעם פאסט־אפיס, ווערט די ציטונג ארויסגעשיקט צו א סך לעזער, וואס האבען איר קיינמאל ניט באשטעלט. דער ארויס־געבער האט זיך פרובירט פארענטפערען, אז מסתמא האט פאר זיי אימיצער אן אנדערער איינגעצאלט, אבער עס האט ניט געהאלפען.

צו באווייזען, אז דער פאסט־אפיס טשעפעט זיך צו דער סאציא־ליסטישער ציטונג, האט איינער פון אירע פריינד אנגעפרעגט זיך ביי מעדדענ'ען, צי מעג ער אויף קריסטמאס געבען א פריינד אלס א מתנה א סובסקירפשאן אויף דעם זשורנאל „סאקסעס“. ער האט גע־קראגען אן ענטפער, אז דאס מעג מען. דער רעדאקטאר פון דעם „אפיעל טו ריזאן“ האט אפגעדרוקט דעם בריף און האט געפאדערט פון מעדדענ'ען אן ערקלערונג, פארוואס איז פאר זיין ציטונג דער דין אן אנדערער ווי פאר דעם „סאקסעס“. מעדדען האט אים געענטפערט, אז עס מאכט ניט אויס צי די סחורה וואס די ציטונג רעקלאמירט איז איר אייגענע אדער א פרעמדע, — אויב זי רעקלאמירט א פרעמדע סחורה און פארקויפט דערביי א גרויסע צאל עקזעמפליארען, וואס ווערען צוטיילט צווישען דעם עולם אומזיסט אלס א רעקלאמע, איז דאס גופא אן עבירה געגען דעם געזעץ.

וואס־זשע איז דאס געווען פאר א סחורה, וואס דער „אפיעל טו ריזאן“ האט רעקלאמירט? אויף דעם האט מעדרען גענטפערט, אז א רעקלאמע, כל זמן „א גרויסער חלק פון די אבאנעמענטען איז איינגעצאלט געווארען פון אזעלכע לייט, וואס זיינען פאראינטערעסירט אין דער פארשפרייטונג פון דער צייטונג צוליב אידעע, וואס זי פרעדיגט, צי צוליב דער סחורה, וואס זי אדווערטייזט“.

אויף דעם אופן איז די פראפאגאנדא פון אן אידעע צוגעגליכען געווארען צו א רעקלאמע פון עקס־לאקס. עס האט זיך אנגעהויבען א לאנגע חד גדיא, דער סוף איז געווען, אז דער צענזאר פון דעם פאסט־אפיס האט געפאדערט ביי דעם ארויסגעבער פון דער צייטונג, ער זאל אויסמעקען פון זיין ליסטע אלע אבאנענטען וואס האבען אליין נים ארייגעשיקט די געלט אין די רעדאקציע. מעדרען האט גאנץ גוט געוואוסט, אז די צייטונג האט געהאט א גאנצע „ארמיי“ פון פרייוויליגע, נים באצאלטע אגענטען איבער׳ן גאנצען לאנד, און ווען דער ארויסגעבער זאל פאלגען זיין באפעל, האט ער געדארפט אויסמעקען כמעט אלע זיינע אבאנענטען. — ווארים ווי אזוי וואלט ער געקענט דערגעהן פון די ביכער, ווער האט אליין ארייגעשיקט די געלט און וועמעס אדרעס אן אגענט האט צוגעשיקט? מילא, ער האט זיך געגעבען אן עצה: ער האט אפגעדרוקט אין דער צייטונג אן אויפרוף צו די לעזער, יעדערער פון זיי זאל אים אליין צושיקען זיין אדרעס. עס האט אפגעקאסט א היבשע סומע געלט צו סארטירען די אלע בריף, וואס זיינען אנגעקומען, און צוזאמענשטעלען א נייע ליסטע פון הונדערט טויזענט אבאנענטען, אבער די צייטונג האט אויסגעפירט.

דעמזעלביגען פרעצעדענט האט מעדרען אנגעווענדעט אויף אן אנדער סאציאליסטישען וואכענבלאט, „דהי טשאלעדזש“, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פון א „סאציאליסטישען מיליאנער“ ווילשיר׳ן אין קאליפארניע. ער האט אריבערגעטראגען די רעדאקציע קיין ניו יארק, האט דער פאסט־אפיס דעפארטמענט ענטזאגט זיך אנצונעמען דעם בלאט נאך דעם פרייז פאר „צווייטע קלאס“ (פאר צייטונגען). אויף דעם גרונט, אז ער באנוצט זיין צייטונג אויף צו „אדווערטייזען זיינע אידעען“. זייענדיג א רייכער מאן, האט ער אריבערגעטראגען די רעדאקציע קיין קענעדע און פון דארטען האט ער פארנאנדערגע־

שיקט די צייטונג איבער די פאראייניגטע שטאטען נאך דעם ביליגען טאריף. דער וואשינגטאנער פאסט־אפיס דעפארטמענט האט אים ניט געקענט אפזאגען, ווייל נאך אן אפמאך מיט דער רעגירונג פון קע־נעדא מוז דער אמעריקאנער פאסט־אפיס צושטעלען די צייטונגען וואס ווערען ארויסגעשיקט פון קאנאדא.

ווילשיר'ן און דעם „אפיעל טו ריזאן" האט אפגעגליקט דערפאר, וואס זיי האבען געהאט גרויסע געלט־מיטלען. אבער א סך קליינע בלעטלאך האבען געמוזט אויפגעבען זייער עקזיסטענץ.

דאס איז נאטירליך געווען א מיסברויך פון דעם געזעץ, וואס האט געגעבען דעם פאסט אפיס די דעה צו מאכען א רעקלאמע־בלעטעל. דער געזעץ גופא האט ניט געהאט דעם צוועק צו מאכען אן אונטערשיד צווישען צייטונגען צוליב זייער פאליטישען כאראקטער. דאס איז געקומען אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה אויף דעם גרונט פון דעם מלחמה־געזעץ געגען „שפיאנאזש". וועגען דעם וועלען מיר רעדען ווייטער.

די אויסברייטונג פון דער סטרייק־באוועגונג אין דעם לעצטען יארצענט פון דעם פארגאנגענעם יארהונדערט האט געפירט דערצו, אז דער ארגאניזירטער קאפיטאל האט געזוכט און געפונען הילף געגען די ארבייטער אין די קאורטס. די דזשאדזשעס האבען זיך גענומען די מאכט ארויסצוגעבען א באפעל, אין וועלכען עס ווערט ספעציעל פאר־באטען א געוויסע האנדלונג וואס לויט דעם געוועהנליכען קרימינאל געזעץ איז זי בפירוש ניט פארבאטען, און מען וואלט דעם בעל עולה פאר אים ניט געקענט אנקלאגען פאר א קרימינאל־געריכט. דער פאר־באט ווערט ארויסגעגעבען געגען באשטימטע פארשוינען, (ניט אלס אן אלגעמיינער געזעץ, וואס א געריכט האט ניט קיין געזעצליכע מאכט צו טאן), און ווען דער בעל דבר פאלגט ניט דעם פארבאט, ווערט ער געלאדען אין געריכט פאר „קאנטעמפט אוו קארט", ס'הייסט פאר באליידיגען דעם געריכט. ווען איינער באליידיגט א דזשאדזש אין קאורט, האט דער דזשאדזש דאס רעכט אים מיט זיין אייגענער מאכט צו באשטראפען, אהן א דזשורי. אויף דעם אופן האבען זיך די דזשאד־זשעס אליין גענומען אן אדמיניסטראטיווע מאכט צו פארווערען די ארבייטער צו סטרייקען, צו פיקעטען א. ז. וו. די דאזיגע מאכט האבען זיי באלד אויסגעברייט אויך אויף די ארבייטער פרעסע.

אין באפאלא האט די שריפטזעצער־יוניאן מיט א יאר צוואנציג

צוריק ערקלערט א סטרייק געגען די צייטונג „עקספרעס". דער סטרייק איז פארלארען געגאנגען, אבער די יוניאן האט דורך איר וועכענטליכען בלעטעל באיקאטירט דעם „עקספרעס" און האט זיך געווענדעט צו די ביזנעס-לייט ניט צו אדווערטייזען אין דער צייטונג. דער באיקאט האט זיך געצויגען אן ערך א יאר. ס'ווייזט אויס, אז דער באיקאט האט געטאן היזק דער צייטונג און די ארויסגעבער האבען אנגעגעבען אין קאורט און געקראגען אן „אינדזשאנקשאן" וואס פארווערט דעם יוניאן-בלאט „צו דערמאנען אין זיינע קאלומס די צייטונג „ע ק ס-פ ר ע ס", אדער צו באשפרעכען אויף וועלכען עס איז אופן אירע סכסוכים מיט דער שריפטזעצער יוניאן, אדער בכלל טאן עפעס וואס קען שעדיגען דעם „ע ק ס פ ר ע ס".

אין סאן-פראנציסקא איז ארום דער זעלבער צייט פארגעקומען אן ענליכע קעיס, וואס איז היינטיגע צייטען קלינגט עס זעהר פיקאנט. אין צוויי ברויערייען האט אויסגעבראכען א סטרייק, און די דארטיגע דייטשע „פאלקסצייטונג" האט געדרוקט ארטיקלען און אדווערטייז-מענטס, אין וועלכע די ארבייטער זיינען אויפגעפאדערט געווארען ניט צו טרינקען די ביר פון יענע ברויערייען. די באלעבאטים פון די ברויערייען האבען געקראגען פון דער קאורט אן אינדזשאנקשאן, אין וועלכע עס איז דער צייטינג פארבאטען געווארען איינצורעדען אירע לעזער ניט צו טרינקען יענע ביר.

דאס איז געווען נאר דער אנהויב. באלד אבער איז די צענזור פון די קאורטס אויסגעברייט געווארען אויף אנדערע געביטען פון דעם עפענטליכען לעבען.

די פארצייטיגע דזשאדזשעס אין ענגלאנד האבען געז'אסר'ט יעט-ווידע קריטישע באמערקונגען אין דער פרעסע איבער א פראצעס בשעת ער ווערט פארהאנדעלט אין קאורט, — ווער עס פאלגט ניט, קען באשטראפט ווערען פון דעם דזשאדזש פאר „קאנטעמפט אוו קאורט". מיט דער אנטוויקלונג פון דער מאכט פון דער פרעסע איז דער פאר-צייטיגער פארבאט אין גאנצען פארגעסען געווארען. אבער, ווען עס האט זיך אנגעהויבען די סדרה פון אינדזשאנקשאנס, האבען די קאורטס אנגעהויבען צו באנוצען זיך מיט דעם דאזיגען מיטעל געגען דער פרעסע.

אין 1899 האט די באסטאנער צייטונג „דהי טראוולער" געזאגט אין אן עדיטאריאל (א לייט-ארטיקעל) איבער א קרימינאל-קעיס, אז

דער דזשאַדזש האָט דורך די לאַנגע יאָרען, וואָס ער האָט געדינט אַלס פּראָקוראָר, פאַרלאָרען די פעהיגקייט צו זיין אַ דזשאַדזש. אויף זיין ריכטער־באַנק איז ער געבליבען אַן אַנקלעגער. זיינע ערקלערונגען צו דער דזשורי זיינען געווען זעהר איינזייטיגע און האָבען געמוזט האָבען אַ ווירקונג אויף די דזשורי צום שאָדען פון דעם אַנגעקלאָגטען. ווען די ציימונג איז אַרויס פון דרוק, זיינען די דזשורי־לייט נאָך ניט צוריקגעקומען פון זייער קאַמער. דער דזשאַדזש האָט געשיקט רופען דעם רעדאַקטאָר און האָט געפאָדערט, ער זאָל זיך ענטשולדיגען. דער רעדאַקטאָר האָט זיך ענטזאָגט צו ענטשולדיגען זיך, האָט אים דער דזשאַדזש אויפ'ן שטעל פאַר'משפט אָפּצוזיצען אַ חודש.

אַנדערע דזשאַדזשעס זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבען איינגעפירט אַ „פּרעדוואַדיטעלנע" צענזור, ווי אין רוסלאַנד פריער פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905, ס'הייסט, זיי האָבען אין פאַראַיים פאַרבאָטען צו דרוקען געוויסע זאַכען. אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען אין מאָנטאַנאַ אין 1899. עס איז אָנגעגאַנגען אין קאָורט די פאַרהאַנדלונג וועגען אַ לאַיער, וואָס איז באַשולדיגט געווען אין אינטערקויפען די מעמבערס פון דער לעדזשיסלעיטשור, זיי זאָלען שטימען פאַר דעם קופּער־קעניג קלאַרק אַלס קאַנדידאַט פאַר דעם סענאַט פון די פאַראייניגטע שטאַטען.*) דער פּראָצעס האָט אינטערעסירט גאַנץ אַמעריקאַ, וואָרים פון זיין אויסגאַנג איז אָפּגעהאַנגען די געזעצליכקייט פון דער וואַל פון קלאַרק, וועלכער איז שוין דעמאָלט געזעסען אין סענאַט. האָט די קאָורט פאַרבאָטען די לאָקאַלע ציימונגען צו באַריכטען וועגען דער קעיס איידער זי וועט גע'פּסק'ענט ווערען. עס האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז די קאָורט האָט דעם אַדוואָקאַט געפונען שולדיג און די קאָמיטע אין סענאַט האָט גע'פּסל'ט קלאַרק'ס וואַל. פונדעסטוועגען האָט ביז דאַנען די לאָקאַלע פּרעסע ניט געטאָרט וועגען דעם שרייבען.

מילא, דאָ האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעפּוטאַטען פון דער לעדזשיסלעיטשור, וועגען אַ סענאַטאָר. אָבער אין אַנאַנדער פּראָצעס אין סויטה דאַקאָטאַ איז דער אַנגעקלאָגטער געווען ניט מעהר ווי אַ דירעקטאָר פון אַ באַנק און די אַנקלאַגע איז געווען, אַז ער האָט

*) אין יענער צייט פלעגען נאָך די סענאַטאָרען אויסגעקליבען ווערען דורך דער לעדזשיסלעיטשור, ניט דירעקט פון פאָלק, ווי איצט.

פארנומען געלט פון דער באנק, אבער דער דזשאדזש האט פארווערט די צייטונגען וועגן דעם פראצעס צו שרייבען.

אזעלכע פראצעסען זיינען פארגעקומען גאר ניט זעלטען. ענדליך האט די פראגע דערגרייכט צו דער סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען. דער פראצעס האט זיך אנגעהויבען נאך אין דעם יאר 1913 אין דער שטאט טאלידא. די צייטונג „ניוז־בי" האט געדרוקט ארטיקלען אין וועלכע זי האט אונטערשטיצט די שטאט־אדמיניסטראציע אין דעם סכסוך מיט דער שטאטבאהן־קאמפאניע, — די שטאט־אדמיניסט־ראציע האט ארונטערגעזעצט דעם פרייז פאר איין רייזע פון פינף סענט אויף דריי, און די קאמפאניע האט אנגעגעבען אין קאורט, אז דאס איז אומגעזעצליך. בעת דער דזשאדזש האט געהאלטען ביי זיך די פאפירען איידער ער האט ארויסגעגעבען זיין ענטשיידונג, האט די צייטונג געשריבען אן ארטיקעל וועגען דעם ענין. דערפאר האט דער דזשאדזש איר שטראפירט מיט געלט. די שאלה פאר דער סופרים קאורט איז געווען: צי א צייטונג מעג באשטראפט ווערען פאר שריי־בען וועגען אן עסק, וואס אינטערעסירט די גאנצע שטאט, בעת די זאך ווערט פארהאנדעלט אין קאורט. די מאיאריטעט פון דער סופ־רים קאורט האט גע'פסק'ענט, אז דאס איז אן עבירה פאר וועלכע א צייטונג מעג באשטראפט ווערען. צוויי דזשאדזשעס האבען געשטימט דאגעגען, אבער די ענטשיידונג פון דער מאיאריטעט פון דער סופרים קאורט איז געזעץ.

אחוץ די פארמען פון דער צענזור, וואס האבען זיך אריינגע־גנב'עט, אזוי צו זאגען דורך א הינטערטיר, זיינען פאראן אין די געזעץ ביכער פון סטעיט א סך געזעצען, וואס האבען דעם כאראקטער פון א „באשטראפענדער צענזור", ווי מען רופט עס אויפ'ן רעכטסוויסענ־שאפטליכען לשון.

אין זעקס און דרייסיג סטעיטס זיינען פאראן געזעצען, וואס באשטראפען פאר אפלאכען פון גאט און רעליגיאן. א היבשע צאל אמעריקאנער פריידענקערס, זיינען אין פארשידענע צייטען פארפאלגט געווארען אונטער די דאזיגע געזעצען.

צום סוף פון דעם פארגאנגענעם יאר הונדערט האט מען אין פאר־שידענע סטעיטס אנגעהויבען איינצופירען באשרענקונגען פון דער פרעסע פרייהייט אויף דעם פאליטישען געביט.

אין 1898 איז אין דעם ניו יארקער סענאט אנגענומען געווארען

א ביל (א פראיעקט פון א געזעץ), וואס האט געזאלט פארווערן צו דרוקען אין די צייטונגען בילדער פון לעבעדיגע מענשען אהן זייער הסכמה. פאר ניט פאלגען דעם געזעץ איז באשטימט געווען א שווערע שטראף; משפט'ען פאר א פארברעכען געגען דעם געזעץ האט מען געזאלט אהן א דזשורי; פאראנטווארטליך פאר דעם פארברעכען וואלט געווען ניט נאר דער ארויסגעבער אדער דער רעדאקטאר, נאר אפילו א סטענדקיפער, וואס האט פארקויפט די צייטונג. דער צוועק פון דעם ביל איז געווען צו באשיצען די פאליטישענס געגען קארטונס, וואס מאכען חוזק פון זיי. דער ביל האט געפונען אונטערשטיצונג אין דער ניו יארקער קאפיטאליסטישער פרעסע. אין דעריין האט זיך ארויסגעוויזען פשוט איר קרעמערשער גייסט; די גרויסע צייטונגען וואס האבען אין יענער צייט ניט געדרוקט קיין קארטונס האבען גע־וואלט אונטערשטעלען א פיסעל זייערע געלע קאנקורענטען. נאר די מאכט פון דער געלער פרעסע איז געווען צו שטארק און דער ביל איז דורכגעפאלען אין דער אסעמבלי. אבער מיט א יאר שפעטער איז אזא געזעץ אנגענומען געווארען אין קאליפארניא. אין סענאט האט דעם פראיעקט פון דעם געזעץ ארייגעטראגען א סענאטאר, וואס די פרעסע אין סאן פראנציסקא האט אים דערטאפט, אז ער האט אין סענאט באזארגט די געשעפטען פון די אייזענבאנען קאמפאניעס. אין דער אסעמבלי האט דעם ביל ארייגעבראכט א חברה מאן פון דעמ־זעלבען סארט. לויט דעם געזעץ פאר באליידיגען א קהל'שען טוער דורך א קארטון קומט א חודש זיצען און פינף הונדערט דאלאר שטראף.

אין דעם סטעיט וואשינגטאן זיינען די געזעצגעבער געגאנגען נאך ווייטער: עס איז דארטען א פארברעכען צו זאגען עפעס, „וואס קען ברייגען דערצו, אז מען זאל ניט רעספעקטירען דעם געזעץ אדער א געריכט".*)

איינער וואס איז פאר'משפט געווארען לויט דעם געזעץ האט אפעלירט צו דעם העכסטען געריכט פון דעם סטעיט וואשינגטאן אויף דעם גרונט, אז אזא געזעץ איז עובר אויף די קאנסטיטוציאנעלע גא־ראנטיעס פון רעדע פרייהייט און פרעס פרייהייט. אבער די סופרים

*) "Tending to encourage disrespect for law or for any court." —"Where Speach is not Free," by Theodore Schroeder.

קאורט האט גע׳פסק׳ענט, אז דער נעזעץ איז אין הסכם מיט דער קאנסטיטוציע, און א סוף.

די ערמארדונג פון פרעזידענט מאק־קינלי, אין 1901 האט גע־שאפען א שטימונג פאר אן אלגעמיינעם געזעץ געגען דער פרייהייט פון דער פרעסע. א סך צייטונגען האבען זיך אויסגעדריקט די מיי־נונג, אז די ארטיקלען אין דער געלער פרעסע, וואס דיסקרעדיטירען די רעגירונג און די קאפיטאל־מאגנאטען, גרייטען צו דעם באדען פאר די אנארכיסטען. די ניו יארק „סאן", וועלכע איז דעמאלט געווען פון די איינפלוסרייכסטע צייטונגען אין אמעריקע, האט איבערגעדרוקט פון הוירסט'ס „ניו־יארק דזשורנאל" א גאנצע רייע אויסצוגען פון לייטארטיקלען, אין וועלכע זי האט אנגערעדט כל דבר אסור אויף מאק־קינלי. אין דער צייט פון זיין פאליטישער קאריערע, און זי האט אויף דעם גרונט באשולדיגט הוירסט'ן, אז ער האט דורך זיין צייטונג אנגעהעצט טשאלגאשון צו דערשיסען מעק־קינלי, די אגיטאציע פון דער פרעסע האט געפירט דערצו, אז אין ניו יארק, אין ניו דזשוירזי און אין אייאווא זיינען אנגענומען געווארען געזעצען געגען „אנאר־כיזם", וואס זיינען אין דער אמת'ן געזעצען געגען פראפאגאנדא פון יעדען סארט רעוואלוציאנערע אידעען.

דער ניו יארקער געזעץ טייטשט אויס דעם ווארט „אנארכיזם" אלס „א לערע וואס פרעדיגט דעם שטורץ פון אן ארגאניזירטער רע־גירונג דורך גוואלדמיטלען". אין דעם סטעיט אייאווא איז עס א פארברעכען צו „ראטען אדער ערמוטיגען דעם אומגעזעצליכען דער׳־הרג׳ענען פון א מענשליכער באשעפעניש, אין דעם סטעיט אדער אוי־סערהאלב דעם סטעיט, אפילו ווען קיינער איז ניט דער׳הרג׳עט גע־ווארען". דער געזעץ האט אין זינען נאטירליך טעראריסטישע אקטען, אדער א באוואפענטען אויפשטאנד, עס מאכט ניט אויס צו אין אמע־ריקע, צי אפילו אין אויסלאנד.

ביז דעם לעצטען וועלט־קריג זיינען די אלע געזעצען געבליבען אויפ׳ן פאפיר, קיינער האט זיך ווענען זיי ניט געקימערט, הגם מען האט אין ניו יארק ברייט און אפען אגיטירט פאר א רעוואלוציע געגען דעם רוסישען צאריזם און גוטגעהייסען די טעראריסטישע אקטען פון די רוסישע רעוואלוציאנערען. נאך דער מלחמה אבער איז דער גע־זעץ אין ניו דזשוירזי אנגעווענדעט געווארען געגען רוסישע באלשע־וויקעס. ווענען דעם וועלען מיר רעדען אין אנאנדער קאפיטעל.

זעכצענטער קאפיטעל

# געזעצליכע באשרענקונגען געגען ארבייטער־ארגאניזאציעם.

די ענגלישע „קאמאן לאא"*) האט באטראכט יעדען אפמאך צווישען ארבייטער מיט דעם צוועק צו רעגולירען די באדינגונגען פון דער ארבייט פאר א „פארשווערונג" (קאנספיראסי), וואס איז שטרענג באשטראפט געווארען.

די ענגלישע „קאמאן לאא" איז געבליבען אין קראפט אין די אמעריקאנער קאלאניעס נאכדעם ווי זיי האבען זיך ערקלערט פאר אומאפהענגיג פון ענגלאנד. דער פארבאט פון יעדען מין פאראייניגונג צווישען די ארבייטער געגען די בעלי בתים איז געבליבען אין קראפט אין אמעריקע א צייט נאך דעם, ווי דער דאזיגער פארבאט איז אפגע־שאפט געווארען דורך דעם געזעץ אין ענגלאנד, און ארבייטער יוניאנס און סטרייקס זיינען דארטען אנערקענט געווארען פאר געזעצליך. די טרעיד־יוניאניסטישע באוועגונג אין אמעריקע האט אויך געצוואונ־גען די פאליטישענס נאכצוגעבען די ארבייטער און אנצוערקענען דורך דעם געזעץ דאס רעכט צו סטרייקען. אבער צו הילף דעם קאפיטאליס־טישען קלאס איז זיין קאמף געגען די ארגאניזירטע ארבייטער זיינען געקומען די געריכטען, ספעציעל די פעדעראלע דזשאדזשעס, וועלכע ווערען אנגעשטעלט אויף זייער גאנצען לעבען און זיינען ניט אפהענגיג פון די שטימען פון די ארבייטער ביי די וואלען. זינט די גרויסע סטרייקס אויף די אייזענבאנען, וואס זיינען אנגעפירט געווארען פון דעבס'עם אמעריקאנער אייזענבאן־יוניאן („אמעריקאן רעילוועי יוני־אן") אין 1893 און 1894, האט זיך דא ענטוויקעלט דער סיסטעם פון

*) א סארט „הלכה", וואס איז באגרינדעט אויף די ענטשיידונגען און מיינונגען פון די ענגלישע דזשאדזשעס (ריכטער).

„אינדזשאנקשאנס, ד.ה. געריכטליכע פארבאטען געגען יעדער פארמע פון ארגאניזירטען קאמף פון ארבייטער געגען ארבייטס־געבער.

לויט דעם ענגליש־אמעריקאנישען רעכט, מעג א קלעגער ווענדען זיך צום דזשאדזש, ער זאל פארווערען דעם אנגעקלאגטען טאן געוויסע זאכען, וואס קענען אנמאכען אזא היזק דעם קלעגער, וואס דער אנגע־קלאגטער וועט אים דערנאך ניט קענען גוטמאכען. אז דער דזשאדזש ניט ארויס אזא באפעל און דער אנגעקלאגטער פאלגט ניט, מעג אים דער דזשאדזש מיט זיין אייגענער מאכט, אהן א דזשורי, פאר'משפט'ען צו זיצען אין טורמע פאר „באליידיגען דעם געריכט" (קאנטעמפט אוו קאורט).

אט מיט דעם מיטעל האבען זיך באנוצט די קאורטס אויסצו־העלפען די קאפיטאליסטען געגען סטרייקערס. ביי יעדען גרויסען סטרייק קומען די פאראינטערעסירטע קאפיטאליסטען אין קאורט און מאנען „דעמעדזשעס" (היזקות) פון דער יוניאן און אירע פירערס, און ביז וואס ווען, בעטען זיי אז דער דזשאדזש זאל דערווייליג ארויס־געבען אן אינדזשאנקשאן, וואס זאל תיקף פארווערען דער יוניאן און אירע באאמטע צו מאכען א שריט, וואס איז נויטיג צו פירען דעם סטרייק. דעם ארדער גרייט צו דער אדוואקאט פון דעם קלעגער, דער דזשאדזש שרייבט אים נאר אונטער, און די יוניאן קריגט דעם ארדער צוזאמען מיט די פאפירען מיט וועלכע ער ווערט געלאדען אין קאורט.

איידער די קלאגע וועט פארהערט ווערען, וואס קען זיך פארציען א לאנגע צייט, מוז דער אנגעקלאגטער דערווייליג פאלגען דעם פאר־באט.

אין דער פראקטיקע האבען די דזשאדזשעס פארבאטען די סטריי־קערס אפצוהאלטען פארזאמלונגען אפילו אין פריוואטע וואוינונגען ניט ווייט פון די קוילען־גרובען, וואו מען האט געסטרייקט, אפצורעדען די סטרייק־ברעכער, זיי זאלען ניט סקעבען, אפצושטעלען זיי צוליב דעם אויפ'ן וועג צו דער ארבייט אדער פון דער ארבייט; באיקאטירען דעם באלעבאס ביי וועמען עס געהט אן א סטרייק, ד. ה. בעטען דעם סימפאטיזירענדען פובליקום ניט צו קויפען ביי אים; צו טיילען סטרייק־שטיצע צווישען די סטרייקערס; צו באשפרעכען די אורזאכען פון דעם סטרייק אין א צייטונג וואס ווערט ארויסגעגעבען פון די

סטרייקערס; אפילו צו ווענדען זיך צו די מיטגלידער פון דער יוניאָן זיי זאָלען זיך אָנשליסען אין דעם סטרייק.

דער חסרון פון אַזאַ אינדזשאַנקשאָן, אין פאַרגלייך מיט דעם פאַרצייטיגען געזעץ, איז וואָס דאָס איז ניט מער ווי אַ פאַרבאָט אין אַ ציוויל־פּראָצעס, וואָס האָט אַ קראַפט נאָר געגען דעם אָנגעקלאָגטען צד אין דעם דאָזיגען פּראָצעס. אָבער די קאָורטס האָבען שוין געפונען אַ דריידל, ווי אַזוי צו געבען אַזאַ אָרדער די קראַפט פון אַן אַלגעמיינעם געזעץ.

די קלאַגע ווערט אַנגעגעבען געגען דער יוניאָן, עטליכע פון אירע פירערס „און אַנדערע". עס איז גענוג, ווען די פּאַפּירען ווערען צוגע־שטעלט צו אַ פּאָר פון די אָנגעקלאָגטע, און דער דזשאַדזש גיט שוין אַרויס אַן אינדזשאַנקשאָן געגען זיי „און די אַנדערע". יעדער סטריי־קער געהערט צו „די אַנדערע" און אויב ער פאָלגט ניט דעם פאַרבאָט, קען מען אים פאַרקלאָגען פאַר ניט פאָלגען דעם געריכט און דער דזשאַדזש קען אים באַלד אַוועקשיקען אין טורמע.

אמת אַזאַ אינדזשאַנקשאָן בלייבט אין קראַפט נאָר ביז צו דעם פאַרהער. אָבער עס הענגט אָפּ פון דזשאַדזש צו באַשטימען דעם טאָג פון דעם פאַרהער; ער קען עס אָפּלעגען אויף עטליכע וואָכען און ביז יענער צייט איז דער סטרייק פאַראַליזירט. און דער קאַפּיטאַל בלייבט דער זיגער.

אַן אָנגעקלאָגטער פאַר „באַליידיגען דעם געריכט" ווערט גע'־משפט אָהן אַלע אָנגענומענע גאַראַנטיעס פון גערעכטיגקייט. ערס־טענס ווערט ער געוועהנליך גע'משפט פון דעמזעלבען דזשאַדזש, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען די אינדזשאַנקשאָן, וואָס ער איז עובר געווען. צווייטענס, איז ער ניט בארעכטיגט צו אַ דזשורי. אַלע פאַר־האַנדלונגען ווערען געפירט שריפטליך, די עדות ווערען ניט אַרויס־גערופען צום געריכט און דער אָנגעקלאָגטער האָט ניט די געלעגענהייט זיי אויסצופרעגען. די איינציגע זאַך וואָס דער דזשאַדזש דאַרף אויס־געפינען ביי דער פאַרהאַנדלונג איז דער פאַקט, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז עובר געווען אויף דעם פאַרבאָט, וואָס דער דזשאַדזש האָט אַרויס־געגעבען.

עס מאַכט ניט אויס אפילו, אויב דער פאַרבאָט גופא איז געווען אומגעזעצליך, — כאָטש דער בעל דין געהאַט אַפּעלירט צו אַ העכערען

געריכט געגען דעם אומגעזעצליכען פארבאט, — אבער ער האט ניט געטארט מיט זיין אייגענעם ווילען עובר זיין אפילו אויף אן אומ־געזעצליכען פארבאט וואס א דזשאדזש האט ארויסגעגעבען. דער דזשאדזש האט די מאכט צו פאר'משפט'ען דעם אנגעקלאגטען צו א יאר זיצען. אפעלירען געגען דעם פסק־דין פון דעם דזשאדזש קען מען נאר אויב ער איז פסול פון א ריין פארמאלנעם שטאנדפונקט, אבער דאס טרעפט זעהר זעלטען, ווארים געוועהנליך ווערען אלע פארמען פון דעם געזעץ אפגעהיט ווי עס באדארף צו זיין, כאטש אין עצם מעג דעם דזשאדזש'עס משפט זיין א גאנץ אומגערעכטער.

בשעת די פראקטיקע איז אקארסט איינגעפירט געווארען אין די קאורטס, האבען די בעסטע אמעריקאנער יוריסטען איר איינשטימיג פארדאמט, אלס א ברוך מיט די גרונט פרינציפען פון דעם ענגלישען רעכט.

א דזשאדזש מעג ארויסגעבען א פארבאט אין א ציוויל קלאגע נאר דעמאלט, ווען דער קלעגער מאנט זיין רעכט ניט על פי ד י ן (לאא), נאר על פי י ו ש ר (עקוויטי). עס איז פאראן א פסוק אין דעם ענגלישען רעכט, אז „ס'איז ניטא קיין עולה, וואס עס זאל קענען איר ניט זיין קיין הילף."*) אבער עס קען טרעפען, אז אין דעם געשריבענעם געזעץ איז ניטא קיין ריכטיגער מיטעל צו באשיצען דעם קלעגער געגען אן עולה. אין אזא פאל מעג ער זיך ווענדען אין א „קאורט אוו עקוויטי", דאס הייסט אין א געריכט, וואס האט די מאכט צו משפט'ען על פי יושר, ניט האלטענדיג זיך אן דעם קוצו־של־יוד פון דעם געשריבענעם געזעץ.

אבער די מאכט פון א „קאורט אוו עקוויטי" האט אויך אירע גרעניצען. אזא קאורט טאר ניט ארויסגעבען אן ארדער, וואס זאל פארווערען צו באגעהן א פארברעכען. פארוואס? מחמת, ערשטענס, אין דערצו פאראן דער קרימינאל געזעץ, און א האנדלונג וואס איז ניט פארבאטען דורך דעם קרימינאל געזעץ איז ניט קיין פארברעכען און קען ניט באשטראפט ווערען — דאס איז איינער פון די גרונט־פרינציפען פון פערזענליכער פרייהייט. צווייטענס, אויב דער געריכט באפעלט א באשטימטען פארשוין ניט צו באגעהן א געוויסען פאר־ברעכערישען אקט און יענער פאלגט ניט, קען ער גע'משפט ווערען

*) There is no wrong without a remedy.

צוויי מאָל פאַר דעמזעלביגען פאַרברעכען: איינמאָל ציוויל פאַר „באַ־לײדיגען דעם געריכט" (קאָנטעמפּט אָוו קאָורט) און נאָך אַמאָל אין דעם קרימינאַל געריכט פאַר דעם פאַרברעכען גופא, — און עס איז אַן אַלגעמיינער פּרינציפּ פון קרימינאַל רעכט, וואָס איז אָנערקענט אין דער גאַנצער וועלט, אַז מען טאָר קיינעם ניט משפּט'ן צוויי מאָל פאַר דעמזעלביגען פאַרברעכען.

דריטענס, אויב אַ מענש וואָס ווערט באַשולדיגט, אַז ער האָט באַגאַנגען אַ פאַרברעכען זאָל גע'משפּט ווערען פאַר „באַליידיגען דעם געריכט", טו וואָלט דאָס הייסען אַוועקנעמען ביי אים דאָס רעכט, וואָס די קאָנסטיטוציע גאַראַנטירט יעדען אָנגעקלאָגטען, צו ווערען גע'משפּט פאַר אַ דזשורי. דאָס איז דער א"ב פון דעם ענגליש־אַמעריקאַנישען רעכט.

די סטרייק פירערס, וואָס זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר „קאָנ־טעמפּט אָוו קאָורט", האָבען גע'טענה'ט, אַז אויב די האַנדלונגען וואָס דער דזשאַדזש האָט זיי פאַרבאָטען אין זיין „אינדזשאַנקשאַן" זיינען פאַרברעכעריש, טו דאַרף מען זיי משפּט'ן פאַר דעם פאַרברעכען. דאָס הייסט אין אַ קרימינאַל קאָורט מיט אַ דזשורי: אויב, פאַרקערט, די האַנדלונג גופא, וואָס דער דזשאַדזש האָט זיי פאַרבאָטען זיינען ניט אומגעזעצליך, דאַן הייסט דאָס האָט דער דזשאַדזש זיך גענומען די מאַכט פון אַ געזעצגעבער צו פאַרווערען די בירגער געוויסע האַנד־לונגען, וואָס זיינען ניט פאַרבאָטען פון דעם געזעץ. דאָס איז אַ באַ־שרענקונג פון דער בירגערליכער פרייהייט און אַן אוזורפּאַציע מצד די קאָורטס.

די אַלע שעלות זיינען פאַרגעקומען פאַר דער סופּרים קאָורט פון די פאַראייניגטע שטאַטען און זי האָט גע'פּסק'ענט, אַז דאָס איז אַלץ מותר: די קאָורטס מעגען זיך נעמען די מאַכט פון געזעצגעבער צו פאַרווערען אַזעלכע האַנדלונגען, וואָס זיינען ניט פאַרבאָטען פון דעם קרימינאַל געזעץ, און פאַר סטרייקען מעג דער אָנגעקלאָגטער גע'משפּט ווערען אָהן אַ דזשורי. די סופּרים קאָורט שטעהט איבער דער קאָנ־סטיטוציע און וואָס זי זאָגט, איז געזעץ.

די אַמעריקאַן פעדערישאַן אָוו לייבאָר האָט פּרובירט צו קעמ־פען דורך שתדלנות פאַר דעם קאָנגרעס נעגען די באַשרענקונגען, וואָס די קאָורטס האָבען אַרויפגעלעגט אויף די אָרגאַניזירטע אַרבייטער דורך זייער אויסטייטשונגען פון דעם געזעץ.

געוועהנליך האבען זיך די קאורטס געשטיצט אין זייערע ענטשיידונגען געגען סטרייקערס אויף דעם געזעץ געגען די טראסטס: א סטרייק איז באטראכט געווארען פאר א פארשווערונג צו „באשרענקען די פרייהייט פון האנדעל“, די סחורה מיט וועלכער דער „פרייער ארבייטער“ וויל האנדלען איז זיין ארבייט, און די יוניאן לאזט איהם ניט, זי באשרענקט זיין ארבייט ווי עס לוינט זיך איהם נאך זיין מיינונג נאך.

נאך לאנגע יארען שתדלנות איז דער אמעריקאן פעדערייששאן אוו לייבאר געלונגען אריינצושטעלען א פונקט אין דעם געזעץ געגען די טראסטס (דער קלעיטאן אקט פון 1914), אז „מענשליכע ארבייט איז ניט קיין סחורה“.

דער אמת׳ער זין פון דעם פונקט איז א גאנץ באשרענקטער: ער מיינט נאר, אז ביי דער אויסטייטשונג פון דעם געזעץ געגען מאנאפאליסטישע פאראייניגונגען, וואס האבען דעם צוועק צו באשרענקען די פרייהייט פון האנדעל מיט ערגעץ א סחורה, זאל די ארבייט ניט פאררעכענט ווערען פאר א „סחורה“ אין דעם זין פון יענעם געזעץ.*) אבער די דעה איבער יעדען געזעץ ליגט סוף כל סוף ביי דער סופרים קאורט, און מיט זיבען יאר שפעטער האט זי מבטל געווען דעם געזעץ אין באצוג צו די יוניאנס.

אין דער פראקטיקע האט דער קלעיטאן אקט ניט אפגעשטעלט די אינדזשאנקשאנס געגען סטרייקס אפילו נאך איידער די סופרים קארט האט איהם געמאכט צו נישט מיט איהר אויסטייטשונג. די קארטס האבען שוין געפונען אנדערע פסוקים פון וועלכע זיי האבען אויסגעפשט׳עלט א פארבאט געגען סטרייקס. עס איז נאטירליך ניט נויטיג צו פארווערען בפרוש צו סטרייקען, מען קען פארווערען געוויסע האנדלונגען, אהן וועלכע מען קען קיין סטרייק ניט פירען, און דאס איז גענוג.

---

*) פרעזידענט גאָמפערס האָט דאָס באַטראַכט פאַר א גרויסע אויפטואַכץ און האָט אפילו ארויסגעשטעלט דעם פסוק אלס א פרינציפיעלע דעקלאַראַציע אין די באַשלוסען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען אונטער דער השגחה פון דער „ליג פון נאַציאָנען“ אין וואַשינגטאָן. אין דער אמת׳ן איז אַמעריקע די איינציגע מדינה, וואָס איז געבענטשט מיט א געזעץ געגען טראָסטס וועלכער איז אָנגעווענדעט געווארען געגען אָרגאַניזירטע ארבייטער, און דעריבער האָט גאָמפערס׳עס פסוק פון דעם קלעיטאָן אַקט קיין זין ניט אלס אן אַלגעמיינע „פרינציפיעלע“ דעקלאַראַציע. פון אַן עקאָנאָמישען שטאַנדפונקט איז ער גרונד־פאַלש, וואָרים כל זמן דער ארבייטער פאַרקויפט זיין אַרבייטס קראַפט איז עס א סחורה, באַטש עס שטעהט אין פסוק, אַז זי איז ניט קיין סחורה.

א ביישפיל איז די ענטשיידונג פון דער סופרים קארט אז א יוניאן טאר ניט ארגאניזירען אזעלכע ארבייטער, וואס האבען א קאנטראקט מיט זייער באלעבאס. עס איז לייכט צו זעהן, אז דערמיט קען א גרויסע קאמפאניע אדער א פארבאנד פון פאבריקאנטען איינגאנצען פארצאמען דעם וועג פאר די יוניאנס. זיי דארפען נאר צווינגען יעדען ארבייטער אונטערצושרייבען א פאפירעל, אז ער פארפליכט זיך ניט צו באלאנגען צו קיין יוניאן, כל־זמן ער ארבייט אין דער פאבריק. ווען עס קומט דערנאך א יוניאן און וויל ארגאניזירען די ארבייטער, נעמט דער באלעבאס ארויס געגען אים אן אינדזשאנקשאן און ער מוז פאלגען, — אויב ניט, זעצט מען אים אריין.

דער פראצעס, אין וועלכען די סופרים קאורט האט אזוי גע־פסק'ענט, האט זיך געצויגען גאנצע צען יאר. די אנגעקלאגטע יוניאן איז געווען די „יונייטעד מיין ווארקערס“. אנגעגעבען אין קאורט אויף די יוניאן האט א קאמפאניע פון וועסט ווירדזשיניא, וואו די יוניאן האט לאנגע יארען געפירט א קאמף צו ארגאניזירען די אר־בייטער אין די קוילען־גרובען. די קאורט האט באלד פון אנהויב ארויסגעגעבען אן אינדזשאקשאן וואס האט פארבאטען די באאמטע פון דער יוניאן צו רעדען מיט די ארבייטער פון דער קאמפאניע, און ניט נאר מיט די, וואס ארבייטען שוין, נאר אויך מיט אזוינע וואס זוכען ארבייט ביי דער קאמפאניע. עס האט גענומען מעהר ווי א יאר, איידער די קאורט האט געגעבען דער יוניאן א פארהער, און דערנאך האט דער דזשאדזש זיך גענומען גאנצע פינף חדשים איידער ער האט אפגעגעבען זיין ענטשיידונג. ער האט גע־פסק'ענט, אז ביז דער פארהאנדלונג זאל דערווייליע דער אינדזשאנקשאן בלייבען אין קראפט. עס האט גענומען נאך א יאר איידער ס'איז געקומען די פארהאנדלונג. די קאורט האט דעמאלט ענטשידען, אז די אינדזשאנקשאן איז ריכטיג ארויסגעגעבען געווארען און זי בלייבט אין קראפט אויף אימער, אויף דעם גרונט פון דעם געזעץ געגען טראסטס. די יוניאן, הייסט דאס, איז געגליכען געווארען צו א טראסט.

די יוניאן האט אפעלירט צו א העכערער קאורט, און אין פיר יאר ארום האט די העכערע קאורט גע'פסק'ענט לטובת דער יוניאן. דעמאלט האט די קוילען־קאמפאניע אפעלירט צו דער סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען.

דערווייליע האט דער קאנגרעס אנגענומען דעם באריהמטען „קלעי־

טאַן אַקט", עס זיינען אַוועק **נאָך פערטהאַלבען יאָר**, און ענדליך אין 1918, האָט די סופרים קאָורט מיט אַ מאַיאָריטעט פון זעקס געגען דריי גע'פּסק'נט, אַז די צווייטע קאָורט איז געווען בטעות און גערעכט איז געוועזן די ערסטע.

די האָפנונג, אַז דער קלעיטאָן אַקט האָט געמאַכט אַ סוף צו אינדזשאַנקשאַנס, איז געוועזן אומזיסט.

אַ חוץ דעם אָבער איז די מאַכט פון די קאָורטס פון די איינ־צעלנע סטעיטס ניט באַשרענקט דורך דעם פעדעראַלען געזעץ.

אין דער לעצטער צייט האָט די לעדזשיסלעיטשור פון דעם סטעיט קענסאַס געשאַפען אַ ספּעציעלען געריכט, וואָס דאַרף אויס־גלייכען אַלע סכסוכים צווישען די יוניאָנס און די באַלעבאָטים. סטריי־קען טאָר מען מעהר ניט.

די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע איז פול מיט לויבגעזאַנגען פאַר דעם נייעם געזעץ. דער פירער פון די אַרבייטער אין די קוילען־גרובען האָוּאַט, וועלכער האָט אָרגאַניזירט אַ סטרייק אין קענסאַס, איז פון דעם געריכט פאַר'משפּט געוואָרען (אין 1921) צו אַ האַלב־יאָר אין טורמע.

ביז אַהער האָבען מיר באַטראַכט נאָר די געוועהנליכע געזעצליכע מיטלען, מיט וועלכע דער קאַפּיטאַל באַקעמפּט די אָרגאַניזירטע אַר־בייטער. אָבער ביי גרעסערע סטרייקס ווערט גאָר ניט זעלטען ער־קלערט דער קריגסצושטאַנד אין דעם סטרייק־געגענד. נאָך די קאָנ־סטיטוציעס פון אַלע סטעיטס, מעג דער קריגסצושטאַנד ערקלערט ווערען נאָר אין פאַל פון אַן אָפענעם אויפשטאַנד געגען דער רעגירונג. אָבער אַפילו דעמאָלט שטעהט די מיליטערישע מאַכט אונטער דער אויפזיכט פון דער ציווילער מאַכט און דאַרף זיך באַשרענקען דער־מיט וואָס זי העלפט אונטערדריקען די אומאָרדענונג. אָבער די אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס זיינען אָפּגעראַמט געוואָרען נאָך דורך דעם בירגערקריג.

אין דער צייט פון דעם בירגערקריג, אין יענע געגענדען וואו עס איז ערקלערט געוואָרען דאָס קריגסרעכט, האָבען די מיליטערישע קאָ־מאַנדירען געמאַכט אַרעסטען און געשטעלט די אַרעסטירטע פאַר אַ קריגסגעריכט אונטער דער אָנקלאַגע, אַז זיי „העלפען דעם שונא". די קריגס־געריכטען האָבען אַזוי ברייט אויסגעטייטשט דעם דאָזיגען פאַר־ברעכען, אַז „כמעט יעדע קריטיק פון דער רעגירונג האָט געקענט

באהאנדעלט ווערען אלס הילף פאר דעם שונא", זאגט פראפעסאר בוירדזשעם. שוין נאך דעם בירגערקריג האט די סופרים קאורט גע־פסק'ענט, אז די איינפירונג פון קריגסרעכט גיט דער מיליטערישער מאכט נאר דאס רעכט צו ארעסטירען די אנגעקלאגטע, אבער ניט דאס רעכט איבערצוגעבען זיי צו א קריגסגעריכט, כל זמן די פאר־האנדלונגען אין די געוועהנליכע געריכטען ווערען ניט געשטערט. „בלי ספק — זאגט דער זעלביגער מחבר — זיינען די האנדלונגען פון דער רעגירונג ניט געווען אין הסכם מיט דער ענטשיידונג פון דעם געריכט, פונדעסטוועגען וואלט אונטער עהנליכע אומשטענדען איבער־גע'חזר'ט זיך דיזעלביגע מעשה. דעריבער מוז מען באטראכטען פאר א קאנסטיטוציאנעלען פרעצעדענט דעם באפעהל פון דער רעגירונג און ניט די ענטשיידונג פון דער סופרים קאורט." מיר וועלען זעהען ווייטער, אז אין דעם לעצטען קריג האט זיך זיין נבואה ארויסגע־וויזען פאר א ריכטיגע.

די אלע פרעצעדענטען זיינען צוניץ געקומען ביי פארשידענע גע־לעגענהייטען, ווען עס איז ערקלערט געווארען דער קריגסצושטאנד. די קאנסטיטוציע ערלויבט צו ערקלערען דעם קריגסצושטאנד נאר אין פאל פון אן אפענעם אויפשטאנד — אבער וואס זיינען די סמנים פון אן „אויפשטאנד"?

אין 1904 איז די פראגע פארגעקומען פאר דעם געריכט אין דעם סטעיט קאלאראדא. דארטען האבען אין 1903 און 1904 אויסגע־בראכען גרויסע סטרייקס פון די ארבייטער אין די מעטאל־גרובען. קיין שום „אויפשטאנד", אדער אפילו קיין אומרוהען זיינען דארטען ניט געווען. אבער דער גובערנאטאר האט ערקלערט דעם קריגס־צושטאנד. דער קאמאנדיר פון דער מיליציע האט ארעסטירט די ערוועהלטע ציווילע באאמטע, וועלכע זיינען געווען יוניאן־לייט און האבען געהאל־טען מיט דער יוניאן. עס איז איינגעפירט געווארען א מיליטערישע צענזור, עס איז פארבאטען געווארען יעדע קריטיק פון די האנדלונגען און די ארדערס פון דער מיליטערישער מאכט, די רעדאקציע פון דער ארבייטער צייטונג און אלע ארבייטער פון דער דרוקעריי זיינען ארעס־טירט געווארען. הונדערטע סטרייקערס, זייערע פריינד און אפילו זייער אדוואקאט זיינען ארעסטירט געווארען. מען האט זיי אפגע־האלטען וואכען און אפילו מאנאטען לאנג פארשפארט און דערנאך האט מען זיי גאר אהן קיין שום משפט ארויסגעשיקט פון די געגענדען.

וואו זיי האבען געוואוינט. די קרבנות פון דער מיליטערישער דיקטא־טור פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס האבען זיך געווענדט נאך שוץ צו די קאורטס. זיי האבען גע׳טענה׳ט, אז דער גובערנאטאר האט ניט געהאט קיין רעכט צו ערקלערען דעם קריגסצושטאנד, ווייל עס איז דארטען ניט געווען קיין סימן פון אן אויפשטאנד געגען דער רעגירונג. אבער די קאורט האט גע׳פסק׳ענט, אז די דעה איז ביי דעם גאווער־נאר, צי עס זיינען פאראן סמנים פון אן אויפשטאנד געגען דער רע־גירונג.

אום דורכצופירען אזא פאליטיק איז נויטיג א היבשע מיליטע־רישע מאכט. די רעגולערע ארמיי באשטעהט היינט סך הכל פון 150,000 מאן. פריער איז זי געווען נאך קלענער, און א טייל פון איר געפינט זיך אויף די פיליפינעס. אבער אין יעדען סטעיט איז פאראן אן אייגענע מיליציע. ביז 1903 האט די מיליציע פון איין שטאט ניט געקענט קאמאנדירט ווערען איינצושטילען אומרוהען אין א פרעמדען סטעיט. אבער לויט דעם געזעץ פון 1903 זיינען די מי־ליציע פון אלע סטעיטס פאראייניגט געווארען אין איין „נאציאנאלע גווארדיע“, וועמעס העכסטער קאמאנדיר איז דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען. די נאציאנאלע גווארדיע באשטעהט פון פא־בריקאנטען, קרעמער, קלוירקס, אדוואקאטען, און איז דורכגעדרונגען מיט א גאנץ אויסגעשפראכענעם קאפיטאליסטישען קלאסען־באוואוסט־זיין. די נאציאנאלע גווארדיע קען צו יעדער צייט מאביליזירט ווערען געגען דעם ארבייטער־קלאס, אויב ער זאל ווערען רעבעליש.

## זיבעצענטער קאפּיטעל

# די געזעצן געגן איינוואנדערונג.

איינע פון די גרעסטע אויפטואכצן פון דער רעוואלוציאנערער בורזשואזיע פון דעם אכצענטן און ניינצענטן יארהונדערט איז געווען די פרייהייט צו פארען פון איין לאנד אין אן אנדערע און צו באזעצן זיך פריי וואו איינער וויל. ווי דער בארימטער דייטשער שרייבער איבער אינטערנאציאנאלן רעכט, פּראפעסאר בלונטשלי, דריקט אוים דעם פילאזאף קאנט'ס „אידעאלע פאדערונג פון דעם נייעם פעלקער־רעכט", באשטעהט זי אין דעם, אז די גאנצע וועלט זאל שטעהן פריי פאר יעדען יחיד אויסצוקלייבען פאר זיך א פלאץ וואו צו וואוינען, ניט רעכענענדיג זיך מיט די גרעניצען צווישען מלוכות. דאס איז נויטיג געוועזן פאר דער אויסברייטונג פון דעם וועלט־האנדעל און פון דער קאפּיטאליסטישער אינדוסטרי.

די אינדוסטריעלע גרויסקייט פון די פאראייניגטע שטאטען איז געשאפען געווארען דורך די עמיגראציע פון אייראפּא. דאס מיינט ניט, אז די אמעריקאנער געשיכטע אין דער קאלאניאלער צייט און אין דעם ניינצענטען יארהונדערט איז געוועזן גאנץ פריי פון שנאה צו פרעמדע, אבער די שונאים פון די אימיגראנטען האבען ניט געהאט קיין עקאנאמישען באדען און זייער שנאה האט קיין ממשות ניט געהאט. די מדינה האט זיך גענויטיגט אין אימיגראנטען צו באזעצען די אומבאאגרעניצטע מערב־לענדער. די פּיאנערען־פארמערס האבען זיך גענויטיגט אין ארבייטער צו שניידען די תבואה. די גאלד־זוכער, די בויער פון אייזענבאנען האבען געזוכט הענט. א שמיד, א סטאליער, א זאטלער, בכלל יעטוועדער בעל מלאכה איז געווען א געווינשטער גאסט אין יעדען פארווארפענעם ווינקעל. אמעריקע האט שטאלצירט מיט דעם שם פון א „מקום מקלט פאר די געיאגטע פון אלע לענדער".

אבער מיט דער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם איז אין אמע־

ריקע אויך אויסגעוואקסען אין ארבייטער־ארמיי, בלשון מארקס. דער ערסטער אויסדרוק פון דעם קלאסען־באוואוסטזיין צווישען די אמעריקאנער ארבייטער איז געווען א רעאקציע געגען דעם ליבעראליזם בנוגע אימיגראציע — די שטאטישע ארבייטער האבען גענומען פאדערען די באשרענקונג פון איינוואנדערונג. דער ערסטער שריט אין דער ריכטונג איז געווען די אגיטאציע פון די קאליפארניער ארבייטער פאר דעם פארבאט פון כינעזישער איינוואנדערונג. די איינפלוסרייכסטע פארטרעטער פון קאפיטאל האבען געקעמפט געגען דער דאזיגער פאדערונג, אבער די אינטערעסען פון קאפיטאל זיינען אין דער פראגע געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסען פון די פאליטישענס. קיינע פון די צוויי גרויסע פארטייען האט ניט געוואגט צוליב די קאפיטאליסטען מקריב צו זיין מיט די וואוטס פון די ארבייטער. און דער קאנגרעס האט אין 1882 אנגענומען א געזעץ, וואס האט פארבאטען כינעזישע ארבייטער צו קומען אין אמעריקע.*) דאס איז געווען דער אנהויב, די אויסטייטשונג פון דעם געזעץ אין די קאורטס האט אויסגעברייט זיין גרונט־פרינציפ אויף אלע אימיגראנטען בכלל.

אין 1889 האט די סופרים קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען אין אן אפעלאציע פון א כינעזישען ארבייטער גע׳פסק׳ענט, אז דער קאנגרעס האט דאס רעכט צו באשטימען דורך א געזעץ צו פארמאכען די טירען געגען אויסלענדער צוליב וועלכע טעמים עס געפינט פאר נויטיג.

דאס איז געווען נאר א נייער פרינציפ אין דעם אמעריקאנער שטאטס־רעכט. מיט פופצען יאר פריער האט דיזעלביגע קאורט אויף א קלאגע פון א כינעזישען ארבייטער גע׳פסק׳ענט, אז די מלוכה מעג באשטימען ניט ארייננלאזען געוויסע קלאסען אויסלענדער. למשל, פארברעכער, מצורעים און דערגלייכען, אבער זי טאר ניט מאכען קיין אויסנאם געגען אלע בירגער פון א פרעמדער מלוכה, מיט וועלכער די פאראייניגטע שטאטען האבען א פריינדליכען אפמאך. דער געזעץ פון 1882 האט פארבאטען די איינוואנדערונג פון כינעזישע ארבייטער.

*) דער פארבאט פון דער כינעזישער אימיגראציע איז אין 1907 אויסגעברייט געווארען אויף די יאפאנישע ארבייטער. דאס איז דערגרייכט געווארען ניט דורך א געזעץ, נאר דורך אן אפמאך („א דזשענטעלמענ׳ס אגרימענט“) צווישען דער אמעריקאנער און דער יאפאנישער רעגירונג.

אבער וואס טוט מען, ווען א כינעזישער ארבייטער גנב'עט זיך אריין איבער'ן גרעניץ, אדער ווען ער זאגט ביים אנקומען, אז ער איז א „סטודענט“ און דערנאך, ווען מען האט אים שוין אריינגעלאזען, ווייזט זיך ארויס, אז ער האט אפגענארט די אמעריקאנער נאטשאל־סטווא ביים אנקומען, — אז ער איז גאר געווען אן ארבייטער און איז געקומען אהער צו ארבייטען דא. **דארף מען אים ארויסשיקען.**

אבער געבען יעדען א משפט פאר א דזשורי איז א לאנגע מעשה, און א חוץ דעם קען מען ניט אזוי לייכט באווייזען, אז דער ארעסטיר־טער כינעזער האט טאקע עובר געווען אויף דעם געזעץ. פאר 1882 איז די איינוואנדערונג געווען פריי; ווען מען כאפט א כינעזער, קען ער זאגען, אז ער איז אהער געקומען פאר 1882, — אפילו היינט קען א כינעזער, וואס איז אלט א יאר פערציג, זאגען, אז ער איז אהער געקומען, ווען ער איז געווען א קינד, און מיט א יאר דרייסיג צוריק איז פאר יעדען כינעזער לייכט געווען צו זאגען, אז ער איז אנגעקומען פאר דער גזרה, — מען קען געפינען א פאר גוטע פריינד, וואס וועלען געהן עדות זאגען, אויב עס איז נויטיג. שפעטער, ווען מען האט שוין איינגעפיהרט פאספארטען פאר די כינעזער, האט יעדער כינעזער גע־קענט זאגען, אז ער איז געקומען אהער ווי א סוחר, אדער א סטודענט. אבער ס'איז אים נעגאנגען שלעכט, האט ער זיך געמוזט נעמען צו האנט ארבייט. דער געזעץ האט דאס פאראויסגעזעהען און האט דאר־ריבער באשטימט, אז די רעגירונג דארף די זאך ניט פארברענגען פאר א געריכט, — „אדמיניסטראטיווע פאריאדקאם“ דארף מען קיין „טעכנישע באווייזען“ ניט און עס איז א סך גיכער. ווי געזאגט, איז דאס געגען דעם גרונדפרינציפ פון דעם ענגליש־אמעריקאנער גע־זעץ און געגען דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע. ווען עס זיינען פאר־געקומען די ערסטע ארעסטען, האבען די כינעזער זיך געווענדעט אין די קאורטס נאך שוץ, אנווייזענדיג, אז די דאזיגע פראצעדור איז אן אנגריף אויף פערזענליכער פרייהייט. אבער די סופרים קאורט האט גע'פסק'ענט, אז די אלע קאנסטיטוציאנעלע גאראנטיעס זיינען נאר פאר יענע, וואס זיינען געזעצליך אריינגעקומען אין די פאראייניגטע שטאטען. די רעגירונג אבער האט דאס רעכט אריינצולאזען אדער ניט אריינצולאזען וועמען זי וויל, קיינער קען זיך ניט באקלאגען פארוואס מען לאזט אים ניט אריין, און דאס שליסט שוין ממילא איין דאס

רעכט פון דער רעגירונג ארויסצושיקן איינעם, וואס איז אריינגעקו־
מען אויף אן אומגעזעצליכן אופן און די קאורטס קענען זיך אין אזעל־
כע זאכן ניט אריינמישן.

דאס איז געווען א פאלשער קל־וחומר. לאז זיין, אז א מלוכה
קען פארשפארן די טירן פאר א פרעמדן, איז דאך א פרעמדער
וואס קומט אריין געגן דעם איינוואנדערונגס געזעץ א פארברעכער
געגן דעם שטאטס־געזעץ, אזוי ווי יעדער אנדערער פארברעכער, און
ער איז דאריבער בארעכטיגט צו דערזעלבער באהאנדלונג, ווי לאמיר
זאגן א מערדער: איידער מען ערקלערט א מענשן שולדיג, אז ער
האט באגאנגען א פארברעכן, דארף מען אים געבן א גערעכטן
משפט. אפשר וועט זיך גאר ארויסווייזן, אז מען באשולדיגט אים
אומזיסט.

אלזא, אפילו צוגעבענדיג, אז עס איז רעכט צו פארשפארן די
טירן פאר די כינעזער ארבייטער, איז דערפון נאך ניט געדרונגען,
אז עס איז רעכט צו כאפן יעדן כינעזער פאר'ן קאלנער און אים
ארויסשיקן אהן א משפט. אבער די סופרים קאורט האט אין 1893
אויסגעטייטשט, אז דאס איז ניט געגען דער קאנסטיטוציע. יעדע
מלוכה, זאגט זי, האט דאס אומבאשרענקטע רעכט ניט אריינצולאזען
קיין אויסלענדער און זיי ארויסצושיקן פון לאנד. דער ארויסגעשיק־
טער מעג זיך זיין א בירגער פון א מלוכה, מיט וועלכער די פאראיי־
ניגטע שטאטען האבען אן אפמאך, דאס מאכט ניט אויס, ווארים דער
קאנגרעס האט, לויט דער קאנסטיטוציע, די דעה איבער די אויס־
לענדישע באציהונגען פון די פאראייניגטע שטאטען און ער איז דע־
ריבער בכח ארויסצושיקן בירגער פון א פריינדליכער מלוכה אפילו
אויב זיי זיינען שוין געווארען תושבים פון די פאראייניגטע שטאטען.

אויף דעם האט זיך די פראקטיקע ניט אפגעשטעלט. עס איז
פארגעקומען א קעיס, ווען אן אמעריקאנער געבארענער כינעזער איז
געפארען מיט א באזוך קיין כינא, און ווען ער איז צוריקגעקומען,
האט מען אים אהער ניט געוואלט אריינלאזען. ער האט אנגעגעבען
אין די קאורטס, אז זייענדיג א היגער געבארענער בירגער איז ער בא־
רעכטיגט צו דעם שוץ פון דער אמעריקאנער קאנסטיטוציע. אבער די
סופרים קאורט האט ווידער גע'פסק'ענט, אז די פראגע, צי ער איז
אן אמעריקאנער בירגער, דארף ערשט ענטשידען ווערען פון אימיג־
ריישאן באאמטע, און אין דעריין קען זיך די קאורט ניט אריינמישען.

דערמיט איז אלזא אנערקענט געווארען, אז די אימיגריישאן באאמטע האבען די דעה אפילו איבער איינעם, וואס זאגט, אז ער איז אן אמע־ריקאנער בירגער, און אויב זיי באשטימען, אז ער איז ניט קיין בירגער, איז אן עק. מען מוז נעמען אין באטראכט, אז ניט יעדער בירגער קען באווייזען מיט דאקומענטען, אז ער איז א בירגער. עס זיינען פאראן א סך שטעט אין אמעריקע, וועלכע רעדט שוין פון דארפישע געגענדען, וואו מען פירט גאר ניט קיין רעגיסטער פון געבארענע, צווישען זיי די הויפשטאט פון די פאראייניגטע שטאטען, וואשינגטאן: ווען עס ווערט דארטען געבארען א קינד, פארשרייבט מען נאר די נעמען פון די עלטערן, ניט דעם נאמען פון דעם קינד, — ווען ער וואקסט אויס, האט ער ניט מיט וואס צו ווייזען, אז ער איז דער בעל דבר, וואס איז געבארען געווארען אין וואשינגטאן. ווייטער, ביז 1907, ווען אן איינגעוואנדערטער איז געווארען א בירגער, פלעגט מען אין זיינע ביר־גער־פאפירען ניט איינשרייבען זיינע קינדער. ווען א קינד איז געקומען אהער מיט זיינע עלטערן און דער פאטער איז דערנאך נאטוראליזירט געווארען, איז דאס קינד א בירגער, אבער באווייזען עס מיט א דאקו־מענט איז ניט מעגליך.

די אמעריקאנער עפענטליכע מיינונג איז מיט דעם אלעם געווען צופרידען. — וועמעס דאגה איז דאס, וואס מען טרייבט ארויס א „טשיינאמאן"? די ארגאניזירטע ארבייטער זיינען געווען צופרידען, וואס די רעגירונג באשיצט זיי ענערגיש געגען דער קאנקורענץ פון די ביליגע קולים; די פאליטישענס זיינען געווען צופרידען, וואס זיי קענען ווייזען, אז זיי זיינען ארבייטער פריינט, — וועמען ווענט איז אונזערע צייטען איינפאלען צו פראטעסטירען גלאט לשם פרינציפ, אין דעם נאמען פון דער אבסטראקטער פילאסאפיע פון דעם אכצענ־טען יארהונדערט, פון דער טעאריע פון די זאגענאנטע „נאטירליכע רעכטע"? די דאזיגע שאלות־תשובות, וואס זיינען ארויסגעגעבען גע־ווארען געגען כינעזישע אימיגראנטען, זיינען שפעטער אנגעווענדעט געווארען געגען אלע אימיגראנטען בכלל.

נאך דעם פארבאט פון דער כינעזישער אימיגראציע האט דער קאנגרעס ביסלעכווייז איינגעפירט אלערליי באשרענקונגען פון דער אייראפעאישער איינוואנדערונג. דאס זיינען אימערצו געווען קאמ־פראמיסען צווישען די פאדערונגען פון די ארגאניזירטע ארבייטער.

וואס זיינען געווען אויסען צו פארקלענערען די צאל קאנקורענטען, און די קאפיטאליסטען, וואס זיינען געווען פאר פרייע איינוואנדערונג, ווייל זיי האבען זיך געניטיגט אין ארבייטער. דער פועל יוצא איז געווען, אז דער קאנגרעס פלעגט אננעמען באשרענקונגען געגען געוויסע מינים אימיגראנטען — קראנקע, פארברעכער, מענשען וואס זיינען אומפעהיג צו ארבייטען א. א. וו.. אבער געזונטע ארבייטער פלעגט מען דוקא אריינלאזען, פונקט להיפוך די פאדערונגען פון די ארגאניזירטע ארבייטער.

דער ערסטער געזעץ, וואס האט געהאט דעם צוועק צו באשרענקען די איינוואנדערונג פון ארבייטס־פעהיגע מענשען, איז געווען דער פארבאט אריינצולאזען אימיגראנטען, וואס קענען ניט לעזען. אבער דער געזעץ איז אנגענומען געווארען קורץ פאר אמעריקא'ס איינטריט אין דעם וועלט־קריג, ווען די איינוואנדערונג האט זיך כמעט אין גאנצען אפגעשטעלט.

אין דער צייט פון דער מלחמה אבער איז איינגעפירט געווארען דער סיסטעם פון אויסלענדישע פאספארטען מיט וויזעס, וואס האט כמעט אינגאנצען אפגעשטעלט די אימיגראציע. דער פאספארטען־סיסטעם פאר אויסלענדער איז געבליבען אין קראפט נאך דער מלחמה.

דער נייער געזעץ, וואס איז אנגענומען געווארען ביי דער ערסטער סעסיע פון דעם קאנגרעס אין 1921, באשרענקט די איינוואנדערונג אויף דריי פראצענט פון דער צאל איינגעוואנדערטע פון יעדער מלוכה וואס זיינען שוין דא געווען ביי דער פאלקסצעהלונג פון 1910. דער געזעץ איז אנגענומען געווארען נאר אויף איין יאר צייט. אבער די באלשעוויסטישע רעוואלוציע אין רוסלאנד, די רעוואלוציאנערע שטימונג אין איטאליע און די קאמוניסטישע אגיטאציע אין אלע אייראפעאישע לענדער האבען געשאפען אזא שרעק פאר אייראפעאישער איינוואנדערונג ביי די קאפיטאליסטען, אז זיי זיינען איצטער גרייט צו אונטערשטיצען די אגיטאציע פון די ארבייטער־יוניאנס פאר ווייטערע באשרענקונגען געגען אימיגראציע.

ביז 1903 האט דער געזעץ, לויט דער אלטער טראדיציע פון דער אמעריקאנער רעוואלוציע, געמאכט אן אויסנאם פאר פאליטישע עמיגראנטען. אבער נאך דעם ווי פרעזידענט מעק'קינלי איז דערשאסען געווארען פון א שוואכזיניגען מענשען, וועמעס עלטערן זיינען געקור־

מען פון פוילען (כאטש ער אליין איז געבארען געווארען אין אמעריקע), איז דא אין לאנד געשאפען געווארען א שטימונג געגען „אנארכיסטען". אונטער דעם איינפלוס פון ד ע ר שטימונג האט דער קאנגרעס אנגענומען א געזעץ, אז „אנארכיסטען" טארען ניט אריינגעלאזען ווערען קיין אמעריקע, און אויב זיי גנב'ענען זיך אריין בשתיקה, ווערען זיי ארויסגעשיקט.

פון אנהויב איז די צייט, ביז וואנען זיי קענען ארויסגעשיקט ווערען, געווען באשרענקט אויף דריי יאר, שפעטער איז זי פארלענגערט געווארען ביז פינף יאר, און אין 1918 איז די באשרענקונג פון צייט אינגאנצען אפגעשאפט געווארען. אן אנארכיסט מעג נאך דעם היינטיגען געזעץ ארויסגעשיקט ווערען ווי לאנג ער זאל דא ניט האבען געוואוינט.

די באשטימונג פון דעם באגריף „אנארכיסט" איז זעהר א ברייטע, זי שליסט איין יעדען מין רעוואלוציאנער. אויב א רוסישער סאציאליסט־רעוואלוציאנער זאל וועלען קומען אהער און אימיצער זאל אים מסר'ן, איז לייכט צו באווייזען, אז ער באלאנגט צו א פארטיי, וואס האלט, אז מען מעג הרג'ענען א באאמטען פון א ציוויליזירטער רעגירונג, — צום ביישפיל פלעווע, סערגעי, סטאליפין און אז. וו. נאך מעהר, מען קען דערווייזען מיט דער סאציאליסטישער ליטעראטור, אז די הערשענדע ריכטונג אין די סאציאליסטישע פארטייען פון אלע לענדער דענקט, אז דער סאציאליזם קען איינגעפירט ווערען נאר דורך אן אויפשטאנד פון דעם ארבייטער קלאס געגען דעם קאפיטאליסטישען קלאס און געגען די קאפיטאליסטישע רעגירונג. דאס הייסט, אויב מען וויל, קען מען דעם רעוואלוציאנערען סאציאליזם אויך פאררעכענען פאר „אנארכיזם".

אין דער שטימונג, וואס איז געשאפען געווארען דורך דער מלחמה און דער רוסישער רעוואלוציע, האט דער קאנגרעס אהן פיל רייד אין אקטאבער, 1918, נאך ווייטער פארשארפט דעם געזעץ וועגען דער ארויסשיקונג פון „אומגעווינשטע אימיגראנטען", און האט געגעבען דעם ארבייטס־מיניסטער אין דער אימיגריישאן ביורא אומבאשרענקטע מאכט ארויסצושיקען פון לאנד יעדען „פרעמדען", וואס פרעדיגט סאבאטאזש, עס מאכט ניט אוים ווי לאנג ער איז אין לאנד, צי ער איז געקומען אהער א פארטיגער אנהענגער פון דער טיאריע, אז מען מעג

צעשטערען דעם אייגענטום פון א באַלעבאָס, מיט וועלכען מען פירט א קאַמף, אָדער ער איז שוין דאָ געוואָרען א סאַבאָטאַזשניק.

ווען אן אויסלענדער ווערט באַשולדיגט אין „אַנאַרכיזם", אַרעס־טירט מען אים, מען האַלט אים „אינקאָמוניקאַדאָ", דאָס הייסט פאַר־שפּאַרט איינער אַליין, מען לאָזט צו אים פּאַקטיש ניט צו קיין קרובים, קיין פריינט און אפילו קיין אַדוואָקאַט, דער טשינאָווניק פון דער ביוראָ אָוו אימיגריישאַן איז אַליין דער אַנקלעגער און דער ריכטער, און אַלע פאַרהאַנדלונגען ווערען געפירט בסוד. די ביוראָ אָוו אימיגריישאַן איז ניט מחויב צו ווייזען די פּאַפּירען דעם אַדוואָקאַט פון דעם אַנגע־קלאַגטען, אויב ער האָט יאָ אן אַדוואָקאַט. אַפּעלירען קען דער אַנגע־קלאַגטער נאָר צו א העכערען טשינאָווניק — דעם קאָמישיאָנער אָוו אימיגריישאַן, אָדער צו דעם אַרבייטס־מיניסטער. געוועהנליך זיינען זיי דאָך פאַרנומענע מענשען און האָבען קיין צייט ניט אָפּצוגעבען זיך אַליין מיט יעדען אַרעסטירטען, גיבען זיי דאָס איבער אין די הענט פון ערגעץ א קלוירק, און געוועהנליך וואָלט דער העכערער טשינאָוו־ניק ממילא נעגייגט זיין גוטצוהייסען דעם באַשלוס פון דעם קלענע־רען. דערצו נאָך האָט ער פאַר זיך נאָר די באַווייזען, וואָס נאָר דער איין צד, דער אַנקלעגער, האָט אים צוגעשטעלט, — דער פאַר'משפט'־ער האָט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צוצושטעלען זיינע באַווייזען, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין אַדוואָקאַט. בקיצור, די פּראָצעדור איז דיזעלביגע, ווי אין דער פּריסוטסטוויע, וואָס פלעגט באַשטימען אַרויסצושיקען א פּאָליטיש־ניעבלאַגאָנאַדיאָזשנעם קיין סיביר „אַדמי־ניסטראַטיוונים פּאָריאַדקאָם".

די געזעצען געגען אימיגראַציע האָבען אָפּגעשאַפט פאַר די איינ־געוואַנדערטע אַלע גאַראַנטיעס פון דער קאָנסטיטוציע, און וואָס עס האָט געפעהלט אין די געזעצען, האָבען די קאָורטס אויסגע'פּשט'עלט. כאַפּען א מענשען, אַריינזעצען אים אין טורמע און אַרויסשיקען אים פון לאַנד איז זיכער זעהר א שווערע שטראָף. לויט דער קאָנסטיטוציע טאָר די רעגירונג ביי קיינעם ניט אוועקנעמען זיין פרייהייט סיידען פאַר א פאַרברעכען נאָך א משפּט פון א דזשורי, געגען אימיגראַנטען וואָס מען קלייבט זיך אַרויסצושיקען אַלס „אַנאַרכיסטען".

דער געוועזענער דזשאַדזש האָלט האָט זיך אויסגעדריקט אין זיי־נער אן ענטשיידונג, אַז די פּראָצעדור געהט להפך צו די גרונטפּרינ־

ציפּען פון דער ענגלישער און אַמעריקאַנער יוסטיץ. אָבער די סופרים קאָורט האָט גע’פּסק’ענט, אַז ארויסשיקען אַן אימיגראַנט איז ניט קיין שטראַף, עס איז ניט מעהר ווי אַן אַדמיניסטראַטיווע ראַספּאַראַזשעניע. די סופרים קאָורט האָט איבערגע’חזר’ט דעם פּונקט פון אַלעקסאַנדער דעם דריטענ’ס געזעץ פון 1881 איבער אַדמיניסטראַטיווע ווייסילקע, וואו עס איז געשטאַנען, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין שטראַף, על כן דאַרף מען דעם אַרעסטאַנט ניט משפּט’ען אויב מען וויל אים ארויסשיקען. די סופרים קאָורט האָט עס געמאַכט אַ פּרינציפּ פון דעם אַמעריקאַנישען רעכט. אין דערין איז קיין נפקא מינא ניטאָ צווישען די קאָנסערוואַטיווע און די כלומר’שטדיגע „ליבעראַלע“ דזשאַדזשעס: אַזוי האָט אויך גע’פּסק’ענט דער „ליבעראַל“ האָלמז פון דער סופרים קאָורט.

טעאָרעטיש, זיינען די דאָזיגע געזעצען געריכטעט נאָר געגען „פרעמדע“. אָבער אפילו נאַטוראַליזירטע בירגער זיינען אויך ניט גאַראַנטירט. לויט דעם געזעץ איבער נאַטוראַליזאַציע, וואָס איז אַנגענומען געוואָרען אין 1907, קען די קאָורט מבטל זיין די בירגערשאַפט פון אַ פרעמד־געבאָרענעם בירגער, אויב עס קען באַוויזען ווערען, אַז ער האָט ארויסגענומען זיינע צווייטע פּאַפּירען דורך עפּעס אַ פאַלשקייט. שווערען פאַלש איז אַ פאַרברעכען. פאַר יעדען פאַרברעכען איז פאַראַן אַ טערמין, וואָס נאָך דעם ווי די צייט איז אוועק, טאָר מען שוין דעם פאַרברעכער ניט משפּט’ן. פאַר פאַלש שווערען איז דער טערמין פינף יאָר. אָבער וואָס איז שייך בירגערשאַפט, אַנערקענען די קאָורטס קיין צייט־גרעניץ ניט. זיי האָבען מבטל געווען בירגער־פּאַפּירען נאָך דרייסיג יאָר און אפילו מעהר. וואָס איז אַ „פאַלשקייט“, הענגט אויך אָפּ פון דער אויסטייטשונג פון דער קאָורט. אין דער צייט פון דער מלחמה האָט די קאָורט צוגענומען די בירגער־פּאַפּירען ביי אַ דייטש, וואָס איז נאַטוראַליזירט געוואָרען מיט אַכט און דרייסיג יאָר פאַר דעם און האָט אָפּגעלעבט די גאַנצע צייט אין אַמעריקע, איז געווען טעטיג אין רעפּובליקאַנער פּאָליטיק, איז אַמאָל געווען אַ פּאָסטמאַסטער, — די אַנקלאָגע איז געווען, וואָס בשעת ער האָט געשוואָרען, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון דעם דייטשען קייזער, האָט ער דאָס גאָר ניט געמיינט און טיף אין הארצען איז ער געבליבען טריי צום קייזער, והא ראיה? וואָס ער האָט מיט אַכט און דרייסיג יאָר שפּעטער זיך אויסגערעדט אין אַ פּריוואַט־געשפּרעך.

אז ער איז געגען דער מלחמה. אויף דעם גרונט איז ער אינטערנירט געווארען פאר די צייט פון דער מלחמה און איז דערנאך ארויסגעשיקט געווארען קיין דייטשלאנד.

דער תירוץ פון דעם געזעץ פון 1918 געגען איינגעוואנדערטע „אנארכיסטען" איז געווען אויסצורייניגען אמעריקע פון „פרעמדע" אגיטאטארס. עס איז אבער ניט געבליבען ביי „פרעמדע" אליין. באלד נאך דעם ווי דער געזעץ איז אריין אין קראפט, זיינען אין סיאטל און אין אנדערע פלעצער ארעסטירט געווארען עטליך און פופציג מיט־גלידער פון די „איי־דאבליו־דאבליו" (אינדאסטריאל ווארקערז אוו דהי ווארלד) און אנדערע „רעדעל־פירער" ביי סטרייקס און זיינען געבראכט געווארען קיין ניו־יארק ארויסגעשיקט צו ווערען פון לאנד אלס „אומגעווינשטע" אויסלענדער. אין דער צאל אבער זיינען געווען עטליכע היגע געבארענע, אבער זיי האבען דאס ניט געקענט דער־ווייזען, און די דעה איבער דעם, ווי מיר האבען געזעהן, האט דער ארבייטס־מיניסטער, און ער פסק'ענט דעם ספק געגען דעם ארעס־טאנט.

מיר זעהען אלזא, אז לויט דעם איצטיגען געזעץ קען די רעגירונג ארויסשיקען פון לאנד יעדען „געפערליכען אגיטאטאר", וואס איז א שטיקל אנפירער אין א סטרייק. עס מאכט ניט אויס, צו זיי זיינען פרעמדע, צי זיי זיינען שוין נאטוראליזירטע, און אפילו היגע געבא־רענע.

עס איז זעהר לייכט צו פארשטעהן, וואס פאר א געפאר עס איז פאר דעם קלאסען־קאמף פון די ארבייטער אין א לאנד, וואו די איינגע־וואנדערטע מאכען אויס אין געוויסע צווייגען פון דער אינדוסטריע די מעהרצאל פון אלע ארבייטער. צו ארגאניזירען זיי אין א סטרייק דארף מען האבען א גרויסע צאל פירערס פון יעדער נאציאנאליטעט. ווען מען כאפט די „אגיטאטארס" און מען שיקט זיי ארויס אין הסכם מיט דעם געזעץ, מוז דער סטרייק געבראכען ווערען. נאך מעהר, א פאר אזעלכע ביישפילען ווען אפשרעקען די פרעמדע ארבייטער פון סטרייקען. דאס הייסט, אז וואו עס ארבייטען אין דער זעלבער אינ־דוסטריע היגע געבארענע צוזאמען מיט פרעמדע, דארטען וועט אן אלגעמיינער סטרייק זיין זעהר שווער, אויב ניט אין גאנצען אומ־מעגליך. דאס איז די איפטואכץ פון די אמעריקאנער ארבייטער־

יוניאָנס גופא. די פירער פון דער אמעריקאַן פעדערײשאַן אוו לייבאָר האבען קיין פגימות אויף די באַשרענקונגען געגען איינוואַנדערונג ניט געזוכט, אגב האָבען זיי קיין גרויסע ליבשאַפט פאר די „רעוואָלוציאָנערען" קיינמאָל ניט געהאט.*)

אויב מיר ווילען פארשטעהן די האלטונג פון די אמעריקאנער יוניאָנס, דארפען מיר זיך באַפרייען פון דעם טראַדיציאָנעלען קוק אויף די יוניאָנס בכלל, ווי אויף די אָרגאַניזאַציעס פון „דעם ארבייטער־קלאַס". די אַמעריקאנער און די ענגלישע יוניאָנס רעפּרעזענטירען ניט „דעם ארבייטער קלאַס", נאָר די ארבייטער אַריסטאָקראַטיע, די בעסער באַצאָלטע שיכטען פון די לוין־ארבייטער. זייער אינטערעס באַשטעהט אין דער פארבעסערונג פון דער לאַגע פון זייערע מיטגלידער, ניט פון דעם גאַנצען ארבייטער קלאַס. זעהר אָפט קומען זייערע אינטערעסען אין א צוזאַמענשטויס מיט די אינטערעסען פון די נידעריגערע שיכטען פון דעם ארבייטער קלאַס.

דאָס האָט זיך ארויסגעוויזען ביי די גרעסטע סטרייקס פון די לעצטע יאָרען, ווען די יוניאָנס פון די געלערנטע („סקילד") ארבייטער האבען זיך אויסגעגליכען מיט די באַלעבאַטים פאַר זיך אליין און האָבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די באַלעבאַטים אין דעם ווייטערען גאַנג פון דעם סטרייק.

דאָס רוב פון די סקילד ארבייטער זיינען ענטוועדער היגע געבאָרענע, אָדער אַלטע אימיגראַנטען, וואָס זיינען שוין לאַנג געוואָרען בירגער. דאָס רוב פון די „אַנסקילד" זיינען פרישע אימיגראַנטען. די יוניאָנס פון סקילד ארבייטער סטרייקען זעהר זעלטען, אין דער אמת'ן זיינען זייערע פירער געגען סטרייקס, זיי קומען ווי עס איז אויס מיט די באַלעבאַטים אָהן סטרייקס, — „שלום אום יעדען פּרייז" — איז זייער טאַקטיק. זיי זיינען צופרידען אַנצונעמען, וואָס די באַלעבאַטים ווילען נאָכגעבען, אבי ניט צו סטרייקען. מיט אַזא טאַקטיק האבען זיי ניט וואָס מורא צו האבען פאר דעם געזעץ. וואָס גיט דער ביורא אָון אימיגריישאַן די מאַכט ארויסצושיקען אַגיטאַטאָרס פון אַמעריקע, זייערע יוניאָן־פירער ווערט דאָס ניט אַנרירען. פאַרקערט, ווען

*) דער פּרעזידענט פון דער ניו־יאָרק סטעיט־פעדערײשאַן אוו לייבאָר, איז עפענטליך ארויסגעקומען פאר דעם באַפעהל פון דעם ארביטס מיניסטער ארויסצושיקען די עטליכע צענדליג אַרעסטירטע „אַנאַרכיסטען" פון סיאַטל און אַנדערסוואו.

מען וועט שווערער מאכען פאר די אומגעלערנטע אימיגראנטען צו סטרייקען, וועט פאר די בעלי מלאכות פון די יוניאנס זיין רוהיגער.

די „פרעמדע אגיטאטארס“ זיינען די רעדעל־פירערס פון די אומרוהיגע עלעמענטען פון דעם אונטערסטען קלאס, די פאליטישע מאשינעריע פון די העכערע ארגאניזירטע ארבייטער־שיכטען — דער ארבייטס־דעפארטמענט מיט דער אימיגרעישאן ביורא — ווערט איצטער באנוצט צו האלטען אין צוים דעם אונטערסטען קלאס, וואס פרובירט זיך ערסט צו ארגאניזירען.

## אכצענטער קאַפּיטעל

# די ווירקונג פון דער מלחמה אויף די קאָנסטיטוציע.

ווי מיר האָבען געזעהען אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל, איז דער וואונש צו באַשרענקען די פּאָליטישע פרייהייט שוין געווען פאר דעם וועלט־קריג, נאָר די מלחמה האָט געגעבען די מעגליכקייט אים צו באַפרידיגען. די מלחמה האָט איבערגעלאָזען א שטענדיגע ירושה — די אַפּשאַפונג פון די פונקטען פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס האָבען גאַראַנטירט די רעדע־פרייהייט און די פּרעס־פרייהייט. די דאָזיגע גאַראַנטיעס האָט בטל געמאַכט מיט אירע אויסטייטשונגען פון דער קאָנסטיטוציע די סופרים קאָורט פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

צוויי חדשים נאָכדעם ווי די פאַראייניגטע שטאַטען זיינען אריין אין דעם וועלט־קריג, דעם 15טען יוני, 1917, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם זאָגענאַנטען „געזעץ געגען שפּיאָנעריי“ (עספּיאָנעדזש אקט), וועלכער האָט זיך אין דער פּראַקטיק ארויסגעוויזען פאַר א געזעץ געגען רעדע־פרייהייט און פּרעס־פרייהייט. דער געזעץ איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך א צוגאָב פון דעם 16טען מאַי, 1918, וועלכער באַשטראָפט מיט צוואַנציג יאָר טורמע פאר לשון הרע געגען דער פאָרמע פון דער רעגירונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען, אָדער געגען דער קאָנסטיטוציע, אָדער פאַר חוזק מאַכען פון דער פאָרמע פון דער אמעריקאַנער רעגירונג אָדער פון דער אמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, צי מינדליך, צי שריפטליך. דיזעלביגע שטראַף קומט ניט נאָר דעם רעדנער, אָדער דעם שרייבער, נאָר אפילו יענעם, וואָס פאַר־טיילט די שריפט.

א געוועהנליכען מענשען קען זיך אויסווייזען, אז אזא געזעץ שטימט ניט מיט דעם ערשטען אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע, וואו עס שטעהט בפירוש, אז „דער קאָנגרעס טאָר ניט מאַכען קיין

געזעץ... וואָס באַשרענקט די רעדע־פרייהייט אָדער די פרייהייט פון דער פרעסע". אַזוי מיינט אויך דער פּראָפעסאָר פון רעכטס וויסענ־שאַפט אין דעם האַרוואַרדער אוניווערסיטעט זכריה טשאַפי. אָבער די אַמעריקאַנער דזשאַדזשעס האָבען שוין געפונען אַ מיטעל אויסצו־טייטשען די קאָנסטיטוציע אַזוי, אַז דער דאָזיגער געזעץ זאָל יאָ שטי־מען מיט דער קאָנסטיטוציע. עס איז טאַקע ריכטיג, טענה'ן זיי, אַז דער קאָנגרעס טאָר ניט אַרויסגעבען קיין געזעץ, וואָס פאַרווערט איינעם צו דרוקען וואָס ער וויל, — יעדער איינער איז פריי צו דרי־קען וואָס ער וויל, דער קאָנגרעס טאָר ניט איינפירען קיין שום צענ־זור אין פאַרויס. אָבער אויב איינער האָט שוין אָפּגעדרוקט עפּעס וואָס איז פאַרברעכעריש, מעג דער געזעץ איהם דערפאַר דערנאָך באַ־שטראָפען, — דאָס איז ניט קיין באַשרענקונג פון זיין פרייהייט. די דזשאַדזשעס האָבען זיך געשטיצט אויף דעם רעאַקציאָנערען ענגלי־שען יוריסט בלעקסטאָון, וועלכער האָט געלעבט אין דעם אַכצענטען יאָרהונדערט, נאָך פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. אָבער, ווי פּראָפעסאָר טשאַפי ווייזט, איז דער ערשטער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע אַריינגעשטעלט געוואָרען אין דעם דאָזיגען שטאַטס דאָקומענט בפירוש מיט דעם צוועק אָפּצושאַפען בלעקסטאָון'ס אויס־טייטשונג פון דער ענגלישער קאָנסטיטוציע. עס איז ניט קיין תירוץ, זאָגט ער ווייטער, אַז דער געזעץ איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין דער צייט פון מלחמה, — די מחברים פון דעם ערשטען אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע זיינען נאָך געווען אונטער דעם פרישען איינ־דרוק פון דער מלחמה מיט ענגלאַנד, וועלכע האָט געדויערט גאַנצע זיבען יאָהר. די דזשאַדזשעס האָבען אויסגעפונען נאָך אַ צווייטען תירוץ: פרייהייט מיינט ניט הפקר (לייסענס). פרעגט פּראָפעסאָר טשאַפי: ווער קען באַשטימען, וואָס איז פרייהייט און וואָס איז הפקרות? אַ דזשאַדזש האָט אין דער צייט פון דער מלחמה פאַרבאָטען צו ווייזען אין די מואווינג פּיקטשורס אַ בילד פון דער ערשטער שלאַכט צווישען די אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערען און די ענגלישע סאָלדאַטען אין 1776 אין דער בארימטער רייזע פון פּאָל רעוויר, וועל־כער רעכענט זיך פאַר איינעם פון די העלדען פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע, — מחמת דאָס וואָלט „אָפּגעשוואַכט" אַביסעל אונזער לאָ־יאַליטעט צו גרויס־בריטאַניע אין דעם איצטיגען גרויסען קאַמף".

דאָס איז בשום אופן ניט קיין אויסנאַם. אין די צוויי יאָר נאָך

דעם ווי עס איז ארויסגעגעבען געווארען דער געזעץ געגען שפּיאָנאַ־רײַ, זיינען הונדערטער מענשען פאר'משפט געווארען אויף דער אָנ־קלאגע, אז זיי האבען מיט זייערע רייד אדער שריפטליך „געשטערט די פירונג פון דעם קריג". אין קיין איינציגען פון די פּראָצעסען איז ניט באוויזען געווארען, אז די רייד פון דעם אנגעקלאגטען האבען געהאט ערגעץ א ווירקונג, וואס האט פאקטיש געשטערט דער רע־גירונג אין דער מלחמה־ארבייט. די פראגע וועלכע די דזשאדזשעס האבען געשטעלט פאר די געשווארענע איז געווען, צי נאך זייער מיינונג האבען די רייד פון דעם אנגעקלאגטען געקענט האבען א שעדליכע ווירקונג. מיט אנדערע ווערטער, דער עיקר זיינען געווען ניט די מעשים־רעים פון די אנגעקלאגטע, נאר זייערע מיינונגען. די פראגע איז סוף כל סוף פארגעקומען פאר דעם העכסטען געריכט פון די פאראייניגטע שטאטען, און די מאיאריטעט האט גע'פסק'ענט, אז די באשרענקונג פון רעדע־פרייהייט און פרעס־פרייהייט איז ניט עובר אויף די קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען. דאס איז געווען דער פאל פון פינף רוסיש־אידישע אימיגראנטען, וועלכע זיי־נען פאר'משפט געווארען פאר דרוקען און צוטיילען צוויי פּראָקלאַ־מאציעס געגען דער אמעריקאנער אינטערווענציע אין רוסלאנד. עס איז געווען א מינאריטעט פון סך הכל צוויי דזשאדזשעס — האומז און בראנדייס — וועלכע האבען ניט איינגעשטימט מיט דער מאיאָ־ריטעט. אבער אפילו די געשריבענע מיינונג פון דער מינאריטעט זאגט ניט, אז דער געזעץ, וואס באשרענקט די פרייהייט פון דער פרעסע, איז א ברוך געגען דעם גרונט פּרינציפּ פון דער קאנסטיטוציע. דזשאדזש האומז, וועלכער האט גערעדט אין דעם נאמען פון דער מינאריטעט, זאגט נאר, ראשית, אז דאס וואס עס שטעהט אין די פּראָקלאמאציעס איז ניט עובר אויף דעם געזעץ געגען שפּיאָנאַזש, און שנית, אז מען קען ניט נעמען אין ערנסט „א נארישע בלעטעל פון אן אומבאקאנטען מאן", ס'איז קיין סכנה ניטא, אז אזא בלעטעל זאל האבען א ווירקונג אויף די פירונג פון דער מלחמה. ווי זשע אבער, אויב דאס וואלט ניט געווען קיין אומבאקאנטער אימיגראנט, נאר א מענש ווי דעבס, למשל? אויף די שאלה געפינען מיר א קלארע תשובה טאקע אין דערזעלבער מיינונג פון דזשאדזש האומז. אט וואס ער זאגט:

„איך האב קיין שום ספק ניט, אז פּונקט אזוי ווי מען מעג בא־

שטראָפֿן פֿאַר אויפֿהעצן צו מאָרד, מעג די רעגירונג על פּי דער קאָנסטיטוציע באַשטראָפֿן פֿאַר אַזעלכע רייד, וואָס האָבן דעם צוועק צו שאַפֿן אַ קלאָרע סכּנה, וואָס קען תּיכּף ברענגען געוויסע צרות. וועלכע די רעגירונג האָט דאָס רעכט על פּי דער קאָנסטיטוציע צו פּראָבירן צו פֿאַרהיטן... נאָר די סכּנה פֿון אַ באַלדיגער רעה קען באַרעכטיגן דעם קאָנגרעס צו באַשטימען אַ גרעניץ פֿאַר דעם אויס־דרוק פֿון מיינונגען".

דערזעלביגער „ליבעראַלער" דזשאַדזש זאָגט ווייטער, אַז ער האָט „קיינמאָל ניט געזעהן קיין גרונט מסופּק צו זיין", אַז דעבס איז ריכטיג פֿאַר׳משפּט געוואָרן, און דזשאַדזש בראַנדייס איז מסכּים אויף דעם.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס דער דאָזיגער פּסק דין איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אין דער צייט פֿון מלחמה בנוגע צו אַ מלחמה גע־זעץ, די פּרינציפּן, וואָס די קאָורט האָט דאָ אויסגעשפּראָכן האָ־בען אַן אַלגעמיינע אַנווענדונג און וועלען שוין פֿאַרבלייבן, אַלס אַ גרונטגעזעץ פֿון די פֿאַראייניגטע שטאַטן. אויף דעם אופֿן האָט די סופֿרים קאָורט אָפּגעשאַפֿט די קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פֿון רע־דע־פֿרייהייט און פּרעס־פֿרייהייט. צוגלייך מיט דער איינפֿירונג פֿון דער „באַשטראָפֿענדער" צענזור, האָט דער קאָנגרעס געגעבן דעם פּאָסטמאַסטער די מאַכט צו פֿאַרהאַלטן צייטונגען און זשורנאַלן, אין וועלכע עס זיינען אָפּגעדרוקט „פֿאַרברעכערישע" אַרטיקלען.

אָבער פּרעזידענט ווילסאָנ׳ס פּאָסטמאַסטער־דזשענעראַל איז גע־גאַנגען נאָך ווייטער. ווען אַ צייטונג האָט געדרוקט עפּעס וואָס איז דער רעגירונג ניט געפֿעלן, האָט ער ביי איר אין גאַנצן אַוועקגע־נומען די פּריווילעגיע פֿאַרנאַנדערגעשיקט צו ווערן נאָך דעם ספּע־ציעלן טאַריף פֿאַר צייטונגען און האָט געצוואונגען דעם אַרויס־געבער צו פֿאַרנאַנדערשיקן איר ווי געוועהנליכע דרוק־זאַכען, וואָס איז אַ סך טייערער. אַזאַ רעכט האָט אים קיין געזעץ ניט געגעבן. אַ גאַנץ היבשע צאָל סאָציאַליסטישע צייטונגען זיינען אויף דעם אופֿן אַריינגעלעגט געוואָרן אין חרם. וויקטאָר בערגער, דער רעדאַקטאָר פֿון דעם „מילוואָקי לידער", האָט פֿאַרקלאָגט דעם פּאָסטמאַסטער פֿאַר׳ן געריכט און די זאַך איז לסוף פֿאַרגעקומען פֿאַר דעם העכסטען גע־ריכט פֿון לאַנד. די סופֿרים קאָורט האָט מיט אַ מאַיאָריטעט פֿון

זיבעו געגעו צוויי נע'פסק'ענט, אז דער פאסטמאסטער־דזשענעראל איז גערעכט.

דער פאסטמאסטער־דזשענעראל האט זיך געשטיצט ניט אויף א ספּעציעלעו מלחמה־געזעץ, נאר אויף דעם אלגעמיינעם פאסט־געזעץ, וואס גיט איהם די מאכט צו געבעו א צייטונג די פריווילעגיע צו באַנוצעו זיך מיט דעם ספעציעלעו צייטונגס־טאריף און אויף אוועקצונעמעו ביי איר די פריווילעגיע, וועו עס שטעלט זיך ארוים, אז דאס איז גאר ניט קיין צייטונג, נאר, למשל, א רעקלאמע־בלעטעל פאר א פריוואט געשעפט, און נאך אין אזעלכע פעלע. ער האט אויסגעטייטשט דעם געזעץ זעהר ברייט, ס'הייסט, אז ער מעג אוועקנעמעו די פריווילעגיע פאר יעדע זאך, וואס ער באטראכט פאר אן עבירה, און די סופרים קאורט האט מיט אים איינגעשטימט. די מינארי־טעט, וואס איז באשטאנעו פון בראנדייס'ען און האולמז'ען, האט גע־טענה'ט, אז דאס הייסט באשטראפעו א רעדאקטאר אין פאראויס, איידער ער האט נאך באגאנגעו א פארברעכעו. דערמיט האט די סופרים קאורט גענעבעו דעם פאסטמאסטער „פאקטיש א דעספאטי־שע מאכט", האט געזאגט דזשאדזש האומז. דזשאדזש בראנדייס האט דערמאנט צוויי אזעלכע פעלע, וואס זיינעו פריהער פארגעקו־מעו. אין 1890 האט דער פאסטמאסטער אוועקגענומעו די צווייטע קלאס פריווילעגיע ביי צייטונגען, אין וועלכע עס איז געדרוקט געוועו טאלסטאי'ס „קרייצער סאנאטא", ווייל דער דאזיגער מבין האט עס באטראכט פאר זנות־ליטעראטור. די זאך איז פארגעקומעו פאר דעם אטוירני־דזשענעראל (דעם יוסטיץ־מיניסטער) פון דעם רעפּובליקאנער פרעזידענט העריסאן און ער האט מודיע געוועו דעם פאסטמאסטער־דזשענעראל, אז ער טאר דאס ניט טאן, — ער מעג פארהאלטעו נאר יענע נומערעו, וואו עס געפינעו זיך טרפה זאכעו, אבער ניט אלע נו־מערעו. שפעטער, אונטער רוזוועלט'ס אדמיניסטראציע, איז די זעל־בע פראגע פארגעקומעו בנוגע צו אן איטאליענישער אנארכיסטישער צייטונג, און ווידער האט דער רעפּובליקאנער אטוירני־דזשענעראל גע־לאזט וויסעו דעם פאסטמאסטער־דזשענעראל, אז ער מעג פארהאלטעו נאר יענע נומערעו, וואו עס געפינעו זיך פארבאטענע געדאנקעו, אבער ניט אלע אין פאראויס.

אויף די טענות האט די מאיאריטעט פון סופרים קאורט געענט־פערט, אז „די קאנסטיטוציע איז געשאפעו געווארעו צו באשיצעו די

רעגירונג", און אז אויב די רעגירונג האט די מאכט צו פיהרען מלחמה נעגען אן אויסלענדישען שונא, האט זי אויך די מאכט צו באשיצען זיך נעגען היימישע שונאים.

פון א געשיכטליכען שטאנדפונקט איז דאס א פאלשער שלום: דער אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע, וואס פארווערט דעם קאנג־רעס צו באשרענקען די פרעס־פרייהייט, איז בפירוש געמאכט געווא־רען צו באשיצען דעם יחיד, די מינאריטעט, נעגען דער מאכט פון דער רעגירונג. „די באשאפער פון דער קאנסטיטוציע האבען גע־וואלט דורכפיהרען א באשרענקונג פון דעם רשות פון דער רעגירונג". זאגט דער פראגרעסיווער היסטאריקער פון דער אמעריקאנער קאנס־טיטוציע, פראפעסאר סמיט, — „ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר די פאלגען פון דער הערשאפט פון דער מאיאריטעט".*) אבער מען מוז צוגעבען, אז די מאיאריטעט פון דער סופרים קאורט איז געווען גאנץ קאנסעקווענט: וויבאלד זי האט באשטימט, אז דער קאנגרעס מעג איינפיהרען א צענזור — און אין דעריין האט די כלומר'שט לי־בעראלע מינאריטעט מיט איר איינגעשטימט, — פאלט שוין אוועק דזשאדזש בראנדייס'עס ארגומענט נעגען דעם, וואס דער פאסטמאס־טער־דזשענעראל ווערט „דער אלגעמיינער צענזאר" פון דער פרעסע.

די צענזור, וואס איז אויף דעם אופן געשאפען געווארען, איז ניט איינגעפירט געווארען פון דער גזעצגעבענדער מאכט פון דעם קאנג־רעס, נאר גאנץ אפען דורך דער מאכט פון דער סופרים קאורט גופא. מיט איר „אויסטייטשונג" פון דעם גזעץ האט זי געשאפען א נייעם גזעץ.

די וויכטיגקייט פון דער אפוויזונג פון וויקטאר בערגער'ס אפע־לאציע באשטעהט אין דעריין, וואס דער פאסטמאסטער־דזשענעראל האט אנגעווענדט נעגען אים ניט קיין ספעציעלען מלחמה־געזעץ, נאר דעם אלגעמיינעם פאסט־געזעץ. דעריבער פארבלייבט שוין דאס א פרעצעדענט פאר אלע צייטען, אפילו ווען די פאראייניגטע שטאטען זיינען בשלום מיט דער גאנצער וועלט.

די רעאקציאנערע כוואליע, וואס האט פארפלייצט אמעריקא אין דער צייט פון דער מלחמה, האט איבערגעלאזען א רייהע פון נייע געזעצען נעגען „סינדיקאליזם", „אנארכיזם" א. אז. וו., וואס זיינען

*) J. Allen Smith: "The Spirit of American Government," p. 295.

געצײלעװעט א סך װײטער װי זײער נאמען װײזט אן. אזעלכע גע־זעצען זײנען פאראן אין נײן און צװאנציג סטעיטס.

אין קענטאקי טאר מען ניט װעקן „שלעכטע געפיהלען צװישען קלאסען מיט דעם צװעק צו שאפען אן עפענטליכען טומעל אדער אומ־ארדענונג". דאס מײנט, אז יעדע סטרײק־באװעגונג איז אומגעזעצ־ליך.

די געזעצגעבער פון דעם סטעיט קאנעטיקוט זײנען געגאנגען נאך װײטער. דארטען איז פארבאטען „צו פארטײדיגען אין װעלכע ניט איז װערטער ערגעץ א פראיעקט, אדער א טעאריע, אדער א פאר־שלאג, אדער א פראפאגאנדע, װאס האט דעם צװעק צו שעדיגען די רעגירונג". אויף דעם גרונט פון אזא געזעץ קען יעדער אײנער פאר־משפט װערען אלס א פארברעכער, אויב דער דזשאדזש האלט, אז זײנע מײנונגען זײנען שעדליך.

דאס איז דער געזעץ. אין דער פראקטיק זײנען די קלײנע שומרים פון געזעץ און ארדנונג געגאנגען נאך װײטער. דער מעיאר פון דער שטעדטעל דיוקען, (א פארשטאדט פון פיטסבורג) האט שטראפירט דעם באקאנטען ארגאניזאטאר פון די שטאל ארבײטער פאסטער'ן פאר האלטען א סטרײק מיטינג אהן אן ערלויבנים פון דער פאליס, — װעלכע ער האט, פארשטעהט זיך, ניט געקענט קרי־גען. דער מעיאר האט דערבײ געזאגט, אז „יעזוס קריסטוס אלײן װאלט ניט געטארט רעדען אין דיוקען אלס א פארטרעטער פון דער אמעריקאן פעדערײשאן אװ לײבאר". אפילו די אומשולדיגע קאנ־סערװאטיװע פעדערײשאן אװ לעיבאר איז אין גלות בײ דעם מעיאר פון א שטעדטעל אין דעם ראיאן פון דער שטאל־אינדוסטרי! פאס־טער האט אפעלירט צום געריכט אויף דעם גרונט, אז דאס איז א באשרענקונג פון רעדע־פרײהײט. דער דזשאדזש האט גע'פסק'ענט די שאלה בזה הלשון:

„עס זײנען פאראן פלעצער און צײטען, און ענינים, װען דאס רעכט פון רעדע־פרײהײט מוז אפטרעטען פאר דעם גרעסערען רעכט פון דער זיכערקײט פון די בירגער פון דער רעפובליק, פון זײערע הײמען און זײער אײגענס. דער געזעץ פון לאנד איז, אז אין אזעל־כע צײטען מוז אפילו דאס רעכט פון רעדע־פרײהײט אונטערװארפען זיך דער פאליצײיסקער מאכט פון דעם שטאט".

די העכסטע מדרגה איז דעם קאמף געגען די פרײהײט פון גע־

דאנק האט דערגרייכט די אפעלאציאנס־אפטיילונג פון דער ניו יאר־קער סופרים קאורט וואס האט גע׳פסק׳ענט, אז קארל מארקס׳ס טעאריע איז „פארברעכערישע אנארכיע". די מעשה איז געווען אזוי. אין 1918 האט זיך אין ניו־יארק ארגאניזירט א ליטעראטור־געזעלשאפט פון ליטווישע ארבייטער. אין איהר טשארטער איז געווען א פונקט, אז עס מעגען געהערען צו איהר נאר גוטשטעהענדע מיטגלידער פון דער סאציאליסטישער פארטיי, און אויב א מיטגליד פון דער ליטעראטור־געזעלשאפט הערט אויף צו זיין א מיטגליד פון דער סאציאליסטי־שער פארטיי, הערט ער שוין ממילא אויף צו זיין א מיטגליעד פון דער ליטעראטור־געזעלשאפט. די גרינדער פון דער ליטעראטור־געזעל־שאפט האבען דעמאלט ניט פאראויסגעזעהען, אז מיט עטליכע חדשים שפעטער וועט זיך די סאציאליסטישע פארטיי שפאלטען און די מערצאל פון אירע מיטגלידער וועלען פארלאזען די פארטיי. האט מען גענומען זוכען א מיטעל, און מ׳האט דערלאנגט א בקשה אין קאורט, אז עס זאל דער געזעלשאפט ערלויבט ווערען צו אמענדירען איר טשארטער. עס זאל הייסען, אז עס מעגען באלאנגען צו דער ליטעראַ־טור־געזעלשאפט „נאר אזעלכע פארשוינען, וואס זיינען ניט דאגעגען, אז די ארבייטער זאלען ארגאניזירט ווערען, פאליטיש און עקאנאמיש, אין ארגאניזאציעס, וועלכע נעמען אן די מארקסיסטישע פרינציפען, וואס זיינען גוטגעהייסען פון דער מאיאריטעט פון די מיטגלידער פון דער דאזיגער קארפאריישאן".

דער ברוקלינער דזשאדזש האט באלד דערשמעקט, אז דא ליגט א סכנה פאר די רעפובליק, און ער האט די בקשה צוריקגעוויזען. די ליטעראטור־געזעלשאפט האט אפעלירט צו א העכערען קאורט, און די קאורט האט איינשטימיג גוטגעהייסען דעם ארדער פון דעם ברוק־לינער דזשאדזש און האט וועגען דעם אנגעשריבען א גאנצע שאלה־ותשובה.

עס האנדעלט זיך דא, זאגט די קאורט, וועגען דער רעדע־פריי־הייט, אבער די רעדע־פרייהייט איז אין דעם סטעיט ניו יארק באַ־שרענקט דורך דעם קרימינאל־געזעץ: מען טאר ניט זאגען, אז מען דארף „ארונטערווארפען אן ארגאניזירטע רעגירונג מיט גוואלד". דערפאר קומט פון פינף ביז צען יאר טורמע. דאס איז דער געזעץ נעגען „אנארכיע". די קאורט נעמט זיך דאריבער צו אונטערזוכען, וואס איז אזוינס „די מארקסיסטישע פרינציפען", און זי שטיצט זיך

אויף ספּאַרגאָ׳ס ביאָגראַפיע פון מאַרקס׳ן. פאַרוואָס דווקא ספּאַרגאָ? דערפאַר, וואָס ער איז א געזעצליבענדער סאָציאַליסט, וואָס וויל איינפירען דעם סאָציאַליזם דורכאויס מיט געזעצליכע מיטלען. די ביאָגראַפיע האָט ער אַרויסגעגעבען נאָך דעמאָלט ווען ער איז אַליין געווען א מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דער דזשאַדזש געפינט פין ספּאַרגאָ׳ס בוך, „אַז מאַרקס איז געווען צו גונסטען פון די פאַרשידענע פאַרזוכען צו שטירצען אָרגאַניזירטע רעגירונגען מיט גוואַלד אין 1848 אין פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער און אַז ער האָט פערזענליך געהאָלפען אין דעם", און ווייטער, אַז ער איז געווען באַגייסטערט פאַר די פּאַריזער קאָמונע. דערפון פירט אוים דער דזשאַדזש, וואָס האָט געשריבען די „אָפּיניאָן", אַז „די מאַרקסיסטישע פּרינציפּען זיינען ברייט גענוג צו באַרעכטיגען אפילו אין אונזער לאַנד די פּראָפּאַגאַנדא, וואָס אונזער שטראָף-געזעץ האַלט פאַר א פאַרברעכען".

מ׳האָט פּרובירט צו זוכען הילף נעגען די צענזור געזעצען פון די סטעיטס ביי דער כופרים קאָורט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, אויף דעם גרונט, אַז זיי זיינען עובר אויף די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען, וועלכע גאַראַנטירט די פרייהייט פון דער פּרעסע. אָבער, פאַרשטעהט זיך, וויבאַלד די סופרים קאָורט האָט שוין אנערקענט, אַז דער קאָנגרעס מעג אַרויסגעבען א צענזור-געזעץ, האָט זי געמוזט אויך אנערקענען דיזעלבע מאַכט ביי די געזעצגעבער פון די סטעיטס. די פראַגע איז פאָרגעקומען אין אַן אַפּעלאַציע פון א פּירער פון דער נאַן-פּאַרטיזאַן ליג, וועלכער איז פאַר׳משפט געוואָרען אין מינעסאָטא, אויף דעם גרונט פין דעם געזעץ פון דעם סטעיט, פאַר האַלטען א רעדע געגען דער מלחמה. און די מאַיאָריטעט פון די דזשאַדזשעס האָבען נאָך אַמאָל איבערגע׳חזר׳ט, אַז דער פּונקט פון דער פעדעראַלער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט געזאָלט גאַראַנטירען די רעדע-פרייהייט, איז בטל.

עס איז אָבער געווען אויך א „מינאָריטי אָפּיניאָן", א באַזונדערע מיינונג פון דער מינאָריטעט, וועלכע איז באַשטאַנען פון דעם טשיף דזשאַסטיס הוויט און דזשאַדזש בראַנדייס. דער טשיף דזשאַסטיס איז געווען מיט דער מיינונג, אַז א געזעץ געגען קריטיק פון דער מלחמה קען אַרויסגעגעבען ווערען נאָר פון דעם קאָנגרעס, מחמת מלחמה איז אין דעם רשות פון דעם קאָנגרעס און ניט פון די געזעצ־

געבער פון די סטעיטס. מילא, אזא פלפול האט קיין באדייטונג נים. ווארים וואס מאכט דאס אויס, אין וואס פאר א פריזאן דער פאר־ברעכער געגעו דעם צענזור־געזעץ וועט זיצען, צי אין א פעדעראלער, צי אין א סטעיט פריזאן? וויכטיגער איז די מיינונג פון דזשאדזש בראנדייס׳ן, ווייל זי דרינגט אריין אין דעם עצם פון דער לאגע. דער ערשטער אמענדמענט צו דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען פארווערט נאר ד ע ם ק א נ ג ר ע ס צו באשרענקען דורך א געזעץ די רעדע־פרייהייט. ווי אזוי זשע קען די סופרים קאורט אריינמישען זיך, ווען די געזעצגעבער פון א סטעיט באשרענ־קען די פרייהייט פון ווארט? געפינט אבער אונזער ליבעראלער דזשאדזש א ישועה פאר די אמעריקאנער געטין פון פרייהייט אין דעם פערצענטען אמענדמענט, וואו עס שטעהט, אז קיין מענש טאר נים בארויבט ווערען אהן א ריכטיגען משפט פון זיין „פרייהייט". איז דאך שוין גוט? צוריקגערעדט באשטעהט די פרייהייט צו פרעדיגען פאציפיזם נאר „כל זמן דער קאנגרעס האט נים ערקלערט, אז די עפענטליכע זיכערקייט פאדערט זי זאל אונטערדריקט ווערען".

דער געזעץ פון מינעסאטא, פארשטעהט איר, איז אנגענומען גע־ווארען איידער דער קאנגרעס האט אנגענומען דעם „געזעץ געגען שפיאנאזש", ס׳הייסט, געגען דער רעדע־פרייהייט. דעריבער, אויב דזשאדזש בראנדייס׳עס מיינונג וואלט אנגענומען געווארען, וואלט דער פאר׳משפט׳ער פארמערשער אגיטאטאר ארויס פריי. אבער דער פרינציפ, אז דער קאנגרעס מעג יע מאכען א געזעץ, וואס באשרענקט די רעדע־פרייהייט, לייקענט דזשאדזש בראנדייס בשום אופן נים אפ.

אדרבא, נאך א לאנגער טיראדע, וואו ער צוגיסט זיך וועגען דעם, ווי נויטיג עס איז לטובת הכלל, אז דער בירגער זאל זיין פריי אויס־צודריקען זיין מיינונג, און ווי געפעהרליך עס איז צו אונטערדריקען די דאזיגע פרייהייט, גיט ער אליין צו, אז עס זיינען פאראן צייטען, ווען דער געזעץ מעג יע באשרענקען די רעדע־פרייהייט:

„עס זיינען פאראן צייטען, ווען די מענשען, וואס טראגען אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר דער רעגירונג, שטעהענדיג פנים אל פנים מיט א קלארער און געגענווארטיגער סכנה, מעגען באשליסען, אז די אונטערדריקונג פון אפווייכענדיגע מיינונגען איז נויטיג, מחמת די לאגע איז אזוי אויסערגעוועהנליך, אז מען קען זיך נים פארלאזען אויף דעם לאנגזאמען נצחון פון דעם אמת איבער דעם טעות. אין

אזעלכע אויסערגעוועהנליכע צושטאנדען עקזיסטירט יע דאס רעכט צו אונטערדריקען".

אלזא, וואס העלפען די אלע שעהנע רייד וועגען דעם, ווי וויכ־טיג עס איז, אז יעדער זאל פריי אויסרעדען זיין מיינונג, אז אין אן אמת־קריטישער צייט מעג די רעגירונג אים פארשטאפען דעם מויל? מען דארף אימער גערענקען, אז די דעה איבער דעם, צי די אומשטענ־דען זיינען געוועהנליכע, צי אויסערגעוועהנליכע, ליגט אימער ביי דער רעגירונג. אויב דער געזעץ ערלויבט דער רעגירונג צו באשרענקען די פרייהייט פון ווארט אין דער צייט, ווען דאס לאנד געפינט זיך אין א קריגס־צושטאנד, טו דארף זי נאר ערקלערען דעם קריגס־צושטאנד און דעמאלט האט זי א פרייע האנט געגען יעדער אפאזיציע.

דאס איז ניט אזוי גלאט א סברה אין דער וועלט אריין. אמת טאקע, לויט די קאנסטיטוציעס פון אלע סטעיטס, מעג דער קריגס־צושטאנד ערקלערט ווערען נאר אין פאל פון אן אפענעם אויפשטאנד געגען דער רעגירונג. אבער, ווי מיר האבען שוין געזעהען, איז דא גע־ווארען א מנהג צו ערקלערען דעם קריגס־צושטאנד אלס א מיטעל צו ברעכען גרויסע סטרייקס. הייגט, אויב עס ליגט אין דער מאכט פון דעם גובערנאטאר צו ערקלערען דעם סטעיט אין א קריגס־צושטאנד און אויב אין א „נויטפאל" (עמוירדזשענסי), ווי דזשאסטיס בראנ־דייס טייטשט אוים, מעג דער געזעץ באשרענקען די רעדע־פרייהייט און די פרעס־פרייהייט, טו, הייסט דאס, אז די אלע פרייהייטען עק־זיסטירען נאר אזוי לאנג, ווי עס איז שטיל און די אפאזיציע איז ניט געפעהרליך. ווען דער קלאסען־קאמף פארשארפט זיך, איז א סוף מיט אלע פאליטישע פרייהייטען.

## ניינצענטער קאפיטעל

# די דיקטאטור פון פרעזידענט ווילסאן.

מיר האבען געזעהען, ווי עס האבען געארבייט די געזעצגעבער אין די געריכטען אין דער צייט פון דער מלחמה. אבער נאר א גאנץ קליינער טייל פון די פאליטישע פארפאלגונגען איז אנגעקומען אין די געריכטען. דאס גאנצע פאלק איז געלעגען אונטער דער דיקטאטור פון פרעזידענט ווילסאן און זיינע סאטראפען.

עס זיינען געווען א סך טיראנען אין דער מענשליכער געשיכטע, אבער עס זיינען פאראן זעהר ווייניג וואס האבען זיך אויסגעצייכענט מיט גרעסערע אכזירות בנוגע צו זייערע פאליטישע געגנער, ווי וואודראו ווילסאן. די צאהל פאר'משפט'ע צו לאנגע טערמינען אין טורמע, די צאהל ארויסגעשיקטע, די צאהל ארעסטירטע ביי די פארשידענע אבלאוועס קען זיך פארגלייכען מיט די צאהלען פאליטיש פארפאלגטע אין דער פינסטערער צייט פון אלעקסאנדער דעם דריטען. דערביי דארף מען אבער געדענקען, אז אלעקסאנדער דער דריטער איז געשטאנען פנים אל פנים מיט דער טעראריסטישער ארגאניזאציע פון דער „נאראדנאיא וואליא", וועלכע האט אויפגעריסען מיט א באמבע זיין פאטער, און די עפענטליכע מיינונג צווישען דער רוסישער אינטעליגענץ פון יענער צייט האט סימפאטיזירט מיט די רעוואלוציאנערען, בעת דא אין אמעריקע איז קיין שום רעבעלישע שטימונג צווישען די מאסען ניט געווען. די אכזריות'דיגע מלחמה־געזעצען זיינען אנגענומען געווארען אויף ווילסאן'ס פארלאנג. די אלע פארפאלגונגען אויף דעם גרונט פון די דאזיגע געזעצען און גאר געגען אלע געזעצען זיינען אנגעגאנגען מיט זיין וויסען. איין ווארט פון איהם וואלט געמאכט א סוף צו דער סיסטעמאטישער ברוטאליטעט פון זיין אכראנקע. אבער ער האט דעם ווארט ניט געזאגט.

צוועלף בארימטע אמעריקאנער יוריסטען, צווישען זיי פינף פרא־

פעסארען און איין געוועזענער פעדעראלער פראקוראר (יונייטעד סטעיטס אטוירני) האבען פארעפענטליכט א „באריכט איבער די אונ־געזעצליכע פירונגען פון דעם יוסטיץ־דעפארטמענט". אט וואס זיי זאגען אין דער הקדמה:

„אגולנע ארעסטען פון אויסלענדער און בירגער זיינען געמאכט געווארען אהן קיין שום געזעצליכער באגרינדונג; מען האט ארעס־טירט מענשען און ניט צוגעלאזען צו זיי קיין פריינד און קיין פאר־טיידיגער; מען האט געמאכט אביסקעס אין קווארטירען און צוגע־נומען פריוואט אייגענטום אהן א געזעצליכען באפעהל (וואראנט); מען האט גלאט פארניכטעט פריוואט־אייגענטום; ארבייטער און אר־בייטערינען, וועלכע מען איז חושד געוועזן אין ראדיקאלע געזינונגען, האט מען אויף א שענדליכען אופן באליידיגט און געשלאגען".

ווייטער אין דעם באריכט ווערען אויסגערעכענט די איינצעל־הייטען פון זייער אנקלאגע.

„הונדערטער בירגער און פרעמדע זיינען ארעסטירט געווארען אין אגולנע אבלאוועס... דאס איז געטאן געווארען אויף דעם גרונט פון אינסטרוקציעס, וואס זיינען ארויסגעגעבען געווארען פון דעם יוס־טיץ־דעפארטמענט אין וואשינגטאן."

„אין א סך פון די דאזיגע אבלאוועס האבען די אגענטען פון דער רעגירונג בכיוון צובראכען זאכען, וואס זיינען ניט נויטיג געוועזן פאר דעם יוסטיץ־דעפארטמענט."

„א גרויסע צאהל ארעסטירטע האט מען געשלאגען מיט קולא־קעס און מיט שטעקענס, געהאלטען פארשפארט אונטער די ערגסטע באדינגונגען, און אפילו אנגעווענדעט טארטור געגען זיי."

הגם די קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען זאגט בפירוש, אז מען טאר קיין ארעסטירטען ניט צווינגען צו ענטפערען אויף א דאפראס, איז אבער איינגעפירט געווארען אין דעם יוסטיץ־דעפארטמענט, אז ביי די אומגעזעצליכע ארעסטען האט מען מיט סטראשונקעס געצוואונגען די ארעסטירטע זיך מודה צו זיין אין אזעלכע עבירות, פאר וועלכע מען זאל זיי דערנאך קענען ארויסשי־קען. דער באריכט דערמאנט ספעציעל א פאל, אין וועלכען די אגענ־טען האבען געשלאגען אן ארעסטירטען און האבען דערנאך געפעלשט די פאפירען און פאלש געשווארען געגען אים.

די צאל מענשען, וואס זיינען ארעסטירט געווארען אויף דעם

אופן, דערגרייכט אין די טויזענטער. א געוועזענער באאמטער פון דעם ארבייטס־דעפארטמענט, וועלכער האט א גאנץ יאר באהאנ־דעלט די אנקלאגען געגען אימיגראנטען, האט עדות געזאגט פאר דער קאמיטע פון דעם סענאט אין וואשינגטאן, אז אין די פיער חדשים פון דעצעמבער 1919 ביז אפריל 1920 זיינען ארעסטירט געווארען מער ווי 6,000 אימיגראנטען, וואס געגען פילע פון זיי איז אבסא־לוט קיין ברעקעל באווייז ניט געווען, אויף וועלכע מען זאל זיי קע־נען ארויסשיקען.

נאך גרעסער איז דער צעטעל פארדעכטיגע פערזאנען, אויף וועל־כע די אמעריקאנער אכראנקע האט געהאט אן אויג: ביז ענדע 1919 האט זייער צאל דערגרייכט גאנצע 60,000! פארשטעהט זיך, האט דער יוסטיץ־דעפארטמענט אויפגעהאלטען א גאנצע מחנה פראוואקא־טארס. אט וואס עס האט וועגען דעם דערצעהלט בשעת דער מלחמה ווילסאנ׳ס יוסטיץ־מיניסטער (אטוירני־דזשענעראל) גרעגארי אין א רעדע, וואס ער האט געהאלטען פאר דער עקזעקוטיווער קאמיטע פון דער „אמעריקאן באר אסאסיאיישאן" (דער פארבאנד פון די אמע־ריקאנער אדוואקאטען):

„מיר האבען היינט צוטאג... טויזענט מאן אויף יעדען איינעם, וואס מיר האבען געהאט בשעת די מלחמה איז ערקלערט געווארען. אונזערע שטאטס־באאמטע זיינען אומגעהויער פארגרעסערט געווא־רען. צו זיי קומען נאך צו די פאלים פון די סטעיטס, קאונטיס און שטעדט, און מעכטיגע פאטריאטישע ארגאניזאציעס, ווי די אמערי־קאן פראטעקטיוו ליג, וועלכע האט 200,000 מיטגלידער אין עסק׳ט זיך אין מער ווי טויזענט ערטער. די דאזיגע פרייוויליגע ארגאניזא־ציעס האבען ניט קיין רעגירונגס־מאכט, אבער זייער הילף גיט אונז די מעגליכקייט... צו אונטערזוכען הונדערטער טויזענטער קלאגעס און צו האלטען צענדליגער טויזענטער מענשען אונטער אויפזיכט. מיר האבען פארטרעטער אויף אלע פארזאמלונגען, וואס האבען א ברעקעל באדייטונג".

ווייטער דערצעהלט ער, ווי דער דאזיגער אפאראט האט געאר־בייט:

„ניט זעלטען קומען אז ניט ווייניגער ווי 1,500 אנקלאגען אין איין טאג, מען קען זיכער זאגען, אז אין 95% פון די דאזיגע איז גארנישט ניטא. פונדעסטוועגען ווערען אלע גענוי אונטערזוכט, אום

אויסצוקלייבען די קליינע צאל, וועלכע מען דארף פארפאלגען".

די צאל מענשען, וואס מען האט געשטעלט אונטער אן אנקלאגע און פאר'משפט צו לאנגע טערמינען אין טורמע, איז אויך זעהר גרויס. דערגעהן גענוי די גאנצע צאל איז אוממעגליך, ווארים א סך זיינען פאר'משפט געווארען לויט די געזעצען פון פארשידענע סטעיטס. די ארגאניזאציע וואס אגיטירט פאר אן אמניסטיע (דהי אמעריקאן סיוויל ליבערטיס יוניאן) שאצט אפּ די צאל פאר'משפט'ע אויף 1,500 מענשען. פון זיי האבען א סך געקראגען צען און צוואנ־ציג יאר טורמע. א סך פון זיי זיינען אפּגעזעסען חדשים לאנג איי־דער זייערע קעיסעס זיינען פארגעקומען פאר'ן געריכט.

אין דעם חשבון זיינען ניט אריין די טויזענטער, וואס זיינען פאר'משפט געווארען אויף דעם גרונט פון שטאט־געזעצען (ארדינאנ־סעס), פשוט פאר „אומגעזעצליכע" רייד, אפּצוזיצען פון א וואך ביז א יאר צייט.

פארשטעהט זיך, ווילסאנ'ס דיקטאטור איז ניט געווען פראסט א פערזענליכע דיקטאטור, עס איז געווען די דיקטאטור פון דעם קאפּי־טאליסטישען קלאס. איר געשיכטע איז געווען די פּריוויליגע אר־גאניזאציע, וועלכע זיין יוסטיץ־מיניסטער גרעגארי דערמאנט אין זיין רעדע. איר אויפטואכץ איז זעהר גענוי באשריבען געווארען אין א בוך, וואס איז ערשינען נאך פאר צוויי יארען אין שיקאגא*). דער בוך איז ניט געשריבען געווארען פון א קריטיקער. פארקערט, אויף דעם פאדערבלעטעל אונטער דעם טיטעל שטעהט געדרוקט, אז דער בוך איז „אן אנטפלעקונג פון פאטריאטיזם... פון א גרויסער, שטי־לער, פּריוויליגער ארמיי, וואס איז ארגאניזירט געווארען מיט דער הסכמה און נעפירט געווארען אונטער דער לייטונג פון דעם יוסטיץ־דעפּארטמענט פון די פאראייניגטע שטאטען."

די דאזיגע פאטריאטישע ארמיי פון „דאבראוואלצעם" (ווי מען האט דעם מין אמאל גערופען אין צארישען רוסלאנד) איז „דהי אמע־ריקאן פּראטעקטיוו ליג". דער בוך איז די אפיציעלע געשיכטע פון דער ליג. אויבען אן, פאר דעם מחבר'ס הקדמה, איז אפּגעדרוקט א בריף פון דעם יוסטיץ־מיניסטער גרעגארי אליין, אין וועלכען ער

---

*) The Web. By Emerson Hough. The Reilly and Lee Co., Chicago.

דאנקט די ליג פאר די גוטע ארבעט, וואס זי האט געטאן און פאר די הילף, וואס זי האט אים געגעבען.

דער מחבר פון דער געשיכטע, א געוויסער עמערסאן האף, דער־צעהלט אין זיין הקדמה, אז די ארגאניזאציע איז באשטאנען פון מעהר ווי א פערטעל מיליאן פריוווילינע מיטגלידער, וואס זיי־נען געווען פריוואט מענשען. די ארגאניזאציע איז אפיציעל ניט גע־ווען פארבונדען מיט דער רעגירונג, אבער זי איז געווען — בארימט זיך דער מחבר מיט שטאלץ — „די גרעסטע קאמפאניע פון דעטעק־טיווס, וואס די וועלט האט ווען עס איז געזעהן" (ז. 13.) אירע מיט־גלידער האבען געדינט אהן געצאהלט. „זיי זיינען ניט געווען קיין גע־וועהנליכע געדונגענע סישטשיקעס פון דעם געהיימניספולען טיפ פון דעטעקטיווס... פונקט פארקערט, די באאמטע און די טוערס זיינען געווען בכבוד'ע בעלי־בתים... זיי פלעגען איבערלאזען זייערע פריוואַ־טע געשעפטען, אין וועלכע זיי זיינען געווען ערפאלגרייך, צו פאלגען דעם רוף פון דער ליג צו יעדער צייט" (ז. 167).

די דאזיגע ארגאניזאציע פון בכבוד'ע בירגער „האט אויס־געגעבען מיליאנען דאלארס", און זי האט גע־מאכט דריי מיליאן מסירות פאר „דיסלאיאלטי" (ניעבלאגאנאדיאזשנאסט — אויף דעם זשאנדארמסקען לשון). דזשאדזש אנדערסאן פון באסטאן, וועלכער איז אין דער צייט פון דער מלחמה געווען א יונייטעד סטעיטס אטוירני (א פעדעראלער פראקוראר) האט עפענטליך ערקלערט, אז על פי רוב זיינען די דאזיגע מסירות געווען פשוט'ע פליאטקעס. אפשר אין איין פאל פון הונדערט האבען זיי געהאט ערגעץ א גרונט, און דער מחבר פון דעם בוך גיט עס אליין צו. גאר ניט זעלטען האט די ליג געקראגען א חשד אויף א מאן און עס האט זיך דערנאך ארויסגעוויזען, אז דער עסק האט גאר־נישט צו טאן מיט מלחמה אדער פאליטיק, עס האנדעלט זיך פשוט וועגען א נקבה. די ליג האט געהאלטען דעם סוד, אבער אלע אזעלכע מעשות „זיינען פארצייכענט געווארען מיט אן אלפאבעטישען אינ־דעקס, און באהאלטען פאר דער צוקונפט, אויב עס זאל נויטיג זיין, אין די גערראמע ארכיווען פון דעם יוסטיץ־דעפארטמענט" (ז. 171). א גוטער ביישפיל ווי די ליג האט געארבייט איז א מעשה מיט א רייכען מעקסיקאנער, וועלכער איז געקומען קיין שיקאגא צו לעבען א גוטען טאג. די ליג האט געקראגען א באריכט, אז ער איז א מעקסי־

קאנישער רעוואָלוציאָנער און האָט זיך באַלד גענומען צו אים. כמעט אַלע האָטעלען אין שיקאַגאָ זיינען געווען פאַרבונדען מיט דער ליג. זי האָט באַלד אויסגעפונען אין וועלכען האָטעל ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט — און פון יענעם מאָמענט אָן איז ער געווען אין די הענט פון דער אַמעריקאַן פּראָטעקטיוו ליג, הגם ער האָט זיך וועגען דעם קיינמאָל ניט דערוואוסט.

דער טרעגער, וואָס האָט גענומען זיין האַנט־באַגאַזשביים טיר, איז געווען אַ מיטגליד פון דער ליג, דער דינער, וואָס איז געקומען צו אים, ווען ער האָט אַנגעקלונגען, איז געווען אַ מיטגליד פון דער ליג, דער וועיטער ביי זיין טיש איז געווען אַ מיטגליד פון דער ליג. דער קוטשער פון זיין טעקסי־קעב ביינאַכט איז געווען אַ מאַן פון דער ליג. קורץ, די ליג האָט אַוועקגעלעגט דעם מעקסיקאַנער שלאָפען און האָט אים אויפגעוועקט אין דער פריה, זי האָט נאָכגעפאָלגט זיין טעטיגקייט ביי טאָג און האָט געוואוסט, וואָס ער האָט געטאָן די גאַנצע נאַכט" (ז. 172). זיי האָבען קיין זאַך געגען אים ניט געפונען און ער איז בשלום אוועקגעפאָהרען אַהיים קיין מעקסיקאָ. ווי זאָגט דער רוסישער סאַטיריקער שטשעדרין: „אַז מיין נשמה איז ריין, טאָ וואָס אַרט מיר, אַז איך וועל איר געבען איבערלייענען?“

דער יוסטיץ־דעפּאַרטמענט האָט גאַנץ ברייט אויסגענוצט די זאָ־זינגע פּריוויליגיע אַכראַנקע: זי האָט געקראָגען מעהר ווי 400,000 אָרדערס אויסצופאָרשען פאַרדעכטיגע פּערזאָנען.

די ליג איז אָרגאַניזירט געוואָרען נאָך איידער עס האָט זיך אָנ־געהויבען די מלחמה. די איניציאַטיווע האָט גענומען אויף זיך אַ באַאַמטער פון דעם יוסטיץ־דעפּאַרטמענט, הינטאָן קלעיבאַ, דער סו־פּעראינטענדענט פון דער אונטערזוכונגס־ביוראָ אין שיקאַגאָ. דעם 25טען יאַנואַר 1917, דאָס הייסט, מיט אַ וואָך פאַר דעם, ווי דער פּרעזידענט האָט אָפּגעבראָכען די דיפּלאָמאַטישע באַציהונגען מיט דייטשלאַנד, האָט שוין דער אַגענט פון דעם יוסטיץ־דעפּאַרט־מענט באַצייטענס אַרויסגעשיקט אַן אויפרוף צו פּראָמינענטע בירגער מיט דעם צוועק צו אָרגאַניזירען די ליג. עס האָט גענומען אַ גאַנ־צען חודש אויסצואַרבייטען אַ פּלאַן פון דער אָרגאַניזאַציע. דעם 22טען מערץ, 1917, דאָס הייסט צוויי וואָכען איידער דער קאָנגרעס האָט ערקלערט קריג, איז שוין די אָרגאַניזאַציע גוטגעהייסען געוואָרען פון

דעם יוסטיץ־מיניסטער. פארשמעהט זיך, האט דער עולם דערפון גארנישט ניט געוואוסט, עס איז אלץ געטאן געווארן בסוד. לויט דער קאנסטיטוציע האט נאר דער קאנגרעס די מאכט צו ערקלערן קריג, אבער פרעזידענט ווילסאנ'ס מיניסטער האט געמאכט צוגרייטונגען צום קריג נאך איידער דער קאנגרעס האט געהאנדעלט.

אויסהאלטען אזא ארגאניזאציע קאסט געלט. די רעגירונג האט קיין געלט אויף די הוצאות ניט געקענט געבען אהן דער הסכמה פון דעם קאנגרעס. אבער קיין געלט האט ניט געפעלט, — די עדיסאן קאמפאניע פון שיקאגא האט פארזארגט די ליג מיט אן אפיס און א פאטריאטישער בירגער, א געוויסער מר. אינסול האט מנדב געווען די ליג מיט געלט אויף קלוירקס און אנדערע הוצאות. און די ליג האט אנגעהויבען איר מלאכה. עס זיינען געשאפען געווארען אפטיילונגען איבער'ן גאנצען לאנד. אין יעדער ארגאניזאציע האט זי געהאט אירע לייט. זי האט געמאכט 25,000 אונטערזוכונגען פון די איי־דאבעליו־דאבעליו, פון די פאציפיסטישע ארגאניזאציעס, די „ראסע־לייטס" (די תלמידים פון דעם פאציפיסטישען פאסטאר ראסעל) און דערגלייכען. זי האט געמאכט אונטערזוכונגען אין פארבינדונג מיט דער דראפט, זי האט געהאלפען אין די אבלאוועס אויף די סלעקערס. די צאל אזעלכע אונטערזוכונגען, וואס זי האט געמאכט, איז העכער ווי 3,000,000.

„מיר האבען ניט געווארט אויף אפענע האנדלונגען — דער־צעהלט דער מחבר מיט התלהבות — מיר האבען אנגעפילט אונזערע טורמעס איידער די האנדלונגען זיינען באגאנגען געווארען" (ז. 60).

די מלחמה־געזעצען האבען געגעבען דער רעגירונג אן אומבא־שרענקטע מאכט איבער דעם בירגער. באליידיגען „די פארמע פון דער רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאטען, אדער די קאנסטיטוציע", אדער אויסדריקען וועגען זיי א מיינונג, וואס קען ארויסרופען אן „אומ'כבוד" געגען זיי איז ערקלערט געווארען פאר א פארברעכען, וואס קען באשטראפט ווערען מיט צוואנציג יאר טורמע. דעם פאסט־מאסטער־דזשענעראל איז געגעבען געווארען אן אומבאשרענקטע מאכט איבער דער פרעסע און איבער פריוואטע בריף. אבער די אלע געזעצליכע באשרענקונגען זיינען ניט געווען גענוג. עס זיינען נאך פארט געבליבען געוויסע געזעצען, וואס האבען געהאט דעם צוועק צו גאראנטירען די פערזענליכע רעכטע פון דעם אמעריקאנער איינ־

וואוינער. דער אטוירני־דזשענעראַל (דער יוסטיץ־מיניסטער) איז דער שומר פון געזעץ אין די פאראייניגטע שטאטן. אבער פון דער אפיציעלער געשיכטע פון דער אמעריקאן פראטעקטיוו ליג דערוויסן מיר זיך, אז אט דער שומר איז געווען דער יעניגער, וואס האט אין גאנצן מבטל געווען די אלע געזעצן און האט געהאלפן שאפן אן עכטע דיקטאטור פון דעם קאפיטאליסטישן קלאס.

דער אפיציעלער צוועק, צוליעב וועלכן די אמעריקאן פראטעק־טיוו ליג איז ארגאניזירט געווארן, איז געווען צו העלפן אין דער מלחמה־ארבייט. אט וואס דער מחבר פון איר געשיכטע דערצעהלט וועגן דעם:

„א סך פראזן ווערן געשאפן אין דער צייט פון מלחמה מכח דער מלחמה גופא, און די מערסטע פון זיי חזר'ן איבער די שעהנע רייד פון דעם פארצייטיגן רעקרוטירענדיגן אונטעראפיציער, וועל־כער דרש'ענט ס'ארא כבוד עס איז צו שטארבן פאר דעם פאטער־לאנד...

די מעהרסטע פון אונז, וואס זיינען אלט גענוג און האבן גענוג שכל צו שטודירן די מענשליכע נאטור און די וועלט־פאליטיק, ווייסן אז ניט קיין אבסטראקטע טעאריע מכח דעמאקראטיע און מענ־שען־רעכטע, נאר קאמערציעלע קנאה איז געווען דער גרונט פון דער לעצטער מלחמה, אזוי ווי פון די מעהרסטע אנדערע מלחמות. (ז. 141). און עס זיינען געווען א סך יונגעלייט, זאגט ער ווייטער, „וואס האבן קיינמאל ניט געפיהלט קיין שנאה געגען קיין לאנד און האבן ווייניג געוואוסט וועגן די אורזאכען פון דער מלחמה, ווייל די סאלדאטען ווייסען זעהר אפט אין דער אמת'ען גאר ניט פארוואס זיי שלאגען זיך... און עס האט זיך באלד ארויסגעוויזען דער אמת, אז א סך יונגע לייט האבען זיך ניט רעגיסטרירט, האבען ניט אויס־געפילט זייערע פאפירען, האבען דעזערטירט, אדער האבען זיך אויף אנאנדער אופן ארויסגעדרעהט פון דעם דרעפט".

דאס זיינען חלילה ניט געווען נאר די פרעמדע, אדער די קינ־דער פון אימיגראנטען, נאר טאקע די סאמע עכטע אמעריקאנער. „עס איז א מאדנע זאך צו זאגען — דערצעהלט דער מחבר ווייטער — אבער אפשר די גרעסטע צאל דעזערטירען האבען זיך געפונען אין דעם אמעריקאנישסטען און דעם לאיאלסטען טייל פון לאנד — ד. ה. אין די סוית. וואו עס איז כמעט קיין פרעמדע באפעלקערונג ניט גע־

ווען. די איינציגע עכט־ריינע אמעריקאנער באפעלקערונג אין די פאראייניגטע שטאטען איז געווען גראד יענער עלעמענט, וואס האט ס׳ווייזט אויס, ניט געוואלט אונטערשטיצען די מלחמה" (ז. ז. 157—158).

מען האט זיך גענומען מאכען אבלאוועס אין די גרויסע שטעדט אויף די „סלעקערס", וואס האבען זיך ניט געשטעלט צום פריזיוו. אין שיקאגא האט די אבלאווע געדויערט פיער טעג, פון דעם 11טען ביז דעם 14טען יולי 1918. די ליג האט צוגעשטעלט 10,000 מאן פאר דער ארבייט. זיי האבען אפגעשטעלט און אויסגעפרעגט 150,000 פארדעכטיגע פערזאנען. פון דער צאל האבען זיי ארעס־טירט 20,000. „די קאורטס און די טורמעס זיינען געווען איבער־פילט. לעדיגע קראמען זיינען אנגעפילט געווען מיט ארעסטאנטען. מוטערס, ווייבער, כלות, שוועסטער, ברידער און עופ׳אלאך האבען געמאכט פון דעם פעדעראל־בילדינג אן אמת׳ען משוגעים־הויז". (ז. 143). צווישען די 20,000 ארעסטירטע האט מען געפונען נאר 1400 „סלעקערס".

די אנדערע 18,600 זיינען אפגעזעסען נאר אומשולדיגערהייט. נאך דעם אמעריקאנער געזעץ נאך, איז עס א בארברעכען צו ארעס־טירען א מענשען גאר אהן א פארוואס. אבער די ליג האט מיט דער הסכמה פון דעם יוסטיץ־דעפארטמענט באגאנגען אזעלכע פארברע־כענס מאסענווייז.

די גרעסטע אויפטואכץ פון דער ליג איז געווען דער פראצעס פון די איי־דאבעליו־דאבעליו (די אינדוסטריאלניקעס) אין שיקאגא. זי האט פארבראכט גאנצע צוויי יאר און צוגרייטען אים: „זי האט גע־האט מענשען, וואס זיינען נאכגעגאנגען נאך די פארדעכטיגטע פער־זאנען, מענשען, וואס האבען איבערגעכאפט און געלייענט זייערע בריף, מענשען, וואס האבען פארפירט א פריינטשאפט מיט זיי".

„צו דער זעלבער מינוט, צוויי אזייגער נאכמיטאג, נאך צענט־ראלער אייזענבאהן־צייט, דעם 5טען סעפטעמבער, 1917, זיינען גע־מאכט געווארען אביסקעס אין 100 אפיסעס פון די איי־דאבעליו־דא־בעליו", דערציהלט דער שרייבער מיט באגייסטערונג. ניין און נייג־ציג מאן זיינען אנגעקלאגט געווארען און נאך א פראצעס, וואס האט זיך געצויגען פינף חדשים, זיינען זיי פאר׳משפט געווארען צו 807 יאר טורמע.

דער מחבר האט אפגעגעבן א באזונדערן קאפיטעל צו דער „קונסט פון די טוערס" פון דער ליג. איך קען דא נאטירליך איבער־געבן נאר די כאראקטעריסטישסטע פאקטן.

„מ'האלט, אז די קארעספאנדענץ איז הייליג — דער פאסט־מאסטער־דזשענעראל האט געשוואוירן, אז זי וועט שטענדיק זיין הייליג". אבער די אמעריקאן פראטעקטיוו ליג האט אפט „דורך כשוף געפונען די באווייזן, וועלכע זי האט געזוכט. מ'האלט, אז אריינ־דרינגען אין א מענשענס היים אדער געשעפטס־פלאץ אהן א וואַ־ראנט איז רויבעריי. צוגעגעבן. אבער די ליג האט עס געטאן טוי־זענטער מאל און מען האט זי קיינמאל ניט געכאפט. זי איז גאנץ נאאיוו און אפענהארציג אין דעם ענין... עס איז ניט געווען קיין צייט פאר שעהנע פראזען, ווען דאס לאנד איז געווען אנגעפילט מיט פאר־שטעלטע געפעהרליכע שונאים... מ'האלט, אז א מאנ'ס פריוואט־קארעספאנדענץ דארף זיין זיכער אין די אלמערס פון זיין אפיס, איהר מיינט, אז מען האט אייער קארעספאנדענץ קיינמאל ניט געזע־הען? טאקע? אפשר. זי איז אודאי געווען זיכער, אויב איר זייט באקאנט געווען אלס א לאיאלער בירגער, פון עכטען אמעריקאנער בלוט. אבער די ליג האט איבערגעקוקט די פערזענליכע קארעספאנ־דענץ פון טויזענטער מענשען, וואס האבען זיך קיינמאל וועגען דעם ניט דערוואוסט. ווי האט מען דאס געטאן? גאנץ איינפאך, ווי מיר וועלען זעהען... ארום צוועלף אזייגער ביינאכט אדער שפעטער, ווען אלע טענאנטס זיינען שוין אוועק אהיים, געהען מיר, די באאמטע און ארבייטער פון דער ליג, צופעליגערווייזע פארבייגעהענדיג אריין אין דעם קארידאר פון דער בילדינג. גאנץ צופעליג טרעפען מיר דארטען דעם איידזשענט פון דער בילדינג, וועלכער טראגט אויך צופעליג באהאלטענערהייט די בעדזש פון דער אמעריקאן פראטעק־טיוו ליג. איר זאגט צו דעם איידזשענט פון דער בילדינג: „איך וויל דורכקוקען די פאפירען אין דעם רום 1117 אין אייער בילדינג". — „דזשאו", זאגט דער איידזשענט צו דעם דזשעניטאר, „גיב מיר דיינע שליסלען, איך האב פארגעסען מיינע און איך וויל אריינגעהן אין מיין אפיס אויף א ווייל מיט די לייט". מיר געהען זאלבעדריט גאנץ אפען אין דעם אפיס פון דעם טענאנט. זיין טיש ווערט געעפענט, זיין סעיף אויב עס איז נויטיג, אויך — דאס איז אפגעטאן געווארען טויזענטער מאל אין יעדער שטאט אין אמעריקע... איינער נאך דעם

אנדערען ווערען די וויכטיגע פאפירען פון דעם בעל דבר פאטאגראַ־פירט, איין זייטעל נאך דער אנדערער, און דעמאלט לעגט מען אוועק צוריק אקוראט — און דאס מיינט טאקע אקוראט — אויף דעם פלאץ, פון וועלכען יעדעס פאפיר איז גענומען געווארען. די "שופ־לאדען און די טירען ווערען ווידער צוגעשלאסען, אן אביסק איז גע־מאכט געווארען...

"איר מיינט, אז די מעשה איז אן אויסגעטראכטע, אז זי געהט צו ווייט, אז זי איז אוממעגליך? בשום אופן נישט. עס איז אן אמת. עס ווייזט ווי דער יוסטיץ־דעפארטמענט און די אמעריקאן פראטעק־טיוו ליג האבען געארבייט צוזאמען. עס איז א מעשה, וואס האט פאסירט נישט איין מאל, נאר הונדערטער מאל, דאס איז שפיאנאזש, דאס איז שפיאנסקע ארבייט, אמת, און זי איז אנגעפירט געווארען מיט אזא גרייטקייט, וואס דער דורכשניטליכער אמעריקאנער בירגער האט וועגען דעם גאר קיין ידיעה נישט" (ז. ז. 163—166).

די ליג האט זיך אויפגעלייזט דעם 1טען פעברואר, 1919, אבער דער פאקט גופא, וואס אזא אומאפיציעלע ארגאניזאציע האט פאקטיש געהערשט איבער'ן לאנד מיט גוואלד, נישט רעכענענדיג זיך מיט קיין שום געזעצליכע פארמען, שטעהט אין ווידערשפרוך מיט אונזערע גע'ירש'ענטע באגריפען איבער "דער גרעסטער דעמאקראטיע פון דער וועלט". מען מוז איינשטימען מיט דעם לויבגעזאנג אויף דער ליג, אז אירע מעשים זיינען געווען "די גרעסטע און געשווינדסטע לעקציע אין אמעריקאניזם, וואס אונזער לאנד האט ווען עס איז געהאט", דהיינו, "אז דער אומקאמפראמיסליכער אוטאקראט (סאמאדיערזשעץ) איז א געוועהנליכער מענש, וואס טראגט נישט קיין סצעפטער, נאר א קליינע בליאכע". (ז. 145).

די וויכטיגסטע קוועלען, מיט וועלכע דער מחבר האט זיך באנוצט אין ד ע ם בוך:


| | |
|---|---|
| Beard, Charles A. | Economic Origins of Jeffersonian Democracy. |
| Bolles, A. | Financial History of the United States. |
| Bryce, James | The American Commonwealth. |
| Burgess, John W. | The Middle Period. |
| —— | Reconstruction and the Constitution. |
| —— | Political Science and Constitutional Law. |
| Cleveland, Fredrick A. | The Growth of Democracy in the United States. |
| Fisher, Sydney George | The True History of the American Revolution. |
| —— | The Evolution of the Constitution. |
| Fiske, John | Civil Government in the United States. |
| —— | The Critical Period of American History. |
| Giddings, Franklin Henry | Democracy and Empire. |
| Godkin, Edwin L. | Unforeseen Tendencies of Democracy. |
| von Holst, Herrmann | The Constitutional and Political History of the United States. |
| Lecky, William Edward Hartpole | Democracy and Liberty. |
| McMaster, John Bach | History of the People of the United States. |
| Meyer, Ernst Christopher | Nominating Systems. |
| Moses, Bernard | Democracy and Social Growth in America. |
| Myers, Gustavus | The History of Tammany Hall. |
| Ostrogorsky, M. | Democracy and the Organization of Political Parties. |
| Parsons, Frank | The City for the People. |
| Simons, A. M. | The American Farmer. |
| —— | Social Forces in American History. |
| Smith, Goldwin | The United States; An Outline of Political History. |
| Smith, J. Allen | The Spirit of the American Government. |
| Thorpe, Francis Newton | A History of the American People. |
| —— | Constitutional History of the American People. |
| —— | Constitutional History of the United States. |
| —— | The Civil War and the Constitution. |
| Willioughby, Wm. Franklin | Territorries and Dependencies of the United States, Their Government and Administration. |
| Wilson, Woodrow | A History of the American People. |

# אנדערע אידישע ווערק

פון

## דר. י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)

---

## אויסגעוועהלטע שריפטען

אין פיער בענדער.

ערסטער באנד:

**אימיגראציע אין אמעריקע.**

צווייטער באנד:

**אידישע פראגען.**

דריטער און פערטער באנד:

**שטרייט פראגען פון סאציאליזם.**

---

## קארל מארקס: עקאנאמישע שריפטען.

(„דאס קאפיטאל" און „צו דער קריטיק
פון דער פאליטישער עקאנאמיע").

רעדאגירט פון

**דר. יצחק אייזיק הורוויטש**

אין צוויי ביכער.

ארויסגעגעבען פון דער קארל מארקס ליטעראטור-געזעלשאפט.